**א. זאַרעצקי**

# יידישע גראַמאַטיק

ניי=איבערגעאַרבעטע אויסגאַבע

ISBN:0-657-12210-6






ווילנע — 1929

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

א. זאַרעצקי

# ייִדישע גראַמאַטיק

נײַ־איבערגעאַרבעטע אויסגאַבע

ווילנע — 1929

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# הקדמה

גראַמאַטיק איז די לֿערע וועגן פאָרמעס פון שפּראַך (פאָרמעס פון וואָרט, פון ווערטער-באַהעפט, פון פּראַזע). אין אידעאַלֿ דאַרף אַ קורס פון גראַמאַטיק פאָרשטעלן מיט זיך אַ סיסטעמאַטישע רשימה פון אַלֿע (וויכֿטיקסטע) שפּראַכֿלֿעכֿע פאָרמעס. אין גראַמאַטיק איז, אויף אַזאַ אופן, פאַראַן צוויי מאָמענטן: מאַטעריאַלֿ (שפּראַכֿלֿעכֿע פאָרמעס) און סיסטעם, ווייל געגעבענע פאַקטן באַקומען נאָר דאַן אַ ווייסנשאַפטלֿעכֿן ווערט, ווען זיי ווערן אויסגעטייטשט, ווען זיי ווערן גרופּירט לֿויט אַ באַשטימטער סיסטעם.

מאַטעריאַלֿ פאַר דער גראַמאַטיק האָב איך געשעפּט פון דער לֿעבעדיקער און לֿיטעראַרישער שפּראַך. איך האָב אין אַ געוויסער מאָס אויסגענוצט אויך די יידישע גראַמאַטישע לֿיטעראַטור. קיין סיסטעם אָבער, קיין אָנגענומענע, אַנטהאַלט די דאָזיקע לֿיטעראַטור נישט. די סיסטעם האָב איך איבערגענומען דער עיקר ביי די מאָדערנע רוסישע, טיילֿווייז ביי די מערב-אייראָפּעישע, גראַמאַטיסטן. איך שליס זיך אָן צו דער רוסישער פאָרמאַלֿער ריכֿטונג (בולֿאַכֿאָווסקי, דורנאָוואָ, פּעשקאָווסקי א״אַ). פאָרמע איז פאַר מיר אַ צווייזייטיקע דערשיינונג: פאָרמאַלֿער סימן (קלֿאַנג) פּלוס פאָרמאַלֿער באַטייט. איך וואַרף אָפּ דעם קינדיש-לֿינקן פאָרמאַלֿיזם, וואָס זעט איין אין פאָרמע נאָר אַ פאָרמאַלֿן סימן, און באַטייט דערלֿאָזט ער אין בעסטן פאַלֿ אַלֿס אַ „צוגאָב". דער אונטערשייד צווישן דער נייער גראַמאַטיק און דער אַלֿטער באַשטייט נישט אין דעם, אַז מיר זאָלֿן אינגאַנצן אָפּוואַרפן דעם מאָמענט פון באַטייט (דעמאָלֿט וועט בלֿייבן אָנשטאָט גראַמאַטיק — פאָנעטיק, גראַמען-טעאָריע), נאָר אין דעם, אַז מיר זאָלֿן דעם פאָרמאַלֿן באַטייט אָפּגרענעצן פונעם מאַטעריעלֿן באַטייט.

די דאָזיקע נייע גראַמאַטישע סיסטעם האָב איך זיך באמת אויס־צונוצן פאַר יידיש. כ'האָב אָבער געזוכט בשום אופן נישט מקריב זיין די לעבעדיקע שפּראַך־פאַקטן פאַר דער אַפּריאָרישער סכעמע און אין קיין פאַל נישט אַריינשפּאַרן די יידישע שפּראַך אין דער פאָרמאַלער סכעמע, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן פאַר רוסיש (אין קעגנזאַץ צו דער אַלטער גראַמאַטיק, לערנט דאָך דער פאָרמאַליזם גופא, אַז יעדע שפּראַך האָט איר גראַמאַטיק, איר פאָרמאַליזם). מיין סיסטעם איז נישט קיין קאָפּיע פון דער אָדער יענער רוסישער סיסטעם, נאָר אַן איבער־אַרבעטונג, אַ צופּאַסונג פונעם רוסישן פאָרמאַליזם צו די פאַקטן פון דער יידישער שפּראַך.

פאָרמאַלע גראַמאַטיק, אַנדערש געזאָגט — וויסנשאַפטלעכע גראַמאַ־טיק, איז נישט אַזוי גרינג צו באַנעמען. זי איז אין עצם נישט גרינגער פון אַנדערע פאָרמאַלע וויסנשאַפטן (מאַטעמאַטיק). זי ווערט נאָך אָבער פאַרשוועריקט דורך דעם, וואָס דער לייענער איז געוווינט צו אַ פאַל־שער סיסטעם. מיט רעכט זאָגט דער פראַנצויזישער שפּראַכלער בריונאָ (Brunot): „דאָס שווערע איז נישט אָנאייגענען דעם נייעם מעטאָד, נאָר זיך אָפּלערנען פונעם אַלטן". דער זעלביקער וויסנשאַפטלער האַלט, אַז „דער ערשטער כּלל, וואָס די לערערס דאַרפן זיך אָנאייגענען, איז אַכטן די רעאַלע שפּראַך, דעם אמת פון דער שפּראַך". אַנדערש קען מען עס פאָרמולירן אַזוי: מע דאַרף פאַרגעסן, אַז מע האָט אַמאָל געלערנט „גראַמאַטיק" אַלס סיסטעם, און האָבן אין אויג נאָר די שפּראַך אַליין.

ווען כ'וואָלט געבויט אַ שטרענג־וויסנשאַפטלעכן קורס, וואָלט איך איגנאָרירט אינגאַנצן די אַלטע סיסטעם, נישט דערמאָנט זי מיט קיין איין וואָרט, פאַרגעסן אַלע אירע קלאַסיפיקאַציעס און פאָרמולירונגען, איך וואָלט צוגעגאַנגען צו דער שפּראַך ווי אין „ששת ימי בראשית", ווי כ'וואָלט זי אָקאָרשט אויסגעפונען, און — עלעמענט נאָך עלעמענט, דערשיינונג נאָך דערשיינונג, אָן קיין שום אַפּריאָרי, וואָלט איך סיסטעמאַטיזירט דאָס אַלץ, וואָס ס'איז פאַראַן אין דער שפּראַך*). מיין ציל אָבער איז צו שאַפן אַ גראַמאַטיק פאַרן מאַסן־לייענער, האָב איך נישט געהאַלטן פאַר מעג־לעך צו איגנאָרירן דעם פאַקט, אַז דער לייענער קען די אַלטע גראַ־מאַטיק און וועט זיך פון איר נישט אַבסטראַהירן, בעת ער וועט נעמען

---

*) ז. מיין אַרטיקל אין דריטן באַנד פילאָלאָגישע שריפטן פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

לייענען דעם דאָזיקן בוך. דעריבער האָב איך געמוזט געבן אָרט פאַר דער קריטיק פון דער אַלטער סיסטעם.

אין דער טערמינאָלאָגיע טראָג איך אַריין אייניקע נייעסן, פאַרבונדן מיט דער נייער סיסטעם. אויב צ. ב. כ'געפין פאַר נייטיק אויסטיילן די פאָרמע „מענטשנס, זרחס, אַרבעטערס״ פון צווישן די בויגפאַלן און באַטראַכטן זי אַלס אַן אייגנאַרטיקע פאָרמע, בייט איך שוין אויך איר נאָמען „גענעטיוו״ אויף „פּאָסעסיוו״. פאַר יענעם לייענער, וואָס ווייסט נישט פון קיין „גענעטיוו״, וועט דאָס כּלל קיין שווערקייטן נישט שאַפן; פאַר יענעם אָבער, וואָס איז געוווינט, כמעט שוין מעכאַניש, צו „נאָמינאַטיוו—גענעטיוו—דאַטיוו—אַקוזאַטיוו״, איז טאַקע נייטיק דער טערמינאָלאָגישער אומבייט אַלס מיטל צו פאַרפעסטיקן דעם אומבייט פון דער סיסטעם.

פאָרמע איז, ווי כ'האָב געזאָגט, צווייזייטיק: קלאַנג און באַטייט. ס'עקזיסטירט אָבער נישט קיין פולקומע אַנטשפּרעכונג צווישן זיי: דער זעלביקער „קלאַנג״ האָט פאַרשידענע באַטייטן (אימפּעראַטיוו באַטייט אַ פאָדערונג, אַ באַדינג); דער זעלביקער באַטייט ווערט אויסגעדריקט דורך פאַרשידענע „קלאַנגען״ (פאָדערונג ווערט אויסגעדריקט דורך אימפּעראַטיוו, דירעקטן מאָדוס). דעריבער קומט אויס אויסצושטעלן דעם מאַטעריאַל אָדער לויט די פאָרמאַלע סימנים (און רעדן וועגן דעם זעלביקן באַטייט אין פאַרשידענע ערטער), אָדער לויט די פאָרמאַלע באַטייטן (און רעדן וועגן דעם זעלביקן פאָרמאַלן סימן אין פאַרשידענע ערטער), אָדער לסוף—בויען די גראַמאַטיק ווי אַ מין צווייענדיקן לעקסיקאָן: פריער קלאַנג—באַטייט, דערנאָך באַטייט—קלאַנג. טעאָרעטיש איז דער בעסטער וועג—דער דריטער. אָבער כ'האָב נאָך נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אים צו פאַרווירקלעכן. האָב איך דאָ אָנגענומען, ווי ביי די רוסישע פאָרמאַליסטן, דעם ערשטן וועג. בלויז אייניקע פּאַראַגראַפן איז פּראַקטיש באַקוועמער אויסצושטעלן לויטן באַטייט (אַשטייגער, אַלע מערצאָל-סופיקסן גיב איך צוזאַמען).

אין איין פּונקט האָב איך באַוווסטזיניק אָפּגעטרעטן פון דער אָנגענומענער טראַדיציע פונעם פאָרמאַליזם. כ'באַטראַכט פאַרשידענע פּרעפיקסן, סופיקסן אדג״ל נישט אין זייער לעבעדיקער פאָנעטישער געשטאַלט, נאָר אין זייער גראַפישער געשטאַלט (כ'רעד וועגן פּרעפיקס גע—, נישט gi—, וועגן סופיקס—עך אדג״ל). פאַר אַזאַ וויכטיקן שריט מוז איך זיך פאַרענטפערן. אין יידיש איז נישטאָ קיין איינהייטלעכער

ליטעראַרישער אויסשפּראַך. אויב מען זאָל זאָגן, אַז ליטעראַריש רעדן הייסט רעדן לויט דער שריפט, וועט עס הייסן פּשוט „פּראָיעצירן", אַריבערטראָגן די שריפט אין דער פלאַך פון לעבעדיקער רייד, און עס וועט קיין פּרינציפּיעלער אונטערשיד נישט זיין צווישן געשריבענעם פּרעפיקס גע — און גערעדטן גע—. אויב אָבער זיך פאַרנעמען מיט די פאַקטיש גערעדטע דיאַלעקטן, איגנאָרירנדיק סיי די שריפט, סיי דעם דערווייל געוווּנטשענעם, נאָר נישט פאַראַנענעם „ליטעראַרישן אויסשפּראַך", וועט מען דאַרפן אַזוי קאָמפּליצירן דעם קורס פון גראַמאַטיק, אַז ער וועט בשום אופן נישט זיין קיין „פּראַקטישער קורס". היינט ווו נעמט מען דעם גאַנצן נויטיקן דיאַלעקטאָלאָגישן מאַטעריאַל? פון וויסנשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט איז — באַשרייבן די פאָרמעס אין זייער גראַפישער געשטאַלט אָנשטאָט פאָנעטישער הייסט נישט — טון שלעכט די אַרבעט, נאָר בלויז טון אַ האַלבע אַרבעט. ווען ס'וועלן זיין די נויטיקע דיאַלעקטאָלאָגישע אויסזוכונגען, וועט אָט די אָפּגעטוענע האַלבע אַרבעט קענען דערגאַנצט ווערן כּמעט מעכאַניש. (אין די פאַלן, ווו דער אויסלייג גייט זיך פונאַנדער מיט אַלע דיאַלעקטן („זאָגט" אָנשט. zokt) — האָב איך אויפן אונטערשיד פון רייד און שריפט אויפמערקזאַם געמאַכט.)

די גראַמאַטיק איז באַשטימט אין דער ערשטער ריי (אָבער נישט אויסשליסלעך) פאַר לערערס און סטודענטן פון פּעדאַגאָגישע הויכשולן. דערמיט דערקלערט זיך איר מעטאָדישער אָפּנייג.

די גראַמאַטיק פאַרמאָגט אויך אַ געוויסן לינגוואָטעכנישן אָפּנייג (לינגוואָטעכניק—באַוווּסטזיניקע באַאַרבעטונג פון דער שפּראַך).

קיין געשיכטלעכן מאַטעריאַל גיב איך נישט, קיין דיאַלעקטאָלאָגישן גיב איך אויך כּמעט נישט; אין עטלעכע פאַלן מערק איך אָן מיינע פּראָווינציאַליזמען (פּינסק).

טערמינאָלאָגישע אָנווייזן גיב איך נישט קיין סאַך.

באַנעמענדיק גראַמאַטיק אַלס לערע וועגן פאָרמע, קען מען, פאַרשטייט זיך, פאָנעטיק נישט באַטראַכטן אַלס טייל פון גראַמאַטיק. דאָס זעלבע איז אויך בנוגע צו אָרטאָגראַפיע, אויף וויפל ס'האַנדלט זיך וועגן גראַמאַטיק פון דער לעבעדיקער (גערעדטער) שפּראַך. נעמענדיק אָבער אין באַטראַכט, אַז גראַמאַטיק אַפּעלירט אָפטמאָל צו פאָנעטישע באַגריפן און דערשיינונגען, און אַז דער לערער איז געוווּנטשט צו זוכן אין אַ גראַמאַטיק (אפשר באַך קודם כּל) אָרטאָגראַפישע אָנווייזן, — האָב איך אָפּגעגעבן עטלעכע

פאַראַגראַפן פאַר ראשי-פרקים פון פאָנעטיק און פאַר אָרטאָגראַפישע אָנ-ווייזן. (כ'נוץ אויס די געלעגנהייט אָנצווייזן יענע לייענערס, וואָס דער פאָנעטישער און אָרטאָגראַפישער טייל פונעם דאָזיקן בוך וועט פאַר זיי זיין צו ווייניק, אויף רייזענס „גראַמאַטיק פון דער יידישער שפּראַך", וואָס אַנטהאַלט טאַקע בלויז פאָנעטיק און אָרטאָגראַפיע, אָבער אין אַ דעטאַלער באַאַרבעטונג.)

איך אָנערקען פאַר אַ פעלער פון מיין בוך דאָס, וואָס איך האָב נישט געקענט אָנווענדן דעם סטאַטיסטישן מעטאָד (באַשטעטיקן מיט ציפערן די אָפטקייט פון דעם אָדער יענעם גראַמאַטישן טיפּ): ס'האָט מיר קיין צייט נישט געקלעקט. צוליב דער זעלביקער סיבה טראָגן די ביישפּילן אָפטמאָל אַ צופעליקן כאַראַקטער.

איך בין מער מקפיד אויף דער פילצאָליקייט פון דערשיינונגען, איידער אויף זייער אילוסטרירונג דורך מוסטערן. (דערפון איז אָבער כלל נישט געדרונגען, אַז אין הינזיכט פון פילצאָליקייט זאָל די גראַ-מאַטיק זיין אויסשעפּיק, אָדער אַפילו נאָענט דערצו.) כ'האָב געשטרעבט צו געבן דעם לערער אַ סכעמע אויף צו דערלערנען די שפּראַך, קלאַ-סיפיצירן און רובריצירן די שפּראַך-דערשיינונגען. פאַקטן פון דער שפּראַך האָט יעדערער גענוג ביי זיך און אַרום זיך. אויסלערנען דורכ-צוטראַכטן די שפּראַך-פאַקטן, איינשליסן זיי אין אַ סיסטעם — אָט צו וואָס ס'שטרעבט אַ קורס פון גראַמאַטיק.

אַמאָל גיב איך ביישפּילן אָנשטאָט דעפיניציעס, אַמאָל פאַרכאַפּן די ביישפּילן מער, ווי די פאָרמולירונג. דאָס ווערט געטון פון קורצ-קייט וועגן.

שפּראַכלעכן שפּאַס באַטראַכט איך אַלס אינטערעסאַנטן אילוסט-ריר-מאַטעריאַל פאַר אַזאַ „טרוקענער" וויסנשאַפט, ווי גראַמאַטיק.

צוליב עקאָנאָמיע אין אָרט האָב איך אויך נישט געגעבן קיין אַלגעמיינע איבערזיכטן פון דערשיינונגען, וואָס ווערן, צוליב סיסטעם-צוואַנג, באַטראַכט טיילנווייז אין פאַרשידענע ערטער (צ. ב. די דער-שיינונג פון אָפּזונדערונג). דאָ וועט דער לייענער מוזן אָנקומען צום זוכצעטל, וועלכער דאַרף דינען נישט נאָר צוליב ספּראַווקעס, נאָר טאַ-קע פאַר אַ פאַרבייט פון די נייטיקע פולדיקע איבערזיכטן.

די גראַמאַטיק איז געדרוקט אין צוויי שריפטן. די קלענערע שריפט איז באַשטימט פאַר פאַרטיפערטן שטודיום. דאָ בין איך נישט מקפיד אויסצומיידן אַזעלכע טערמינען אָדער דערשיינונגען, וואָס

זענען נאָך נישט דעפינירט געוואָרן.

ביים לייענען בלויז די גרעסערע שריפט וועט זיך קיין שום אומגאַנצקייט נישט פילן. (די טאַבעלעס געהערן צום טייל מיט גרע־סערער שריפט; זיי זענען געדרוקט מיט קליינער שריפט איבער טעכ־נישע פאָדערונגען.)

כּ׳רוף די לייענערס פון דער גראַמאַטיק, בפרט די לערערס און סטודענטן, מיר מיטהעלפן צו זאַמלען גראַמאַטישע מאַטעריאַלן. (די בייטיקע אָנווייזן וועל איך געבן לויט אָנפראַגע.) שפּראַכלעכע, מעטאָ־דישע א״אַ קריטישע אָנווייזן וועל איך אָננעמען מיט דאַנק פון אַלעמען, ווער ס׳אינטערעסירט זיך מיט דעם געביט*).

אין דער אָרטאָגראַפיע פונעם בוך, אַלס אַן אויסערלעכן מאָמענט, האָב איך געלאָזן די דעה דעם פאַרלאַג.

א. זאַרעצקי

מאָסקווע, סענטיאַבער 1928.

*) אַדרעס: מאָסקווע, צענטראַל־פּאָסט, קעסטל 781, א. זאַרעצקי.

## פאַרקירצונגען:

—אַבר. — אַבראַמאָוויטש
—אָפּ. — אָפּאַטאָשו
—בערג. — בערגעלסאָן
—גאָד. — גאָדינער
—גראָדז. — גראָדזענסקי
—דאָבר. — דאָברושין
—האָפּ. — האָפּשטיין
—לייוו. — לייוויק
—נאַד. — נאַדיר
—נס. — נסתּר
—פּר. — פּרץ
—קאַצ. — קאַציזנע
—רייז. — רייזען
—ש״ע — שלום־עליכם

*

בערנשטיין — בערנשטיין, יידישע שפּריכווערטער.
פון רייד — פּראַזע, געהערט אין לעבעדיקע רייד.
פּרגל׳ — פאַרגלייך.

## מיין לאַטיינישע טראַנסקריפּציע:

| | | | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| a | b | c | ć | d | e | f | g | h | i | j | k | l |
| א | בּ | צ | טש | ד | ע | פ | ג | ה | י | י | ק | ל |

| | | | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| m | n | o | p | r | s | ś | t | u | v | x | z | ż |
| מ | נ | אָ | פּ | ר | ס | ש | ט | ו | וו | כ | ז | ש׳ |

# אַלגעמיינער טייל

## 1. קלאַנג און באַטייט

1. אָפט זאָגט מען: רייד באַשטייט פון קלאַנגען. דאָס איז נישט פּינקטלעך. אַבי־וואָסערע קלאַנגען זענען נישט קיין רייד. ס'איז נייטיק, אַז די קלאַנגען זאָלן ביים צוהערער (און נאָך פריער — ביים ריידער) זיך אַסאָציִירן מיט געוויסע פאָרשטעלונגען, אַז זיי זאָלן דינען פאַר סימבאָלן (צייכנס) פון פאָרשטעלונגען. אָט די דאָזיקע פונקציע פון די שפּראַך־קלאַנגען הייסט — באַטייט. רייד באַשטייט אַלזאָ פון קלאַנגען און פון באַטייטן, אָדער פון פאָנעטיק און פון סעמאַנטיק. „פּאַפּיר" איז אַ וואָרט, „פּ־פּאַר" איז נישט קיין וואָרט, ווייל מיט „פּיפּאַר" אַסאָציִירט זיך נישט קיין פאָרשטעלונג (אַחוץ ריין־קלאַנגלעכע פאָרשטעלונגען). „פּאַפּיע" איז אויף פראַנצויזיש אַ וואָרט, אויף יידיש — נישט, ווייל פאַרן ייד (אין שפּראַכלעכן זינען) אַסאָציִירן זיך די דאָזיקע קלאַנגען נישט מיט קיין פאָרשטעלונג.

2. אין דער שריפטשפּראַך קומט אָנשטאָט פאָנעטיק (קלאַנגען־סיסטעם) — גראַפיק (שריפטצייכנס־סיסטעם).

3. אייניקע באַמערקונגען װעגן באַטייט פון װאָרט: 1) אַ װאָרט קען זיך אַסאָציִירן נישט נאָר מיט אַ פאָרשטעלונג, נאָר אויך מיט אַ גאַנצן געדאַנק („זעסט"), 2) אַ װאָרט איז נישט נאָר אַ צ ײ כ ן פון אַ פאָרשטעלונג, נאָר אָפט — אַ פ אַ ר ט ר ע ט ע ר פון אַ פאָרשטעלונג אָדער פון אַ באַגריף (דאָס איז שייך צו אַבסטראַקטע באַגריפן אָדער צו אַזעלכע באַגריפן, װאָס פאָרשטעלן זיך זיי איז שװער: האָפענונג, אַטאָם, מיליאָן װיאָרסט) 3) אינטעריעקציעס (אויסרופװערטער) דריקן אויס אָפטמאָל אַן עמאָציע, אַפעקט, 4) פאַראַן װערטער, װאָס באַצייכענען געװיסע באַציִונגען צװישן עלעמענטן פון געדאַנק (§ 28).

4. די באַציִונג צווישן קלאַנג און באַטייט איז בכלל אַזאַ: פאַרשידענע קלאַנגען־קאָמפּלעקסן האָבן פאַרשידענע באַטייטן, און פאַרשידענע

באַטייטן ווערן אויסגעדריקט דורך פאַרשידענע קלאַנגען-קאָמפּלעקסן („טיש" איז נישט „שטול"). אָבער די דאָזיקע **איינדייטיקע אַנט־שפּרעכונג** צווישן קלאַנג און באַטייט האָט אַסאַך אויסנאַמען:

1) איינע און די זעלביקע קלאַנגען האָבן פאַרשידענע באַטייטן: אַכט (אַכטונג)—אַכט(8), אָנקומען (אין שול).—אָנקומען (צו עמעצן). אַזעל־כע פאַרשידענע ווערטער, וואָס האָבן די זעלביקע קלאַנגען, הייסן **האָמאָנימען.**

אויפן באַנוץ פון האָמאָנימען זענען געגרינדעט אייניקע ווערטער־שפּילן (קאַלאַמבורן), צ. ב. וואָס פאַרקויפט אַ קרעמער אויף קרן? (—אַ בעזים); פאַרוואָס קויפט אַ גלח אַ שטעקן מיט אַ זילבערן הענטל? (—פאַר געלט); בעסער אָנקומען צו „עלינו", איידער צום בעסטן מענטשן. אַזעלכע שפּאַסן זענען פון דער שפּראַכלעכער זייט אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס זיי ווייזן, ווי פעסט זענען ביי אונז די אַסאָציאַציעס פון קלאַנג מיטן באַטייט, אַז ווען מיר נעמען אויף אַ קלאַנגען־קאָמפּלעקס מיט איין באַטייט (צ. ב. אויף קרן—אַן ריווח), איז שוין אונז שווער דענקען דעם זעלביקן קלאַנג־קאָמפּלעקס מיט אַן אַנדער באַטייט (אויף קערן—צום אויסקערן), און דער ענטפער אויף דער שפּאַס־פראַגע, אָדער די פאַרענדיקונג פונם שפּאַס, ראַשט אונז איבער, ווי אַן אומדערוואַרטע, און דאָך אַ נישט אָפּלייקנבאַרע, אַסאָציאַציע.

גראַמאַטישע האָמאָנימען: קומט (קומט, איך בעט אייך)—קומט (קומט ער צו גיין)=האָמאָנימישע פאָרמעס (האָמאָנימישע סופיקסן).

2) פאַרשידענע קלאַנגען האָבן די זעלביקע באַטייטן:

a) זין—בנים. אַזעלכע ווערטער, וואָס האָבן **ענלעכע באַטייטן**, זיך אונטערשיידנדיק אין דער עמאָציאָנאַלער אָפּפאַרבונג אָדער אין אַן אַנדערן פּרט, הייסן **סינאָנימען.**

b) וואַרטן—האַרן, יע—יאָ, דעמאָלט—דענסטמאָל. דאָס זענען ווער־טער פון פאַרשידענע דיאַלעקטן, ס'קומט אָבער פאָר, אַז זיי ווערן באַ־נוצט פון איין און דעם זעלביקן ריידער.

c) פאָרמע—פאָרם=פאָנעטישע „וואַריאַנטן" פון איין וואָרט.

d) פאַרפליכט—פאַרפליכטעט=פאָנעטישע „וואַריאַנטן" פון איין סופיקס.

## 2. גלידערונג פון רייד

5. איינער פון די עלעמענטן פון פאָנעטיק איז די ריטמיש-מעלאָדישע זייט פון רייד („אינטאָנאַציע"). אַהער געהערט די העכע-רונג און זינקונג פון קול. די פאַרשטאַרקונג און אָפּשוואַכונג, די פאַר-גיכערונג און פאַרלאַנגזאַמערונג, די פויזעס.

6. מע שיידט-אונטער אינטאָנאַציע פון פונקט, פון קאָמע, פון פראַגע אאַז"וו (לויט די אַנטשפּרעכיקע אָפּשטעל-צייכנס). דערביי דאַרף מען אָבער געדענקען, אַז ווי די שריפט בכלל, אַזוי איז אויך די פונק-טואַציע (באַנוץ פון אָפּשטעל-צייכנס) נישט פאָנעטיש, ד. ה. אַנטשפּרעכט נישט איינדייטיק דער אינטאָנאַציע.

7. די אינטאָנאַציעס פון פונקט, פראַגע אאַז"וו זענען יעדערן באַקאַנט, אָבער שווער צו באַשרייבן. דעריבער האַלט איך פאַר מעג-לעך גלייך צו באַזירן זיך אויף זיי, כדי איינצופירן דעם באַגריף פון ריידגלידערונג. אַ שטיק רייד, פון אַ פונקט-פויזע (אָדער פון אַן אָנ-הויב רייד) ביז דער נעענטסטער פונקט-פויזע (אָדער ביז אַ סוף רייד) הייסט פראַזע. אַ פרעג-פויזע, אַן אויסרוף-פויזע (און אין געוויסע פאַלן אַ פילפונקט-פויזע) שפּילן, בנוגע דער גלידערונג, די ראָליע פון אַ פונקט-פויזע. ביישפּיל:

ס'איז האַלבער טאָג. ס'איז מיד דאָס אויג פון שיין. דער מוח—אָנגעזעט מיט פינקלען (האָפּ.). דאָ איז 3 פראַזעס. אַז מירן עס לייענען אַזוי: ס'איז האַלבער טאָג, ס'איז מיד דאָס אויג פון שיין, דער מוח אָנגעזעט מיט פינקלען,—וועט עס זיין איין פראַזע. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס וועט הייסן—לייענען נישט אַזוי, ווי דער אַווטאָר האָט געמיינט.

8. אַ פראַזע טיילט זיך (דאָס רוב) ווייטער אויף טיילן. איינע פון די סטאַדיעס פון גלידערונג פון אַ פראַזע איז דאָס, וואָס מע רופט וואָרט. דעם טערמין וואָרט באַנוצט מען, כאָטש ס'איז נישטאָ קיין גוטע באַשטימונג פונעם דאָזיקן באַגריף.

מע קען נישט זאָגן, אַז וואָרט איז אַזאַ טייל רייד, וואָס האָט אַ באַזונדער באַטייט: ערשטנס, זענען פאַראַן ווערטער (אויף, און), ביי וועל-כע מע קען נישט פעסטשטעלן קיין „באַזונדערקייט" פון באַטייט, צווייטנס, קען מען איינזען אין איין וואָרט מערערע באַטייטן: אין „טישל" באַטייט טיש אַ נעווים מעבלשטיק און ל—קלענערקייט פון דער נאָרמע. מע קען נישט זאָגן, אַז וואָרט איז אַזאַ טייל רייד, וואָס ווערט אַרויסגערעדט

באזונדער; מיר ריידן, אדרבא, צו עטלעכע חערטער נאָכאנאנד (סיזהאלבער טאָג, סיזמיד דאָסויג...). מע קען נישט זאָגן, אַז חאָרט איז אזא טייל רייד, חאָס מע קען ארויסריידן באַזונדער: די חערטער אויף, און — קומען באַזונדער נישט פאָר, און די טיילן פון חאָרט ערדארבעט קומען דווקא פאָר באַזונדער אויך. מע קען נישט גרינדן די דעפיניציע פון „חאָרט" אויף דער שריפט (חאָרט — וואָס מע שרייבט אָפּגעטיילט פון ארומיקן טעקסט): ערשטנס, איז די שריפט א צו קאָנחענציאָנעלע (אָפּגערעדטע) זאך, זי קען געענדערט חערן דורך א דעקרעט אָדער דורך אן אָפּמאך, בעת די שפראך איז פיל „נאטירלעכער" (געפינט זיך חייניקער אין מענטשנס רשות), צווייטנס, באזירט זיך בכלל (אחוץ אויסנאמען) די שפראך נישט אויף דער שריפט (נאָר פארקערט).

פון אלערליי דעפיניציעס פון וואָרט האלט איך פאר א מער פאסיקער אזא באשטימונג:

וואָרט איז אַ טייל רייד, וואָס לאָזט זיך אָפּרייסן פון די אַרומיקע טיילן און לאָזט זיך נישט צעררייסן. (אויב עס לאָזט זיך צעררייסן — איז עס מער ווי אַ וואָרט, אויב עס לאָזט זיך נישט אָפּרייסן — איז עס ווייניקער ווי אַ וואָרט. צעררייסן מיינט מען — איבערשטעלן די טיילן אָדער אַריינשטעלן צווישן זיי אַנדערע ווערטער.)

ביישפּיל: פונבריסקערבונביאַלערבינהאָטיראַוודאיגעהערט.

„פון" לאָזט זיך אָפּרייסן פון „בריסקערב" (צ. ב. פון דעם בריסקער...), פו—ן אָדער פ—ון לאָזט זיך נישט צעררייסן, הייסט עס, „פון" איז אַ וואָרט.

„בריסקער" לאָזט זיך אָפּרייסן (צ. ב. פון בריסקער גרויסן רב), בריס—קער, בריסק—ער אאַז"וו לאָזט זיך נישט צעררייסן, איז „בריסקער" אַ וואָרט. (אמת, מע קען בויען אַ פראַזע: „פון בריסק איז ער געקומען", אָבער דער „ער" וואָס דאָ, איז גאָר אַן אַנדער זאַך, ווי דער „ער" אין דער פראַזע „פון בריסקער רב...")

„רב" לאָזט זיך אָפּרייסן (צ. ב. פון בריסקער גרויסן רב, וועלכער...) און—לאָזט זיך נישט צעררייסן, איז עס אַ וואָרט.

און אַזוי ווייטער.

אַ שוועריקייט קען פאָרקומען ביי „האָטיר": צווישן האָט און איר קען מען, ווייזט אויס, קיין אַנדערע ווערטער נישט אַריינשטעלן. מע קען זיי אָבער איבערשטעלן: איר האָט געהערט, אַלזאָ, איז „האָט איר" — צוויי ווערטער.

9. נאָך ביישפּילן: „יונגער מאַן" — צוויי ווערטער (אַ מאַן, וואָס

איז יונג), „יונגערמאַן"—איין וואָרט; „גוטער פריינט"—צוויי ווערטער (אַ פריינט, וואָס איז גוט), „גוטער-פריינט"—איין וואָרט (אומאָפּהענגיק פוּנעם אָנגענומענעם אויסלייג).

לויט דעם קריטעריּ פון וואָרט איז דריי הונדערט פערציק אַכט-איין וואָרט. מנחם-מענדל—איין וואָרט. דאָס הייסט נישט, אַז מע דאַרף עס נעמען שרייבן אַנדערש, ווי מע שרייבט ביז אַהער: פּונקט ווי גראַמאַטיק פרעגט זיך נישט אָן ביי אָרטאָגראַפיע, וואָס זאָל זי האַלטן פאַר איין וואָרט און וואָס נישט, אַזוי פרעגט זיך אָרטאָגראַפיע נישט שטענדיק אָן ביי גראַמאַטיק, וואָס זאָל זי שרייבן צוזאַמען און וואָס באַזונדער. מע האָט געקענט איינפירן טערמינען: גראַמאַטישער וואָרט, אָרטאָגראַפישער וואָרט, נאָר מיר שיינט עס איבעריק.

10. ווערטער טיילן מיר אויף באַטייטיקע און באַהילפיקע.

די ערשטע האָבן אַ „ממשותדיקן" באַטייט (אַסאָציִירן זיך מיט אַ פאָרשטעלונג אָדער באַגריף, אָדער זיי פאַרטרעטן אַ פאָרשטעלונג, אַ באַגריף), די צווייטע באַצייכענען נאָר אַ באַציונג (צווישן צוויי עלעמענטן פון געדאַנק אָדער צווישן דעם רעדער מיטן געדאַנק). ביישפּ.: געקומען איז אַ טאָג מיט פייערדיקן בליק און אַלעמען זיי אָפּגעלאָזט די לייצן (האָפּ.). באַהילפיק זענען דאָ: איז (באַציונג צווישן דעם אָנקומען פונעם טאָג און דעם מאָמענט פון רייד), אַ (באַציונג צווישן דעם טאָג און דעם צוהערער—דער טאָג איז דעם צוהערער אומבאַקאַנט), מיט (באַציונג צווישן דעם טאָג און דעם בליק), און (באַציונג צווישן דעם קומען און דעם אָפּלאָזן), די (באַציונג צווישן די לייצן און דעם צוהערער—די לייצן ווערן פאָרגעשטעלט אַלס עפּעס פון זיך אַליין פאַרשטענדיקס פאַרן צוהערער).

ס'זענען שייך ספקות ביי דער איינטיילונג פון ווערטער — דאָס שטערט אָבער נישט פרינציפּיעל די קלאַסיפיקאַציע.

מע דאַרף נישט פאַרגעסן וועגן האָמאָנימען: אין „איך האָב געבומען" איז „האָב" באַהילפיק, אין „איך האָב געלט"—באַטייטיק. דאָס זענען צוויי האָמאָנימישע ווערטער, פּונקט ווי אַכט (אַכטונג) און אַכט (אַ צאָל).

11. ביישפּילן פון באַטייטיקע ווערטער: אונטן, אַזאַ, איין, אים, איצט, גיין, גייסט, דאַרף, מוז, מע, מען, מענטש, מענטשן, ער, קוים, שוין.

ביישפּילן פון באַהילפיקע ווערטער: אַ, אונטער, איז, אַן, אויפן, (אויפן טיש), וועט, זשע, מיט, נישט.

ביישפּילן פון באַטייטיקע—באַהילפיקע האָמאָנימען: די (די וועלט זאָגט—באַהילפיק, די וועלט איז אויך אַ וועלט — באַטייטיק), האָב (ז. אויבן), זיך (עס טרעפט זיך—באַהילפיק, ער רעדט צו זיך אַליין — באַטייטיק).

12. וואָרט איז נאָך נישט די לעצטע סטאַדיע אין רייד-גלידע-רונג. אָפט באַשטייט אַ וואָרט אויך פון טיילן. דאָ רעדן מיר נישט פון יענע טיילן, וואָס הייסן טראַף און קלאַנג: „שרייבער" אַלס וואָרט (וואָרט איז אַן עלעמענט פון שפּראַך, און שפּראַך האָט דאָך אי אַ פאָ-נעטישע אי אַ סעמאַנטישע זייט) באַשטייט נישט פון שריי + בער, וואָ-רים אַ שרייבער איז נישט קיין בער, וואָס שרייט. טישל אַלס וואָרט באַשטייט נישט פון טי + של, וואָרים נישט „טי", נישט „של" באַטייטן נישט קיין עלעמענטן פונעם באַגריף „טישל". שרייבער באַשטייט שפּראַכ-לעך, ד. ה. פאָנעטיש-סעמאַנטיש, פון שרייב + ער („שרייב" באַטייט אַ געוויסע האַנדלונג, „ער" באַטייט אַ פּראָפעסיאָנאַל אָדער קענער פון אַן אַרבעט: זינגער—דער וואָס זינגט, לערער—דער וואָס לערנט, שווימער—דער וואָס שווימט); טישל באַשטייט פון טיש + ל (טיש — אַ געוויס מעבלשטיק, ל—קלענערקייט פון דער נאָרמאַלער גרייס).

די טיילונג פון שרייבער אויף שריי-בער, און ווייטער אויף ש-ר-א-j-ב-ע-ר איז אַ ריין פאָנעטישע טיילונג, אָן סעמאַנטישע מאָמענטן, און איז דעריבער נישט קאָרעלאַטיוו מיט דער טיילונג פון דער פראַזע אויף ווער-טער, ד. ה. אויב מע זאָגט: אַ פראַזע באַשטייט פון ווערטער, און אַ וואָרט פון טראַפן, גייט מען נישט מיט אַ גלייכער, נאָר מיט אַ געבראָ-כענער ליניע.

13. ווען מיר טיילן שרייבער אויף שרייב—ער, הייסט עס, מיר טיילן דאָס וואָרט אויף פאָנעטיש-סעמאַנטישע עלעמענטן, ד. ה. אויף טיילן, וואָס די סומע פון זייערע קלאַנגען בילדעט די קלאַנגען פונעם וואָרט, און די סומע פון זייערע באַטייטן בילדעט דעם באַטייט פון וואָרט, דערביי זענען עס אַזעלכע טיילן, וואָס לאָזן זיך שוין ווייטער נישט טיילן (עלעמענטן).

פאָנעטיש-סעמאַנטישע עלעמענטן פון וואָרט הייסן מאָרפעמעס.

14. פונוואַנען ווייסן מיר, אַז שרייבער באַשטייט דווקא פון די מאָרפעמעס שרייב—ער און טישל פון טיש—ל? טיילווייז פירט אונדז אַרויף אויף דעם געדאַנק שוין דאָס, וואָס פאַראַן אַ וואָרט שרייב (אָן „ער") און אַ וואָרט טיש (אָן „ל"). אָבער דער פאַרגלייך פון שרייבער

און שרייב איז נאָך ווייניק. פאַקטיש קומט פאָר ביי אונז (אומבאַוווסט-זיניק, אין דער צייט, ווען מיר לערנען זיך, קינדווייז, רעדן) אַ פאַר-גלייך פון אַ גאַנצער ריי ווערטער, און—דאָס רוב—אין צוויי ריכטונגען, דהיינו:

שרייבער שרייבן שרייבסט שרייבעריי...
גייער גיין גייסט גייעריי...
שניידער שניידן שניידסט שניידעריי...

— — — — — — — — — —

אָדער: טישל טיש טישן...
מענטשל מענטש מענטשן...
פאַפירל פאַפיר פאַפירן...

— — — — — — — — — —

דאָ ווייזט זיך אַרויס, אַז אַלע ווערטער, וואָס שטייען אין דער טאַבעלע אין איין (האָריזאָנטאַלער) שורה, האָבן עפּעס שותּפותדיקס אין באַטייט (אין דער ערשטער שורה האַנדלט זיך אַלץ וועגן שרייבן, אין דער צווייטער שורה וועגן גיין אאז״וו), און איינצייטיק — עפּעס שותּפותדיקס אין די קלאַנגען (אין דער ערשטער שורה אומעדום שרייב*), אין דער צווייטער—אומעדום גיי, אאז״וו). און אַלע ווערטער, וואָס שטייען אין איין (ווערטיקאַלן) זייַלכל, האָבן אויך עפּעס שותּפותדיקס אין באַ-טייט (אין ערשטן זייַלכל—אומעדום אַ מענטש, וואָס פאַרנעמט זיך מיט געוויסער אַרבעט, אין צווייטן—אומעדום אַ נאָמען פון אַן אַרבעט, אין דריטן—אַן אַרבעט, וואָס ס'טוט יענער, צו וועלכן ס'איז געווענדט די רייד, אאז״וו), און עפּעס שותּפותדיקס אין די קלאַנגען (אין ערשטן זייַלכל—אומעדום—ער, אין צווייטן אומעדום—ן**) אאז״וו). דאָס פּירט דערצו, אַז מיר אַסאָציִירן דעם באַגריף פון שרייבן מיט די קלאַנגען שרייב און דעם באַגריף פון פּראָפעסיאָנאַל—מיט די קלאַנגען—ער. אַזוי-אַרום געפינען מיר, אַז דאָס וואָרט שרייבער האָט אייגנטלעך אַ צוו-ויפגעזעצטן באַטייט: עמעצער וואָס שרייבט. דער באַטייט פון שריי-בונג גופא, ד. ה. דער שותּפותדיקער באַטייט פון שרייבער, שרייבן, שרייבסט... הייסט מאַטעריעלער באַטייט פונעם וואָרט, און דער

*) אין שרייבסט הערט זיך „שרייפּ״ (914), אָבער מיר לייגן קיין אַכט נישט דערויף — די סעמאַנטישע אַנאַלאָגיע ווייזט זיך אַרויס שטאַרקער, ווי די פאָנעטישע נישט-ענלעכקייט.

**) אין „שרייבן״ הערט זיך ס׳ (914). פרגל׳ די פריערדיקע אָנמערקונג.

באַטייט „עמעצער וואָס טוט", ד.ה. דער שותפותדיקער באַטייט פון שרײַבער, גייער, שניידער... — פאָרמאַלער באַטייט.

15. די צעלייגונג פון אַ וואָרט אויף מאָרפעמעס מיט דער הילף פון אַנאַלאָגיע-רייען קען פאָרקומען בהדרגה (אויב דאָס וואָרט באַשטייט מער ווי פון צוויי מאָרפעמעס). צ.ב. דאָס וואָרט שניידערקעס פאַרגלייכן מיר פריער אַזוי:

שניידערקעס — שניידערקע
שוסטערקעס — שוסטערקע
לערערינס — לערערין
מאַשינעס — מאַשינע

— — — — — — — — — — —

און געפינען אויס, אַז שניידערקעס = שניידערקע + ס; „שניידערקע" גיט דעם מאַטעריעלן באַטייט, און „ס"—דעם פאָרמאַלן (מערצאָליקייט). ווייטער ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז „שניידערקע" גופא ווערט פאַרגליכן אַזוי:

שניידערקע — שניידער
שוסטערקע — שוסטער
סאָלדאַטקע — סאָלדאַט

— — — — — — — — — —

און מיר באַקומען שניידערקע = שניידער + קע. דעם מאַטעריעלן באַטייט גיט שוין דאָ „שניידער" און „—קע" גיט אַ צווייטן פאָרמאַלן באַטייט (ווייבלעכקייט). לסוף באַקומען מיר שניידער = שנייד + ער.

16. ווען מיר צעלייגן אַ וואָרט נישט ביז די עלעמענטן, צ.ב. שניידערקעס = שניידערקע + ס, רופן מיר דעם מאַטעריעלן טייל — טעמע. איין וואָרט קען אַלזאָ האָבן אין זיך מערערע טעמעס, איינע אין דער אַנדערער: אין שניידערקעס איז דאָ אַ טעמע שניידערקע, און ווייטער — שניידער, און ווייטער — שנייד. די קלענסטע (נישט צעלייגבאַרע) טעמע הייסט וואָרצל.

מע טאָר נישט פּלאָנטערן דעם טערמין „וואָרצל" פון סטאַטישער גראַמאַטיק מיטן טערמין „וואָרצל" פון היסטאָרישער גראַמאַטיק.

17. די וואָרטטיילן, וואָס טראָגן דעם פאָרמאַלן באַטייט, הייסן אַפיקסן. אַן אַפיקס, וואָס שטייט פאַרן וואָרצל, הייסט פּרעפיקס, נאָכן וואָרצל — סופיקס.

קײן אונטערשיד צװישן „סופיקס“ און „פלעקסיע“ מאַך איך נישט. „ענדונג“ קומט-אױס אמאָל צו באַנוצן אַלס א פאָנעטישן באַגריף.

פאַראַן װערטער אָן װאָרצלען (פּוּן, אױף), ד.ה. אָן מאַטעריעלע באַטײטן—באַהילפיקע װערטער.

## 3. פאָרמע פון װאָרט

18. מיר האָבן געזען, אַז אַ װאָרט קען אָפּטמאָל האָבן אַ מאַטעריעלן און פאָרמאַלן באַטײט. דעם מאַטעריעלן באַטײט נעמען מיר אױף אַלס דעם הױפּט-באַטײט פון װאָרט, און דעם פאָרמאַלן אַלס אַן ענדערונג אָדער ניואַנסירונג פונעם מאַטעריעלן באַטײט.

דער באַגריף מאַטעריעל—פאָרמאַל איז רעלאַטיװ. אײן באַטײט קען זײן מער אָדער װײניקער פאָרמאַל װי אַ צװײטער. דהײנו, אין „פלעגסט גײן“ איז דער באַטײט, װאָס איז אױסגעדריקט אין די קלאַנגען גײ — אַ מאַטעריעלער, דער באַטײט פון פלעג + ן — פאָרמאַל, דער באַטײט פון סט—נאָך פאָרמאַלער. דער באַטײט פון „בין“ איז פאָרמאַל אין „איך בין אַן אַרבעטער“ און נאָך פאָרמאַלער—אין „איך בין געקומען“. קײן ד ע פ י נ י צ י ע פון פאָרמאַלן און מאַטעריעלן באַטײט פאַרמאָג איך נאָך נ י ש ט.

19. אַחוץ אַפיקסן, זענען פאַראַן נאָך מיטלען אױסצודריקן פאָרמאַלע באַטײטן: אינװײניקסטע בײגונג (923) (אַזױ הײסט די אַנטשפּרעכונג פון פאַרשידענע קלאַנגען אין אײן און דעם זעלביקן װאָרצל אין פאַרשידענע װערטער: זינגען—געזונגען, ברודער—ברידער, זיצן—געזעסן, לאַנג—לענג אאַז״װ *) און איבעראַקצענטירונג (אַזױ הײסט דער איבערטראָג פון אַקצענט פון אײן טראַף אױף אַ צװײטן אין פאַרשידענע װערטער מיט אײן װאָרצל: סטאָליער—סטאָליערעס, שבת—שבתים, נאַר—נאַראָנים). אינװײניקסטע בײגונג און איבעראַקצענטירונג זענען נישט קײן מאָרפעמעס, אָבער טרעגערס פון פאָרמאַלע באַטײטן זענען זײ, דעריבער הײסן זײ (װי אױך אַפיקסן)—פאָרמאַלע סימנים.

20. אָנשטאָט „אַ װאָרט האָט אַ פאָרמאַלן סימן“ זאָגט מען אָפט „אַ װאָרט האָט אַ פאָרמע“. דערבײ גיט מען דער פאָרמע אַ נאָמען לױטן

*) דעריבער איז פאַלש די באַהױפּטונג פון דער אַלטער גראַמאַטיק, אַז װאָרצל איז דער אומפאַרענדערלעכער טײל פון װאָרט

באַטייט פונעם פאָרמאַלן סימן, צ. ב. „טישן“ האָט אַ פאָרמע פון מער־צאָל (ד.ה. אַנטהאַלט אין זיך אַן אַפיקס, וועלכער דינט דערצו, אַז „טישן“ זאָל באַטייטן אַ מערצאָל), „גייסט“ האָט אַ פאָרמע פון אַ צווייטער פערזאָן (ד.ה. אַנטהאַלט אַן אַפיקס, וואָס אַדאַנק אים באַטייט דאָס וואָרט „גייסט“ נישט נאָר, אַז ס'האַנדלט זיך וועגן אַ גאַנג, נאָר אויך, אַז דער גאַנג ווערט אויסגעפירט פון דעם, צו וועמען די רייד איז געווענדט); „שניידערקעס“ האָט דריי פאָרמעס — פאָרמע פון מער־צאָל (סופיקס—ס), פאָרמע פון „ווייבלעכן מין פון סובסטאַנטיוו“ (—קע), אַ פאָרמע פון פראָפעסיאָנאַל־נאָמען (—ער); „ברידער“ האָט אַ פאָרמע פון מערצאָל, געשאַפן דורך אינווייניקסטער בייגונג, פרגל׳ ברודער *), „שבתים“ האָט איין פאָרמע (פון מערצאָל), געשאַפן דורך דריי סימנים: סופיקס (—ים), אינווייניקסטע בייגונג (פרגל׳ שבת), איבעראַקצענטירונג.

21. פאַראַן אַ פאַל, ווען ס'איז נישטאָ קיין פאָרמאַלער סימן, אָבער פאַראַן אַ פאָרמע (נול־פאָרמע. 47).

22. ווען מיר באַטראַכטן די פראַזע: ביי דעם שטעטל שטייט אַ שטיבל מיט אַ גרינעם דאַך, באַמערקן מיר: די פאָרמע פון „שטייט“ איז אָפּהענגיק פון דעם וואָרט „שטיבל“— ווען ס'זאָל זיין „שטיבלעך“, וואָלט מען געמוזט זאָגן „שטייען“; די פאָרמע פון „גרינעם“ איז אָפּהענגיק פון „דאַך“—ווען ס'זאָל זיין „טיר“, וואָלט מען געמוזט זאָגן „גרינער“. די פאָרמעס פון „שטעטל“, „שטיבל“ זענען נישט אָפּהענגיק פון קיין אַנדערע ווערטער אין דער פראַזע. „שטייט“ און „שטייען“ באַטייטן איינס און דאָס זעלבע, נאָר אין אָפּהאַנג פון אַ צווייט וואָרט דאַרף קומען אַמאָל „שטייט“, אַמאָל „שטייען“, דאָס זעלבע „גרינעם“ און „גרינער“. אָבער „שטאָט“ און „שטעטל“ זענען גאָר צוויי פאַרשיידענע זאַכן, אַזוי אויך „שטוב“ און „שטיבל“. דעריבער טיילט מען די פאָרמעס פון ווערטער אויף צוויי סאָרטן: סינטאַקסישע (שטייט, גרינעם) און נישט־סינטאַקסישע (שטעטל, שטיבל).

23. נישט־סינטאַקסישע פאָרמעס, אָדער, ווי מען רופט זיי אָפט, פאָרמעס פון וואָרטבילדונג, שפּילן אין אונזער שפּראַך אַן אומגעהייערע ראָליע. זיי גיבן די מעגלעכקייט מיט ווייניק שפּראַכלעכע מיטלען,

*) אין יענעם דיאַלעקט, ווו „ברודער“ און „ברידער“ קלינגען אַלצאיינס, האָט „ברידער“ נישט קיין פאָרמאַלן סימן פון מערצאָל, פונקט ווי אין דער ליטעראַרישער שפּראַך „עפּל, שטיוול“ א״א (יעדער דיאַלעקט האָט זיין גראַמאַטיק).

קאָמבינירנדיק דעם זעלביקן וואָרצל מיט פאַרשידענע אפיקסן א״א פאָרמאַלע סימנים, אויסצודריקן אַסאַך פאַרשידענע באַגריפן, אַשטייגער: געבן, געגעבן, פאַרגעבן, גאָב, געבער, געבנדיק, אאז״וו.

24. וואָרטבילדונג קומט פאָר אויף פאַרשידענע אופנים. קודם־כל שיידן מיר אונטער אַ וואָרט מיט איין וואָרצל (טיש, שרייבן, אַרבעטן) און מיט מערערע וואָרצלען (שרייבטיש, מעטאַל־אַרבעטער), אָדער איינפאַכע ווערטער און צונויפזאַצן. אַן איינפאַך וואָרט קאָן באַשטיין נאָר פון אַ וואָרצל (טיש, טראָט, לאַנג, לענג) אָדער פון אַ וואָרצל מיט אַפיקסן (טישל, טישן).

25. ווי ביי גאַנצע ווערטער, אַזוי איז אויך ביי פאָרמעס קיין איינדייטיקע אַנטשפּרעכונג צווישן קלאַנג און באַטייט נישטאָ, ד.ה. נישטאָ, אַז יעדער פאָרמאַלער סימן זאָל האָבן נאָר איין באַטייט און יעדער פאָרמאַלער באַטייט זאָל אויסגעדריקט ווערן נאָר דורך איין סימן. אָט האָבן מיר: טיש—טישן, פעלד—פעלדער, בגד—בגדים, ביכל—ביכלעך אאז״וו — פאַרשידענע אַפיקסן פאַר איין באַטייט „מערצאָל“. און ווידער האָבן מיר: קאָמוניסט—אַן אָנהענגער פון קאָמוניזם, מאַשיניסט—אַ באַשעפטיקטער ביי אַ מאַשין, צעקיסט—אַ מיטגליד פון צעקאַ— איין אַפיקס (יסט) מיט פאַרשידענע באַטייטן; טיפסטער—העכסטע גראַד טיפקייט, צוואָנציקסטער — נומער צוואָנציק — איין אַפיקס (סט) מיט פאַרשידענע באַטייטן. נאָך מער: אין איין וואָרט האָט אָפטמאָל איין אַפיקס פאַרשידענע באַטייטן, קומען אַרויס האָמאָנימען: „יידישיסט“ באַטייט אין די יידישע פאָליטישע קרייזן אַן אָנהענגער פון יידיש, אין שפּראַכוויסנשאַפטלעכע קרייזן — אַ שטודירער אָדער אַ קענער פון יידיש; מענטשלעך איז אַן אַדווערב און אַ מערצאָל פון אַ פאַרקלענער־סובסטאַנטיוו.

26. די שפּראַך האַלט זיך אין איין ענדערן. „אוירינגל“ איז געווען אַמאָל אַ צונויפזאַץ (אויער־רינגל), היינט איז עס אַן איינפאַך וואָרט; „גיפט“ איז געווען אַמאָל אַ סופיקסירט וואָרט (גיפ+ט, גיפ=גיב, גיפט — דאָס וואָס מע גיט־איין, ד. ה. אַ רפואה), היינט איז עס אַ וואָרצלדיקער וואָרט; אין „פיזיאָלאָגיע, געאָלאָגיע“ אאז״וו איז שוין — לאָגיע כמעט אַ סופיקס (לכתחילה איז עס געווען אַ וואָרצל), אאז״וו

ביי אַזאַ דינאַמישקייט פון דער שפּראַך מוז מען שטענדיק שטרענג אונטערשיידן, צי ווערט די שפּראַך באַטראַכט פון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט אָדער אין איר היינטיקן צושטאַנד. אין דער היינטיקער שפּראַך איז

אוירינגל ניטט קיין צוגויפזאַץ, גיפט נישט קיין פאָרמעדיק וואָרט.

27. שטענדיק בלייבט אָבער אָרט פאַר ספקות, פאַר סוביעקטי־וויזם. דער שפראַך־חוש ווענדט זיך אָפט אָן דעם סכום און אָן דער לעבעדיקייט פון די שפראַכלעכע אַסאָציאַציעס, וואָס דער אָדער יענער שפראַך־אויפנעמער פאַרמאָגט. אויב אין איין קלאַס וועט אַ שילער דווקא וועלן דערנענטערן „שריפט" און „שרייב" (די נאָענטקייט אין קלאַנג און אין באַטייט וועט פאַר אים אַרויסטרעטן צו שאַרף, ער זאָל זיי קענען איגנאָרירן) און אַ צווייטער וועט זיי נישט דערנענטערן, — זענען זיי ביי־דע גערעכט. יעדערער באַשרייבט זיין שפראַך־אויפנעמונג, און יעדערער איז פאַר זיך גערעכט. (אָביעקטיוו איז גערעכט דער ערשטער, אָבער פאָרסירן די גראַמאַטישע אַסאָציאַציעס דאַרף מען מיט פאָרזיכטיקייט.)

28. וואָס טיפער מירן זיך אַריינלאָזן אין די שפראַך־אַסאָציאַציעס און וואָס ברייטער מירן זיך פאַרמעסטן, אַלץ מער וועלן מיר אָפשיילן דעם אוראַלטן וואָרצל פון די אָנגעוואַקסענע, זיך מיט אים צונויפגעגאָ־סענע אַפיקסן. „ברייטער זיך פאַרמעסטן" מיין איך — צוציען צום פאַר־גלייך אויך אַנדערע שפראַכן, דעמאָלט וועלן מיר דערנענטערן „געווים" און „וויסן", „מאכל" און „אכלען". אָבער דאָ טרעטן מיר שוין אַריין אין גבול פון פאַרגלייכיקער גראַמאַטיק פון אינדאָ־אייראָפּעישע (און סעמיטי־שע) שפראַכן. כ'האָב עס דערמאָנט נאָר, כּדי צו ווייזן, אַז מען דאַרף נישט זיין שטרענג אין דעפיניציע פון „וואָרצל". וואָרצל איז (פּראַקטיש) נישט יענער אוראַלטער אינדאָ־אייראָפּעישער וואָרצל, וואָס ווערט אויס־גערעקט ערשט דורך סקרופּולעזע לאַנגיאָריקע אויסזוכונגען, נאָר ס'איז פּשוט דער וואָרט־טייל, וואָס טראָגט דעם מאַטעריעלן באַטייט פון וואָרט.

29. אין איין וואָרט קענען, ווי באַוווּסט, זיין מערערע פאָרמאַלע סימנים. אין אַזאַ פאַל קאָן מען אונטערשיידן פאַרשידענע סטאַדיעס אין דער אויסבילדונג פון אַזאַ וואָרט: „שניידערקעס" ווערט געשאַפן אַלס מערצאָל צו „שניידערקע", „שניידערקע" — אַלס אַ ווייבלעכער נאָמען צו „שניידער", „שניידער" — אַלס אַ פּראָפעסיאָנאַל־נאָמען צו שניידן). אַ וואָרט קען אין אַלע זיינע סטאַדיעס בלייבן אין איין גראַמאַטישן ווערטערקלאַס, אָדער קען אַריבערגיין פון איין קלאַס אין צווייטן: העלד איז אַ סוב־סטאַנטיוו, „העלדיש" אַן אַדווערב, „העלדישקייט" ווידער אַ סובסטאַנטיוו. „איינ(ער)" איז אַן אַדיעקטיוו, „איינהייט" — אַ סובסטאַנטיוו, „איינהייטלעך" — ווי־דער אַן אַדיעקטיוו (אַדווערב), „איינהייטלעכקייט" — צוריק אַ סובסטאַנטיוו

(צווישן „איינהייט" און „איינהייטלעכקייט" איז שוין טאקע דער אונטערשיד אָפּטמאָל א קוים באמערקבארער, ווי אויך צווישן „עקשנות" און „עקשנותדיקייט"). „גרעסער" איז אן אדווערב, „פארגרעסערן" א ווערב, „פארגרעסערט"—ווידער אן אדווערב. „ירושה" איז א סובסטאנטיוו, „ירושהדיק"—אן אדווערב, „ירושהדיקייט"—א סובסטאנטיוו, וואָס באטייט שוין עפּעס אנדערש ווי „ירושה". פרגל' נאָך: סיסטעם—סיסטעמאטיש—סיסטעמאטישקייט, דיסציפּלין—דיסציפּלינירט—דיסציפּלינירטקייט.

30. אזעלכע געניטונגען שטעלן פאָר א מעטאָדישן אינטערעס. אינטערעסאנט איז דערביי אויך אונטערצושיידן די געהעריקייט פון אפיקסן צו פארשידענע סטאדיעס אין וואָרטבילדונג: אינעם סובסטאנטיוו „פארזעעניש" איז דער סובסטאנטיווישער אפיקס בלויז—עניש, דער פרעפיקס פאר-איז, אזוי צו זאָגן, נישט דעם סובסטאנטיווס, נאָר דעם ווערבס, פון וועלכן דער סובסטאנטיוו איז געבילדעט. „אָנפאל" איז, אלס סובסטאנטיוו, פאָרמעלאָזיק (פרגל' „פאל"), דער „אָנ—" געהערט צום ווערב אָנפאלן. אין „פארגרעסער(ן)" איז פאר—א ווערב-פרעפיקס,—ער-א פרעמדער סופיקס, א סופיקס פונעם קאָמפּאראטיוו „גרעסער".

31. ווי איז געבילדעט „אומגליקלעך"? אז מע וויל, איז עס אום+גליקלעך, ד. ה. אום—איז דאָ אן אדווערב-פרעפיקס, אז מע וויל, איז עס אומגליק+לעך, ד. ה. בלויז—לעך איז דאָ אן אדווערב-סופיקס און אום-א סובסטאנטיוו-פרעפיקס. די מעשה איז, וואָס אום—(מיטן באטייט פון קעגנזאץ) ווערט באנוצט אי ביי סובסטאנטיוון (אומגליק), אי ביי אדווערבן (אומריין). מעג מען אנאליזירן „אומגליקלעך", ווי מע וויל.

32. ווי אזוי איז געבילדעט „אטעיסט"? די ענדונג—יסט „פאָדערט" אָנגענומען צו ווערן פאר א סופיקס (ווי אין מאטעריאליסט, פאָרמאליסט, מאשיניסט), כאָטש קיין וואָרט אטע איז נישטאָ, אָבער אטעיזם איז דאָך פאראן? און דאָ. האָבן מיר אן ענדונג —יזם, וועלכע פאָדערט אויך אָנגענומען צו ווערן פאר א סופיקס (ווי אין מאטעריאליזם, מארקסיזם, ייִדישיזם). די פראגע, צי נעמט זיך „אטעיסט" פון „אטעיזם" אָדער פארקערט, וואָלט געווען א סכאָלאסטישע פראגע: ס'וועט זיך גאָרנישט ענדערן אין אונזער שפּראך-אויפנעמונג און שפּראך-שאפונג דערפון, וואָס מירן זי לעזן אזוי אָדער אנדערש. קאָנסטאטירן מיר פשוט א פאקט: פאראן א ווערטער-פּאָר אטעיזם—אטעיסט, מיט אזעלכע באטייטן (אידעע—אָנהענגער פון דער אידעע), וואָס האָבן א שותפותדיקן וואָרצל אטע—, וועלכער קומט איזאָלירטערהייט נישט פאָר, און א סופיקסן-פּאָר —יזם, —יסט. אין

אזא פאל קען מען ריידן וועגן א „נישט-זעלבשטענדיקער טעמע" אטע-בײשפּ.: אלטרויזם—אלטרויסט, אָפּטימיזם—אָפּטימיסט, מאָניזם—מאָניסט, עגאָיזם—עגאָיסט, קאָמוניזם—קאָמוניסט, ענטוזיאַזם—ענטוזיאַסט; גראַמאַטיק—גראַמאַטיש (גראַמאַט—נישט-זעלבשטענדיקע טעמע), לאָגיק—לאָגיש, מאַטעמאַטיק—מאַטעמאַטיש, פּאָליטיק—פּאָליטיש, פיזיק—פיזיש; אינטעליגענט—אינטעליגענץ (אינטעליג—נישט-זעלבשטענדיקע טעמע), טאָלעראַנט—טאָלעראַנץ, קאָרעספּאָנדענט—קאָרעספּאָנדענץ (פאַראַן קאָרעספּאָנדירן, אָבער נישטאָ קאָרעספּאָנד).

33. העכסט וויכטיק איז די איינטיילונג פון פאָרמאַלע סימנים אויף לעבעדיקע (פּראָדוקטיווע) און טויטע (נישט פּראָדוקטיווע). ווען מיר פאַרגלייכן די סופיקסן — זאַם (איינזאַם, לאַנגזאַם) און — ונג (אָפּשוואַכונג, פאַרטיידיקונג, רעכענונג), זעען מיר, אַז דעם צווייטן קענען מיר פריי צוגעבן צו פאַרשידענע טעמעס און בילדן נייע ווערטער, בעת דעם ערשטן איז שווער צו באַנוצן אויף צו שאַפן ווערטער. פאַר דער שפּראַך-שאַפונג האָבן, פאַרשטייט זיך, די לעבעדיקע פאָרמאַלע סימנים דעם גרעסטן ווערט. דער צוועק פון דער שפּראַך-לערנונג (אין שול צ.ב.) איז נישט נאָר אָנאייגענען זיך דעם סכום ווערטער, וואָס זענען פאַראַן ביי היינטיקן טאָג אין דער שפּראַך, און נישט נאָר באַנעמען יענע פאָרמעס, וואָס האָבן אַ באַגרענעצטן אָנווענד-קרייז, נאָר אויך, און אפשר דער עיקר, צו באַקומען די מעגלעכקייט צו שאַפן ווייטער, צו באַרייכערן און באַנייען די שפּראַך.

34. דאָס רוב ווערטער נעמען מיר איבער קינדווייז פון די אַרומיקע און באַנוצן זיי אַזוי, נישט סינטעזירנדיק זיי פון באַזונדערע מאָרפעמעס, אָדער מיר האָבן זיי שוין אַמאָל, קינדווייז, סינטעזירט, און באַנוצן זיי שוין איצט אַלס איינגעחזרטע גאַנצהייטן. ס'קומען אָבער פאָר פאַלן (און באַזונדערס ביי יענע, וואָס באַציען זיך מיט אַ געוויסער זאָרגזאַמקייט צו זייער סטיל—רעדנערס, שרייבערס), ווען מיר סינטעזירן אַ וואָרט אין מאָמענט פון רעדן (שרייבן), פון איינצלנע מאָרפעמעס.

35. אפיקסן לעבן אין דער שפּראַך זעלטן איזאָלירטערהייט. ווען מיר בילדן, אשטייגער, א וואָרט „דאַטשעווען", נעמען מיר נישט דעם וואָרצל דאַטש(ע), דעם סופיקס – עווע – און לייגן צונויף, נאָר מיר לעזן א מין פּראָפּאָרץ: בונט: בונטעווע (אָדער לך: לצעווע ארג"ל)—דאַטשע: x*).

---

*) „בונט" פאַרהאַלט זיך צו „בונטעווע", ווי „דאַטשע" צום געזוכטן וואָרט (ווי אין מאַטעמאַטיק x : 9 = 8 : 6).

דערפון באַקומט זיך x=דאַטשעווע. ווען מיר בילדן אַ וואָרט שאַקען (שרייען שאַ), מאַכן מיר נישט קיין „חיבור" שאַ + קע, נאָר מיר לעזן אַ בראָפּאָרץ: מע: מעקען (אָדער מו: מוקען, האַוו: האַווקען אדג"ל)=שאַ: x, דערפון איז x=שאַקען. דאָס רופט זיך בילדונג לויט אַנאַ-לאָגיע. אָבער פון איינפאַכקייט וועגן רעד איך וועגן בילדונג פון ווער-טער דורך אפיקסן, פונקט ווי די אפיקסן וואָלטן עקזיסטירט אליין פאַר זיך.

אַ ביישפּיל פון זעלטענע אַפיקסן, וואָס עקזיסטירן טאַקע אליין פאַר זיך, איז — יזם: ס'לאָזט זיך זאָגן, אַשטייגער (אמת, מיט אַ שפּאַס-ניואַנס): ציוניזם, אויטאָנאָמיזם און אַנדערע איזמען.

36. ביים בילדן נייע ווערטער פון די פאַראַנענע עלעמענטן (מאָר-פעמעס), שטויסט מען זיך אָפטמאָל אָן אויף שווערקייטן (און מע דאַרף זיי קענען גובר זיין): ערשטנס, ווי שוין געזאָגט, איז נישט יעדער אפיקס אין היינטיקער צייט פּראָדוקטיוו. ווייטער, לאָזט זיך נישט שאַפן אַזאַ וואָרט, וואָס וואָלט געווען האָמאָנימיש מיט אַן אַנדערן, שוין פאַראַנענעם. מען זאָגט צ.ב. שרייבער, שניידער, זינגער. דער סופיקס — ער איז בכלל אַ פּראָדוקטיווער. מען קאָן אָבער נישט פאַרטייטשן Любитель—אַ ליבער (אָדער מען קאָן עס נאָר אין אַ געוויסן קאָנטעקסט), ווייל „ליבער" האָט אַן אַנ-דער באַטייט (אדיעקטיוו). ווען מיר אפשר זאָגן אַ ליבנער (לויט רעד-נער, מילנער), אָדער נאָך ווי נישט איז אַנדערש. דריטנס, לאָזט זיך אָפטמאָל נישט פאַראייניקן אַ „היימישע" (יידישע) טעמע מיט אַ פרעמדן (הויפּטזאַכלעך אינטערנאַציאָנאַלן) אפיקס: מיר זאָגן קורסאַנט, אָבער ס'לאָזט זיך נישט זאָגן שולאַנט (שילער). דאָך זענען פאַראַן אינטערנאַ-ציאָנאַלע סופיקסן (—יזם, —יסט, —יזאַציע), וואָס באַהעפטן זיך דווקא גרינג מיט אַלערליי טעמעס: יידישיזם, בונדיסט.

37. פאַראַן נאָך אַ וואָרטבילדונג-מיטל — אָפּוואַרפן אפיקסן: „שול-דיקן" אָנשטאָט „באַשולדיקן", „אויסלייג" אָנשטאָט „אויסלייגונג".

38. איצט וועגן צונויפזאַצן. כמעט יעדער צונויפזאַץ פאַר-שפּאָרט מיט זיך עפּעס אַ הילפוואָרט צי אפילו אַ באַטייטיקן וואָרט: לעדער-אַרבעטער — אַרבעטער ביי לעדער. ניימאַשין — מאַשין צום נייען, דרייפוס — כלי מיט דריי פיס, טאַטע-מאַמע — טאַטע און מאַמע, הימלבלוי — בלוי ווי דער הימל, זינגפויגל — פויגל וואָס זינגט, ווינטשנסווערט — ווערט צו ווינטשן אאַז"וו. (צונויפזאַצן אָן פאַרשפּאָרונג: טונקלגרין = טונקלגרין, יאָרהונדערט = הונדערט יאָר

אדג"ל.) אָבער די פאַרשפּאָרונג איז נישט שטרענג באַשטימט, ווי ס'איז צו זעען פון די ביישפּילן. אויסטייטשן און צונויפשטעלן צונויפזאַצן איז איינע פון די וויכטיקסטע גראַמאַטישע אַרבעטן אין שול. אויסטייטשן — צ.ב. וואָס הייסט קינדערהיים? — אַ היים פאַר קינדער. צונויפשטעלן — צ.ב. ווי הייסט אַן אייזן צום רייבן? — ריבאייזן.

אין אַ צונויפזאַץ איז אָפט איין טייל אַ **הויפּטטייל** און איינער (אָדער מער) אַ **באַשטימטייל**. „קאָמפּמענטש" איז אַ מענטש אַזאַ (נישט אַ קאָפּ אַזאַ) — איז „מענטש" דער הויפּטטייל; „בת-מלכּה" איז אַ „בת" (אַ טאָכטער), נישט קיין מלכּה — איז „בת" דער הויפּטטייל.

39. נאַדיר זאָגט וועגן איינעמס לידער: „דאָס זענען נישט קיין ליבעס-לידער, נאָר לידער-ליבעס, ליבעס וואָס ווערן געפירט ספּעציעל צוליב דעם, אַז מ'זאָל זיי קענען אויסדריקן אין לידער". דאָ האָבן מיר אַ שפּיל פון הויפּטטייל און באַשטימטייל.

ווי מיר זעען, איז אין אַ צונויפזאַץ וויכטיק דער סדר פון די באַשטאַנדטיילן.

40. אַ באַזונדער וויכטיקייט האָבן באַקומען די לעצטע צייט צונויפזאַצן פון אינטערנאַציאָנאַלע טעמעס (דאָס רוב לאַטייניש און גריכישע), וואָס ווערן באַנוצט אין וויסנשאַפט, טעכניק א"א. טיילווייז שטייען זיי אויפן גרענעץ פון צונויפזאַצן און ווערטער מיט אַפיקסן. אַן אינטערעסאַנטע געניטונג אין שול איז (פאַר די העכערע שטופעס) — אויסצוזוכן די באַטייטן פון די באַשטאַנדטיילן פון אַזעלכע צונויפזאַצן, צ. ב. טעלעפאָן. פאַרגלייכנדיק מיט טעלעגראַף, טעלעסקאָפּ, טעלעפּאַט א"א געפינען מיר טעלע = ווייט; פאַרגלייכנדיק מיט גראַמאָפאָן, פאָנעטיק א"א געפינען מיר פאָנ = קלאַנג (198)

41. פרעמדווערטער קענען פאַרבונדן ווערן אין איין וואָרט (יומטוב —פון צוויי ווערטער, אָדעקאָלאָן—פון דריי ווערטער), אָבער נישט צעשפּאָלטן ווערן (בתנאי ווערט אויף יידיש נישט קיין צוויי ווערטער).

42. נאָענט צו וואָרטבילדונג שטייט די בילדונג פון אנאליטישע פאָרמעס. אזוי הייסט אַ גרופּע ווערטער, וואָס פון זיי איז איינע אַ באַטייטיקע, און וואָס גיבן צוזאַמען איין באַטייט און ווערן באַטראַכט אַלס אַ פאָרמע פון דעם באַטייטיקן וואָרט. פרגל' בין געקומען, אין יידיש ווערט די פאַרגאַנגענהייט געבילדעט אנאליטיש, אין געוויסע אַנדערע שפּראַכן סינטעטיש, ד.ה. דורך אַן אַפיקס, נישט דורך אַ הילפוואָרט. פרגל' דער גרויסער — הגדול: די יידישע פאָרמע איז (בנוגע

צום ארטיקל) אנאַליטיש, די פון העברעיש באַקומענע – סינטעטיש. אין אַלטן יידיש איז געווען וואַר (=איז געווען), ד. ה. אַ סינטעטישע פאַרגאַנגענהייט-פאָרמע. יידיש, ווי אויך אַסאַך אַנדערע שפּראַכן, מאַכט דורך דעם וועג פון סינטעטישע פאָרמעס צו אַנאַליטישע, אין דער זעלביקער צייט אָבער מערקן זיך קעגנגעזעצטע טענדענצן. פאַרגלייכנדיק פאַרשידענע שפּראַכן, קאָן מען אָפּטמאָל פעסטשטעלן, אַז איינע איז אַנאַליטישער אָדער סינטעטישער ווי די אַנדערע. יידיש צ. ב. איז אַנאַליטישער ווי רוסיש, ד. ה. יידיש פאָדערט באַהילפיקע ווערטער אָפטער, און האָט וואָרטפאָרמעס ווייניקער, ווי רוסיש. דאָס לאָזט זיך גרינג באַמערקן, ווען מע נעמט עטלעכע צופעליקע פראַזעס אויף רוסיש און מע פאַרטייטשט אויף יידיש אָדער פאַרקערט. אויפשטעלן אויף יידיש מערווייניקער לאַנגע פראַזעס אָן באַהילפיקע ווערטער איז שווער. דעריבער קען מען אין יידישן גראַמאַטישן לימוד כמעט נישט אויסנוצן דעם איינפאַל פון דעם רוסישן מעטאָדיקער פעשקאָווסקי, זיך צו באַגרענעצן די ערשטע צייט נאָר מיט באַטייטיקע ווערטער און נאָר זיי רופן „ווערטער". *)

צו וואָרטבילדונג קען מען צורעכענען אויך „איבערטראָגונג" פון איין גראַמאַטישן קלאַס אין דעם אַנדערן אָן קיינע אויסערלעכע מיטלען (אַחוץ אַסאָציאַציע). „היינט" איז אַן אינוואַריאַנט, „דער היינט" — אַ סובסטאַנטיוו (סובסטאַנטיווירונג), „לערער"—אַ סובסטאַנטיוו, „איך לערער" (אַסאָצ. מיט דו לערערסט, ער לערערט) — אַ ווערב. „דער רוט ווייסט וער" איז אַ גאַנצע פראַזע, אַ „דער-רוט-ווייסט-ווער" איז אַ סובסטאַנטיוו (אַ פראַזע איז צונויפגעדריקט ביז איין וואָרט).

43. לסוף דאַרף דערמאָנט ווערן אַלס אַ וואָרטבילדונג-מיטל ווערטער-פאַרקירצונג (אויטאָ פון אויטאָמאָביל, צעקאַ פון צענטראַלקאָמיטעט א"אַ).

44. נאָך דעם אַלץ, וואָס ס'איז געזאָגט, איז פאַרשטאַנדיק, אַז די וואָרטבילדונג-פאָרמעס (דאָס זעלבע איז שייך אויך צו וואָרטענדערונג-פאָרמעס און צו פאָרמעס פון פראַזעס) האָבן זיך נישט אויסגעבילדעט „בזמן מן הזמנים", אין עפּעס אַ געוויסער עפּאָכע, וועלכע איז געווען אַ שאַפונג-עפּאָכע פאַר דער שפּראַך. די שפּראַך שאַפט זיך כסדר; יעדער מאָמענט אין לעבן

*) זע ספּיוואַקס און יאַפראַווס לערנביכער פון גראַמאַטיק. די מחברים האָט זיך נישט איינגעגעבן צו באַגיין זיך אָן באַהילפיקע ווערטער אַפילו שוין אין ערשטן פּאַראַגראַף.

פון דער שפּראַך איז אַן איבערגאַנג-מאָמענט; שטענדיק שאַפן זיך נייע פאָרמעס, שטאַרבן-אָפּ אַלטע. צוגעוויינענדיק זיך צו באַמערקן אָט די שפּראַכלעכע שאַפונג-פּראָצעסן, וואָס קומען-פאָר אין אונזערע טעג, פאַר אונז אין די אויגן, אפשר (גיכער, געווים) ביי אונזער אייגענעם — דאָס איז וויכטיק פאַר יעדן, ווער ס'באַניצט זיך באַוווּסטזיניק צום דאָזיקן אָרגאַניזיר-מיטל. באַזונדערס איז דאָס וויכטיק פאַר אַ לערער, פאַר אַ שרייבער.

## 4. גראַמאַטישע קלאַסיפיקאַציע פון ווערטער

45. מיר האָבן געזען (22), אַז ס'זענען פאַראַן פאָרמעס פון אַ וואָרט, וואָס זענען אָפּהענגיק פון אַ צווייטן וואָרט אין פראַזע. לאָמיר באַטראַכטן די פראַזע:

אין חדר גיי איך נישט, לערנען לערן איך נישט, דאַווענען דאַוון איך נישט, זינגען זינג איך נישט, פּטור פון אַלצדינג (ש״ע).

ווען מיר פאַרבייטן דאָ דאָס וואָרט איך אויף ער, וועט אַרויס-קומען:

אין חדר גייט ער נישט, לערנען ,לערנט ער נישט, דאַווענען דאַוונט ער נישט, זינגען זינגט ער נישטפּטור פון אַלצדינג.

ד.ה. אָנשט. „גיי״ קומט „גייט״, אָנשט. „לערן״—„לערנט״, אָנשט „דאַוון״ — „דאַוונט״, אָנשט. „זינגען״ — „זינגט״. ווען מע זאָל פאַרבייטן איך אויף מיר, וועט אַרויסקומען:

אין חדר גייען מיר נישט, לערנען לערנען מיר נישט, דאַוונען דאַוונען מיר נישט, זינגען זינגען מיר נישט, פּטור פון אַלצדינג.

ד.ה. אָנשט. „גיי״ — „גייען״, אָנשט. „לערן״ — „לערנען אאז״וו.

נאָך אַ ביישפּיל: מיר פאָרן קיין אַמעריקע — ער פאָרט קיין אַמעריקע — דו פאָרסט קיין אַמעריקע אאז״וו.

מיר באַמערקן, אַז דאָס וואָרט „גיי״, אַשטייגער, האָט די דאָזיקע פאָרמעס, וואָס זענען אָפּהענגיק פון אַ צווייטן וואָרט פון רייד:

(דו) גייסט,

(ער, איר, עמעצער, אַ מענטש) גייט,

(מיר, זיי, מענטשן) גייען.

אַזעלכע פאָרמעס טרעפן מיר אויך ביי די ווערטער פאָר, זינג, דאַוון אאז״וו (זיי זענען אָבער נישטאָ, אַשטייגער, ביים וואָרט „פּטור״).

די דאָזיקע פאָרמעס הייסן **פערזאָנפאָרמעס**, און אַ וואָרט, וואָס האָט פערזאָנפאָרמעס הייסט **פערזאָנוואָרט.**

46. די פערזאָנפאָרמעס בילדן אַ **סיסטעם**, ד.ה. ווען ביי אַ וואָרט איז פאַראַן איינע פון די פאָרמעס, זענען פאַראַן אויך די איבריקע פאָרמעס: אויב ס'איז פאַראַן אַ וואָרט זעסט, איז פאַראַן אַ וואָרט זעט און אַ וואָרט זעען.

47. דער וואָרט „גיי" (איך גיי), „פאָר" (איך פאָר) אדג"ל האָט אייגנטלעך נישט קיין פאָרמע — ער האָט נישט קיין שום פאָרמאַלן סימן. ווייל אָבער ער שליסט זיך אָן דער סיסטעם פערזאָנפאָרמעס (ד.ה. ווען ס'איז פאַראַן אַ וואָרט (דו) „זעסט", איז אויך פאַראַן אַ וואָרט (איך) „זע", ווען ס'איז פאַראַן „דאַרפסט", איז פאַראַן אויך „דאַרף" אאז"וו), האַלט מען עס אויך פאַר אַ פערזאָנפאָרמע. אַזאַ פאָרמע, וואָס האָט נישט קיין פאָרמאַלן סימן און שאַפט זיך נאָר דורך אַסאָציאַציע מיט אַנדערע פאָרמעס, הייסט **נול־פאָרמע.**

48. וויפל פערזאָנפאָרמעס איז פאַראַן? ס'קען אויסווייזן, אַז פיר (צוזאַמען מיט דער נול-פאָרמע):

(איך) גיי,
(דו) גייסט,
(ער, איר) גייט,
(מיר, זיי) גייען.

נעמען מיר אָבער אַזאַ פערזאָנוואָרט, ווי „דאַרף", טרעפן מיר עפּעס אַנדערש:

(איך, ער) דאַרף,
(דו) דאַרפסט,
(איר) דאַרפט,
(מיר, זיי) דאַרפן.

כדי אויסצוגלייכן ביידע סיסטעמען, נעמט מען אָן, אַז „(ער) גייט" און „(איר) גייט" זענען צוויי פאַרשידענע פאָרמעס, דאָס אייגענע „(איך) דאַרף" און „(ער) דאַרף"; באַקומט זיך אַ סיסטעם פון פינף פערזאָנפאָרמעס:

(איך) גיי, דאַרף,
(דו) גייסט, דאַרפסט,
(ער) גייט, דאַרף,
(מיר, זיי) גייען, דאַרפן,

(איר) גייט, דאַרפט.

שפעטער וועלן מיר טרעפן נאָך פאָרמען: גייסטו (437), ס'גייט, ס'גייען (730).

49. ס'איז גרינג איינצוזען, אַז די פערזאָנפאָרמעס ווייזן, צי דער רעדער טראָגט-אָפּ דעם אינהאַלט (דעם מאַטעריעלן באַטייט) פונעם וואָרט צו זיך אַליין, אָדער צו דעם, צו וועמען ער רעדט (צום אַדרעסאַט פון רייד) אָדער צו עמעצן אַנדערש: „אין חדר גיי איך נישט" — דער רעדער, מאָטל דעם חזנס, גייט נישט אין חדר; „אין חדר גייסטו (גייסט דו) נישט" — יענער צו וועמען דאָס איז געזאָגט; „אין חדר גייט ער נישט" — עמעצער אַנדערש, נישט „איך" און נישט „דו". אַחוץ דעם, ווייזן די פערזאָנפאָרמעס אויך די צאָל רעדערס, אַדרעסאַטן אָדער אַנדערע פערזאָנען (די צאָל הייסט — צי איינער, צי מער ווי איינער). „איך גיי" זאָגט וועגן זיך איינער, „מיר גייען" זאָגט וועגן זיך אַ גרופּע (אָדער איינער אין נאָמען פון אַ גרופּע).

יעדע פערזאָנפאָרמע האָט אַלזאָ איינצייטיק צוויי פאָרמאַלע באַטייטן (פערזאָן, צאָל), וואָס ווערן אויסגעדריקט צוזאַמען דורך איין סופיקס.

50. די פערזאָנפאָרמעס רופט מען:

(איך) גיי — ערשטע פערזאָן איינצאָל,

(דו) גייסט — צווייטע פערזאָן איינצאָל,

(ער) גייט — דריטע פערזאָן איינצאָל,

(מיר, זיי) גייען — ערשט-־דריטע פערזאָן מערצאָל,

(איר) גייט — צווייטע פערזאָן מערצאָל.

51. די ווערטער בין, ביסט, איז, זייט, זענען, געהערן נישט צו איין וואָרצל, אַזוי אַז זיי זענען אייגנטלעך נישט קיין פאָרמעס פון איין וואָרט; אָבער ווייל די באַהעפטונג פון די דאָזיקע ווערטער אין רייד איז ענלעך צו דער באַהעפטונג פון פערזאָנווערטער (פרגל' איך בין — איך גיי, דו ביסט — דו גייסט, ער איז — ער גייט, אאַז"וו), באַטראַכט מע זיי אויך פאַר פערזאָנווערטער (און מע רופט זיי אומרעגלמאָסיקע); ס'איז, לויטן באַטייט, אַ באַהילפיקער פערזאָנוואָרט.

52. פאַראַן פאָרמעס, וואָס קאָנען געבילדעט ווערן פון יעדער פערזאָנוואָרט-טעמע (אַחוץ אויסנאַמען) און האָבן אַ גרויסע סינטאַקסישע נאָענטקייט מיט פערזאָנוואָרט. אַזעלכע זענען:

1) **אימפעראַטיוו:** רוף! רופט! (נול-פאָרמע און סופיקס-ט) · באַטייט דעם רעדערס אַ פאַרלאַנג וועגן דעם אַדרעסאַטס אַ טוונג (רוף! =איך וויל דו זאָלסט רופן).

2) **אינפיניטיוו:** רופן. סופיקס-ן (907). באַטייט אַ טוונג אָן קאָנסטאַטירונג, אָן אָפּטראָגונג צו אַ טוער.

3) **פאַרטיציפּ:** גערופן, געמאַכט, געקלונגען אאז״וו.

4) **גערונדיום:** רופנדיק, זעענדיק, גייענדיק. סופיקס—נדיק(907)· אימפעראַטיוו, אינפיניטיוו, פאַרטיציפּ, גערונדיום זענען נישט קיין פערזאָנווערטער.

אנדערע רופן דעם גערונדיום „ערשטער פארטיציפּ״, און דעם פארטיציפּ „צווייטער פארטיציפּ״. דאָס איז אָבער אן אומבאַקוועמע טער-מינאָלאָגיע.

א ספעציעלער נאָמען פארן גערונדיום (וועלכער איז אייגנטלעך אן אדווערב), אָדער יעדנפאלס א ספעציעל אָרט, איז נייטיק דערפאַר, וואָס דער גערונדיום שטעלט פאָר געוויסע באזונדערהייטן.

53. די קלאַסן פערזאָנוואָרט, אימפעראַטיוו, אינפיניטיוו, פאַרטי-ציפּ, גערונדיום פאַראייניקט מען אין איין קלאַס ווערבּ (צייטוואָרט), אַזוי אַז רוף, רופסט, רופט, רופן, רוף!, רופט, רופן (אינפיניטיוו), גע-רופן, רופנדיק — איז אַלץ איין ווערב.

54. ווערב באַטייט, בכלל, א טוונג (מיט אָדער אָן קאָנסטאַטירונג). פאַראַן אָבער אויך נישט-ווערבן, וואָס באַטייטן טוונגען (גאַנג, קלונג). פאַרוואָס פאַראייניקן מיר געוויסע קלאַסן אונטער איין נאָמען ווערב? הויפּטזאַכלעך צוליב זייערע סינטאַקסישע אנאָלאָגיעס (אין סובאָרדינירונג פון אקוזאטיוו, פון אדווערב).

55. זייער אָפט קומען-פאָר באַהעפטונגען פון אַ הילפפערזאָנוואָרט (האָב, בין, פלעג, וועל, וואָלט אאז״וו) מיט אַ פאַרטיציפּ אָדער אינפי-ניטיוו (האָב געזען, בין געקומען, פלעג רופן, וועל אַרבעטן, וואָלט שרייבן, וואָלט געשריבן). אַזעלכע באַהעפטונגען האָבן דאָס רוב צוזאַ-מען איין באַטייט, וועלכער שטעלט מיט זיך נישט פאָר קיין סומע פאַר די באַטייטן פון ביידע ווערטער: „האָב געזען״ הייסט נישט האָב + געזען (ווי „איך האָב געלט״ = האָב + געלט), „בין געקומען״ הייסט נישט בין + געקומען (ווי „בין געזונט״ = בין + געזונט), „וועל״ קומט כלל נישט פאָר אָן אַן אינפיניטיוו, אאז״וו.

אַזעלכע באַהעפטונגען רופט מען **צוויי-געזעצטע ווערב-**

פאָרמעס. און מע שליסט זיי איין אין דעם סיסטעם פון ווערב.

פאַראַן נאָך מער קאָמפּליצירטע פאָרמעס—ווער האָבן געראָפן אדג"ל.

דעם אויסדריק „האָב געגעבן" קען מען אַנאַליזירן אַזוי: „האָב" אַליין פאַר זיך איז אַ פערזאָנוואָרט (ער האָט, אמת, בלויז אַ נול-פאָרמע, אָבער שליסט זיך איין אין דער סיסטעם פערזאָנפאָרמעס: איך האָב, דו האָסט אאז"וו), „געגעבן" אַליין פאַר זיך איז אַ פאַרטיציפּ (צום אינפיניטיוו געבן, צום פערזאָנוואָרט גיב-גיסט-גיט-גיבן). דער באַהילפיקער פערזאָנוואָרט „האָב" צוזאַמען מיטן פאַרטיציפּ „געגעבן" בילדעט אַ צווייפגעזעצטע ווערבאַלע פאָרמע (צום אינפיניטיוו געבן און צום פערזאָנוואָרט גיב-גיסט-גיט-גיבן).

56. ווען מע וויל אָנרופן אַ גאַנצע ווערבאַלע גרופּע פון אַ וועלכער ס'איז טעמע, רופט מען אָן דעם אינפיניטיוו; דהיינו, אַז מע זאָגט דער ווערב „געבן", מיינט מען דערמיט די גאַנצע סיסטעם ווערטער: גיב — גיסט — גיט — גיבן — האָב געגעבן — האָסט געגעבן — האָט געגעבן — האָבן געגעבן — וועל געבן — וואָלט געבן — זאָל געוועון געבן — האָסט געזאָלט געבן אאז"וו. מע דאַרף אַלזאָ אונטערשיידן „דער אינפיניטיוו געבן" (בלויז איין וואָרט) און „דער ווערב געבן" (אַ גאַנצע סיסטעם ווערטער).

57. נאָך אַ סאָרט פאָרמעס, וואָס זענען אָפּהענגיק פון אַ צווייטן וואָרט אין פראַזע:

עס זעט זיך אַ גרינער וואַלד,
עס זעט זיך אַ גרינע לאָנקע,
עס זעט זיך אַ גרין פעלד,
איך זע אַ גרינעם וואַלד.

אַזעלכע פאָרמעס (שפּעטער וועלן מיר געפינען נאָך פאָרמעס) הייסן אדיעקטיוו־פאָרמעס, און אַ וואָרט, וואָס האָט אַן אדיעקטיוו-פאָרמע, הייסט דעקלינירלעכער אדיעקטיוו (דעקלינירלעכער אייגנשאַפטוואָרט). (דעקלינירן הייסט, אין דעם פאַל, בילדן די אַדיעקטיוו-פאָרמעס.)

דאָ זעען מיר אויך, ווי ביי פערזאָנפאָרמעס, איינע אַ נול-פאָרמע (אַ גרין פעלד).

אָנשטאָט „דעקלינירלעכער אַדיעקטיוו" וועל איך ביז § 75 זאָגן „אַדיעקטיוו".

58. וואָס איז „גרין" — אַן אַדיעקטיוו צי אַ פערזאָנוואָרט? ס'ווענדט

זיך אָן דעם, מיט וואָסער סיסטעם פאָרמעס ס'אַסאָציִירט זיך. ווען מיר זאָגן: איך גרין, אַסאָציִירט זיך עס מיט דו גרינסט, דער בוים גרינט, די ביימער גרינען, ד.ה. מיט פערזאָנוועטער — איז עס די נול-פאָרמע פון א פערזאָנוואָרט; ווען מיר זאָגן אָבער: א גרין פעלד, אַסאָציִירט זיך עס מיט א גרינער בוים, גרינע פעלדער, אויף א גרינעם פעלד, ד.ה. מיט אדיעקטיוון — איז עס די נול-פאָרמע פון אן אדיעקטיוו. אזעלכע צוזאמענפאלן שטערן נישט, אַז פערזאָנווערטער און אדיעקטיוון זאָלן זיין צוויי פארשידענע ווערטער-קלאסן, און לויט דער פאָרמע אָדער לויט דער אסאָציאציע קען מען שטענדיק דערקענען, צי איז א העלכס ס'איז וואָרט א פערזאָנוואָרט, אָדער אן אדיעקטיוו, אָדער עפעס אנדערש.

59. אַ וואָרט, צו וועלכן ס'איז באַהעפט אָדער ס'קאָן זיין באַהעפט אַן אַדיעקטיוו, הייסט **סובסטאַנטיוו** (זאַכוואָרט). הייסט עס, אַז די אַדיעקטיווישע פאָרמע איז אָפּהענגיק פון סובסטאַנטיוו, מיט וועלכן דער אַדיעקטיוו איז באַהעפט, אַנדערש דריקט מען עס אויס: דער סובסטאַנטיוו „פאָדערט" פונעם אַדיעקטיוו אַ געוויסע אַדיעקטיווישע פאָרמע.

60. וויפל און וועלכע אַדיעקטיווישע פאָרמעס זענען פאַראַן?

1) גרינער: ס'זעט זיך אַ גרינער וואַלד,
איך גיי אויף אַ גרינער לאָנקע.

2) גרינע: ס'זעט זיך אַ גרינע לאָנקע,
ס'זעען זיך גרינע וועלדער, לאָנקעס, פעלדער.
ס'זעט זיך דאָס גרינע פעלד.

3) גרינעס: ס'זעט זיך אַ גרינעס פעלד:

4) גרין: ס'זעט זיך אַ גרין פעלד.

5) גרינעם: כ'זע אַ גרינעם וואַלד,
כ'גיי אין גרינעם וואַלד,
כ'גיי אין גרינעם פעלד.

פאַראַן נאָך אַנדערע פאָרמעס (717).

61. ווי הענגען אָפּ די אַדיעקטיווע פאָרמעס פונעם סובסטאַנטיוו? קודם-כּל באַמערקן מיר, אַז צווישן „גרינעס" און „גרין" איז נישטאָ קיין אונטערשיד נישט אין באַהעפטונג (פונקט אין דער זעלביקער פראַזע קען קומען אי „גרינעס" אי „גרין"), נישט אין באַטייט. דעריבער וועלן מיר עס רעכענען פאַר איין פאָרמע (מיט צוויי פאָנעטישע „וואַריאַנטן").

62. ווייטער. די אַדיעקטיווישע פאָרמעס זענען אָפּהענגיק, ערשטנס, פון „צאָל״ (איינצאָל אָדער מערצאָל) פון סובסטאנטיוו. וועגן צאָל פון סובסטאנטיוו—שפּעטער, אָבער דאָ קען מען אינקורצן דער־קלערן, אַז „צאָל״ איז אַזאַ פאָרמע פון סובסטאנטיוו, וואָס ווייזט, צי ער באַטייט איין געגנשטאַנד אָדער מער ווי איינעם (וואַלד—וועלדער, מענטש—מענטשן). פון די באַהעפטן אַ גרינער וואַלד—גרינע וועלדער איז צו זען, אַז די אַדיעקטיוו-פאָרמע איז אָפּהענגיק פון דער „צאָל״ פון סובסטאנטיוו („מיטשטימונג אין צאָל״).

63. ביי מערצאָל פון סובסטאנטיוו קומט שטענדיק איין אַדיעק־טיווישע פאָרמע — מיטן סופיקס—ע (גרינע). ביי איינצאָל אָבער איז נאָך דאָ אַ ווייטערדיקער אָפּהאַנג, און דערצו נאָך אַ צווייענדיקער:

a) פון דער ראָליע פון סובסטאַנטיוו אין דער פראַזע:

ס'זעט זיך אַ גרינער וואַלד,

כ'זע אַ גרינעם וואַלד.

אין ערשטן פאַל איז דער פערזאָנוואָרט באַהעפט צום סובסטאַנ־טיוו (דער סובסטאַנטיוו איז, ווי מירן עס שפּעטער אָנרופן, אַ סוב־יעקט), קומט ביים סובסטאַנטיוו דער אַדיעקטיוו „גרינער״. אין צווייטן פאַל איז, פאַרקערט, דער סובסטאַנטיוו באַהעפט צום פערזאָנוואָרט, (ער איז אַן אָביעקט), קומט שוין ביים סובסטאַנטיוו דער אַדיעקטיוו „גרינעם״. נאָך אַ ביישפּיל:

ס'זעט זיך אַ גרינע לאָנקע,

כ'גיי אויף אַ גרינער לאָנקע.

ביים סובסטאַנטיוו, וואָס באַהעפט צו זיך דעם פערזאָנוואָרט (ביים סוביעקט), קומט „גרינע״, און ביים סובסטאַנטיוו, וואָס איז באַ־העפט צום פערזאָנוואָרט (ביים אָביעקט), קומט „גרינער״. יעדנפאַלס, זעען מיר, אַז דער אַדיעקטיוו שפּיגלט אָפּ מיט זיין פאָרמע די ראָליע פון סובסטאַנטיוו אין פראַזע. אָט די פעיקייט פון סובסטאַנטיוו צו פאַ־דערן פון אַדיעקטיוו די אָדער יענע פאָרמע אין אָפּהאַנג פון זיין, דעם סובסטאַנטיווס, ראָליע אין פראַזע, הייסט **בויגפּאַל פון סוב־סטאַנטיוו** (נישט „בויגפּאַל-פאָרמע״—„וואַלד, לאָנקע״ האָבן דאָך נישט קיין פאָרמעס). און יענע אַדיעקטיווישע פאָרמע, וואָס איז אָפּהענגיק פון סובסטאַנטיווס ראָליע און פראַזע, הייסט **אַדיעקטיווישע בויגפּאַל־פאָרמע**.

64. b) פאַרגלייכן מיר אָבער:

ס'זעט זיך אַ גרינער וואַלד,
ס'זעט זיך אַ גרינע לאָנקע,
ס'זעט זיך אַ גרינ(עס) פעלד.
אָדער: כ'זע אַ גרינעם וואַלד,
כ'זע אַ גרינע לאָנקע,
כ'זע אַ גרינ(עס) פעלד.
אָדער: כ'גיי אין גרינעם וואַלד,
כ'גיי אויף דער גרינער לאָנקע,
כ'גיי אין גרינעם פעלד—

זעען מיר, אַז ביי איין און דער זעלביקער ראָליע פונעם סובסטאַנטיוו אין פראַזע (ביי איין און דעם זעלביקן „בויגפאַל") האָט דער אַדיעקטיוו פאַרשידענע פאָרמעס, אין אָפּהאַנג — פון וואָס? פשוט פונעם סובסטאַנטיוו גופא. ווען דאָס וואָרט „וואַלד" באַהעפט צו זיך אַ פערזאָנ-וואָרט, פאָדערט ער די אַדיעקטיוו-פאָרמע „גרינער", און ווען דאָס וואָרט „לאָנקע" באַהעפט צו זיך אַ פערזאָנוואָרט, פאָדערט ער די אַדיעקטיוו-פאָרמע „גרינע", און „פעלד"—„גרינ(עס)".

אָט די פעיקייט פונעם סובסטאַנטיוו אין דער איינצאָל צו פאָ-דערן פונעם אַדיעקטיוו די אָדער יענע פאָרמע ביי איין און דעם זעל-ביקן בויגפאַל (אַנדערש געזאָגט: אומאָפּהענגיק פונעם בויגפאַל) הייסט מין פון סובסטאַנטיוו (נישט „מין-פאָרמע" — „וואַלד, לאָנקע, פעלד" שיידן זיך נישט אונטער אין זייער פאָרמע). און יענע אַדיעקטיוו-פאָר-מע, וואָס איז אָפּהענגיק פונעם סובסטאַנטיוו גופא (אין דער איינצאָל), נישט פון זיין בויגפאַל, הייסט **אַדיעקטיווישע מין־פאָרמע.**

65. ווען מיר פארגלייכן: „אַ גרינ(עס) פעלד" און „דאָס גרינע פעלד", טרעפן מיר נאָך אַ פערטע קאַטעגאָריע אַדיעקטיווישע פאָרמעס—אָפּהענגיק פונעם באַשטימיקן אָדער אומבאַשטימיקן ארטיקל. כדי נישט צו קאָמפּליצירן, נעם איך זי נישט אריין אין חשבון.

66. זעען מיר, אַז אַן אַדיעקטיווישע פאָרמע, וואָס ווערט גע-שאַפן דורך איין סופיקס, ווערט צעשפּאָלטן אויף גאַנצע דריי פאָרמעס: צאָל-פאָרמע (איינצאָל—מערצאָל), אין איינצאָל בויגפאַלפאָרמע און מינפאָרמע. וויפל זשע איז פאַראַן בויגפאַלפאָרמעס און מינפאָרמעס? פון די ביי-שפּילן 64 § פירן מיר אויס, אַז מינפאָרמעס איז פאַראַן נישט ווייני-קער ווי דריי. די ווייטערדיקע דערלערנונג פון דער שפּראַך ווייזט, אַז אויך נישט מער ווי דריי. די דריי מינים וועלן מיר רופן **ערשטער**

מין (וואַלד), **צווייטער מין** (לאָנקע), **דריטער מין** (פעלד). פאַר אַ סימן קען דינען:

ס'זעט זיך אַ גרינער וואַלד, אַ גרינע לאָנקע, אַ גרינ (עס) פעלד, אָדער מיטן אָפּט באַנוצלעכן אַדיעקטיוו דער („באַשטימיקער אַרטיקל"):

ס'זעט זיך דער וואַלד, די לאָנקע, דאָס פעלד *).

67. גערוינטלעך רופט מען די מינים „מאַנלעכער, ווייבלעכער, נייטראַלער". איך וואַרף־אָפּ די נעמען, כדי צו באַקעמפן דעם געוויינלעך הערשנדיקן פלאָנטער צווישן גראַמאַטישן מין און ביאָלאָגישן געשלעכט, וואָס לאָזט נישט דערקענען די שפּראַכלעכע נאַטור פון דער דאָזיקער דערשיינונג.

68. באַשטימען די צאָל בויגפאַלן וועט זיין אַ ביסל שווערער. דאָ וועלן מיר דאַרפן אָנקומען צום זעלביקן גאַנג, ווי ביי דער באַ-שטימונג פון דער צאָל פערזאָנפאָרמעס (48), ווו מיר האָבן פאַרגליכן צוויי פערזאָנווערטער און דורך דעם געקומען צו דער מסקנא, אַז מע דאַרף איין פאָרמע שפּאַלטן אויף צוויי. ווען מיר נעמען אַ סובסטאַנ-טיוו פון איין מין, צ.ב. פון ערשטן (וואַלד), און מיר זוכן זיינע בויג-פאַלן, געפינען מיר:

ס'זעט זיך אַ גרינער וואַלד . . . . . a
כ'זע אָ גרינעם וואַלד . . . . . . b
כ'גיי אין גרינעם וואַלד . . . . . . c

בלויז צוויי בויגפאַלן: „גרינער" — ווען דער סובסטאַנטיוו באַהעפט צו זיך אַ פערזאָנוואָרט, „גרינעם" — ווען דער סובסטאַנטיוו איז באַ-העפט צו אַ פערזאָנוואָרט. נעמען מיר אַ סובסטאַנטיוו פון צווייטן מין (לאָנקע), טרעפן מיר אויך בלויז צוויי בויגפאַלן:

ס'זעט זיך אַ גרינע לאָנקע . . . . . a
כ'זע אַ גרינע לאָנקע . . . . . . . . . b
כ'גיי אויף אַ גרינער לאָנקע . . . . . . . c

אָבער דאָס, וואָס די פראַזע b געהערט ביי „וואַלד" צום צווייטן בויג-פאַל און ביי „לאָנקע" צום ערשטן, צווינגט אונז אָנצונעמען דריי בויגפאַלן:

1) ס'זעט זיך אַ גרינער וואַלד, אַ גרינע לאָנקע — **נאָמינאַטיוו**.
2) כ'זע אַ גרינעם וואַלד, אַ גרינע לאָנקע — **אקוזאַטיוו**.

---

*) דער אַרטיקל „דער", ווי אויך די פראָנאָמען „וועלכער, יענער" א"א זענען אַדיעקטיוון.

3) כ׳גיי אין גרינעם וואַלד,אויף אַ גרינער לאָנקע — דאַטיוו.
דער דריטער מין וועט אונז קיין נייע בויגפאַלן נישט אַרויס-ווייזן.

69. אפשר בעסער אזא טערמינאָלאָגיע: סוביעקט-בויגפאל, דירעק-טער בויגפאל, אומדירעקטער בויגפאל, — וועגן „גענעטיוו" — שפּעטער.

70. אָט זענען אַלע אַדיעקטיווישע פאָרמעס פונעם אַדיעקטיוו „דער":

| | אײנצאָל | | | מערצאָל |
|---|---|---|---|---|
| | I מין | II מין | III מין | |
| נאָמינאַטיוו . . . | דער | די | דאָס | די |
| אקוזאַטיוו . . . | דעם | די | דאָס | די |
| דאַטיוו . . . | דעם | דער | דעם | די |

71. אייניקע סובסטאַנטיוון האָבן פּאַרמעס פון בויגפאַלן: ס׳גייס רחל — כ׳זע רחלען, ס׳גייט דער טאַטע — כ׳זע דעם טאַטן (441).

72. דער בויגפאל פון סובסטאנטיוו איז ענג צוזאמענגעפלאָכטן מיט דער אדיעקטיווישער מיטשטימונג. מע קען נישט דעפינירן דעם בויגפאל (נעמענדיק אין באטראכט נישט-דעקלינירלעכע סובסטאנטיוון), נישט באַ-רירנדיק די אדיעקטיווישע מיטשטימונג; מע קען אָבער אויך נישט באַ-שטימען אדיעקטיווישע מיטשטימונג (אין בויגפאַל), נישט רעדנדיק וועגן בויגפאל פון סובסטאנטיוו. אויסוועגן פון דעם דאָזיקן „פארבישופטן קרייז" זענען מעגלעך, אויב נישט רעכענען אַ ריין דאָגמאטישע אויפבויונג, דאכט זיך נאָר צוויי: אָדער איינפירן (לאָז זיין צייטווייליק) אָנשטאָט „סובסטאנ-טיוו" צוויי ווערטער-קלאסן, דהיינו „רעקלינאַטיוו" (משה, רחל, טאטע...) און אינדעקלינאַבלע סובסטאנטיוון, — דעם וועג נעם איך דאָ נישט אָן, ווייל ער פירט צו ווייט פון דער טראַדיציאָנעלער קלאַסיפיקאציע, און איך וויל דאָ נישט איבעריק פארשווערן, אָדער מע זאָל דעפינירן דעם

סובסטאַנטיווישן בויגפאַל נישט אַלס פאָרמע, נאָר אַלס פּ ע י ק י י ט צו פּ אָ ד ע ר ן פאָרמעס פונעם אַדיעקטיוו (ווי דאָס ווערט געטון — און מיט רעכט — בנוגע דעם מין פון סובסטאַנטיוו), און ווען מירן קומען צו דער קליינער גרופּע דעקלינירלעכע סובסטאַנטיוון, וועלן מיר זאָגן, אַז זיי האָבן — אין קעגנזאַץ צו אַנדערע — אויך אַ בויגפאַל-פאָ ר מ ע. אָט דעם צווייטן אופן פרוּוו איך דאָ דורכפירן. איך רעכן, אַז אויך אין שול קען מען, מיט די נויטיקע פאַראיינפאַכונגען, זיך שטעלן אויף דעם וועג, ד"ה איינזען אין „כ'זע אַ טיש" נישט קיין „בויגפאַל" פון „טיש", נאָר בלויז אַ פּאָטענציעלן בויגפאַל פון אַן אַדיעקטיוו, וואָס וואָלט געקאָנט קומען ביים וואָרט טיש (כ'זע ד ע ם טיש, כ'זע אַ ש וו אַ ר צ ן טיש).

73. אַן אַדיעקטיוו (אַ באַטייטיקער) באַצייכנט אַ סימן, אָפּגע-טראָגן צו אַ זאַך (צוגעשריבן צו אַ זאַך, אַ סימן מיט אַן אָנווייז אויף זיין געהעריקייט צו אַ זאַך).

74. אַ סובסטאַנטיוו באַטייט אַ געגנשטאַנד אַלס אַ סימן-טרעגער, ד"ה עפּעס אַזוינס, וואָס איז אָדער אַ קאָנקרעטע באַזונדערע זאַך אָדער ווערט געדענקט ווי אַ באַזונדערע זאַך.

75. ווען מיר פאַרגלייכן אַזעלכע באַהעפטן:

אַ רוסישער רעוואָלוציאָנער (זיגט) — אַ רוסישן רעוואָלוציאָנער (קען איך) — אַ רוסישע רעוואָלוציאָנערקע — אַ רוסיש דאָרף — אַ רע-וואָלוציאָנער אַ רוסישער, אאַז"וו.

און: אַ רוסלענדער רעוואָלוציאָנער (זיגט) — אַ רוסלענדער רע-וואָלוציאָנער (קען איך) — אַ רוסלענדער רעוואָלוציאָנערקע — אַ רוסלענ-דער דאָרף — אַ רעוואָלוציאָנער אַ רוסלענדער, אאַז"וו —

באַמערקן מיר צוויי זאַכן: 1) „רוסישער" און „רוסלענדער" זע-נען ענלעך לויט דער ראָלע אין באַהעפט, דהיינו לויטן גראַמאַטישן באַטייט (סימן, אָפּגעטראָגן צו אַ זאַך), לויטן ווערטער-סדר און אינטאָ-נאַציע, 2) „רוסישער" און „רוסלענדער" זענען נישט ענלעך לויט די פאָרמעס; „רוסישער" האָט אַדיעקטיווישע סינטאַקסישע פאָרמעס, „רוס-לענדער" — נישט. „רוסישער" איז אַ דעקלינירלעכער אַדיעקטיוו, „רוס-לענדער" — נישט.

ס'איז באַקוועם אויסצוטיילן אַזעלכע ווערטער, וואָס שפּילן די-ראָליע פון אַדיעקטיוו, אָבער האָבן נישט קיין אַדיעקטיווישע סינטאַק-סישע פאָרמעס, אין אַ באַזונדער קלאַס. מע קען זיי רופן נישט־דעק-לינירלעכע אַדיעקטיוון. ביישפּילן:

1) רוסלענדער, אַמעריקאַנער, מאָסקווער, כאַרקאָווער...
2) וואָס פאַר אַ, אַזאַ, אאַז״וו.
3) אַהער קען מען אויך אָפּטראָגן די צאָלנעמען: צוויי, דריי...
(אָבער „איינער" איז אַ דעקלינירלעכער אַדיעקטיוו).

76. מע קען פאַראייניקן די דעקלינירלעכע און נישט דעקלינירלעכע אַדיעקטיוון אין איין קלאַס אדיעקטיוון (אייגנשאַפטווערטער).

77. ווען מיר פאַרגלייכן אַזעלכע אויסדריקן:

| | |
|---|---|
| אַ גרינער בוים | דער בוים איז גרין |
| אַ גרינע לאָנקע | די לאָנקע איז גרין |
| אַ גרין פעלד | דאָס פעלד איז גרין |

באַמערקן מיר, אַז אין די אויסדריקן רעכטס האָבן מיר פאַר זיך אַן אַדיעקטיוו (איינע פון זיינע פאָרמעס איז אַ נול-פאָרמע). אין די אויסדריקן לינקס האָבן מיר דאָס וואָרט גרין, וואָס איז פאָנעטיש ענלעך צו דער נול-פאָרמע פון אַדיעקטיוו. צי איז עס אַן אַדיעקטיוו? אַדיעקטיוו רופן מיר אַ וואָרט, וואָס אין אָפּהאַנג פון אַן אַנדער וואָרט איז פראַזע (סובסטאַנטיוו) נעמט ער אָן איינע פון די אַדיעקטיווישע פאָרמעס. דאָ זעען מיר עס נישט. אין אַלע דריי פראַזעס: דער בוים איז..., די לאָנקע איז..., דאָס פעלד איז... קומט די זעלביקע פאָרמע (נול-פאָרמע) „גרין". איז עס נישט קיין אַדיעקטיוו — ס'איז עפּעס אַנדערש. נאָך ביישפּ.: איך פאַרב גרין, איך זינג שיין, איך לייען ליגנדיק.

78. אַ וואָרט, וואָס איז פאָנעטיש ענלעך צו דער נול-פאָרמע פון אַן אַדיעקטיוו (אַנדערש געזאָגט: אַ וואָרט, וואָס אַנטהאַלט אַ בלויזע אַדיעקטיוו-טעמע), אָבער שליסט זיך נישט איין אין דער אַדיעקטיוו-סיסטעם (ענדערט נישט זיין פאָרמע אין אָפּהאַנג פון אַן אַנדער וואָרט אין רייד), הייסט **אדווערב**. (אַהער געהערן, אגב, די גערונדיומען.)

79. אַן אַדווערב באַטייט אַ סימן, אָפּגעטראָגן צו אַ טוונג, צו אַ סימן, צו אַ זאַך.

80. אַ פּאַרטיציפּ קען אָפט באַקומען אַדיעקטיווישע פאָרמעס (אַ גערופענער מענטש, אַ גערופענעם מענטשן, אַ גערופענע פרוי). אין אַזאַ פאַל איז דער פּאַרטיציפּ אַליין פאַר זיך — אַן אַדווערב (אויב נאָר עס איז נישט קיין נול-פאָרמע פון דעם אַדיעקטיוו: אַ גערופן קינד). אַ

פארטיציפּ אָבער, וואָס גייט אריין אין באשטאנד פון א צונויפגעזעצטער ווערבפאָרמע (און אין אייניקע אנדערע פאלן), איז נישט קיין אדווערב: ער אסאָציירט זיך נישט מיט קיין אדיעקטיוו.

81. אויב מיר זאָלן אָנרופן אַלע ווערטער, וואָס געהערן נישט צו קיין איינעם פון די ביז-אַהעריקע קלאַסן, אינוואַריאַנט (אומפאַר-ענדערלעכע), וועלן מיר באַקומען אַזאַ קלאַסיפיקאַציע פון ווערטער:

פערזאָנוואָרט
אימפּעראַטיוו
אינפיניטיוו
פּאַרטיציפּ
אַדיעקטיוו
סובסטאַנטיוו
אַדווערב
אינוואַריאַנט.

82. די קלאסיפיקאציע שטעלט-פאָר א ריי שוועריקייטן:

1) אמאָל קען איין וואָרט געהערן איינצייטיק צו צוויי קלאסן: „געמאכט" קאָן זיין א פארטיציפּ און אן אדווערב („געלאכט" איז א פארטיציפּ, נישט קיין אדווערב); אין „דער אלטער" איז „אלטער" איינ-צייטיק אדיעקטיוו און סובסטאנטיוו (סובסטאנטיווירטער אדיעקטיוו), אין „דאָס שיינע זינגען" איז „זינגען" איינצייטיק אן אינפיניטיוו און א סובסטאנטיוו (סובסטאנטיווירטער אינפיניטיוו).

2) ס'קענען זיין ספקות וועגן דער געהעריקייט פון א וואָרט, צ. ב. א רחמנות — סובסטאנטיוו צי אינוואריאנט?

3) אמאָל איז נייטיק איבערגרופּירן די ווערטער אנדערש, צ. ב. פערזאָנוואָרט, אימפּעראטיוו, אינפיניטיוו, פּארטיציפּ און א טייל אדווערבן (גערונדיום) האָבן מיר פאראייניקט אין איין קלאס — ווערב; פון אינוואריאנט וועלן מיר נאָך אויסטיילן א גאנצע ריי קלאסן.

83. נישט געקוקט אויף די שוועריקייטן פון דער דאָזיקער קלאַסיפיקאַציע, קען זי אָנגענומען ווערן פאַר אַן אָריענטיר-קלאַסי-פיקאַציע. זי איז געבויט לויט פאַרשידענע פּרינציפּן. יעדע קלאַסי-פיקאַציע, וואָס זאָל זיין געבויט לויט איין פּרינציפּ (לאָגיש), וואָלט פּראַקטיש געווען צו שווער. פּאַקטיש קאָן מען נישט קלאַסיפיצירן די ווערטער פון דער שפּראַך בלויז לויט איין פּרינציפּ, סיידן מע זאָל אַרויסלאָזן פון אויג אַ גאַנצע מאַסע שפּראַכלעכע דערשיינונגען. פון אַ

קלאַסיפיקאַציע פון ווערטער פאָדערט זיך נאָר, זי זאָל געבן די מעגלעכקייט אויפצובויען אַ סיסטעם פון גראַמאַטיק.

די אַזוי גערופענע פראָנאָמען (איך, דו, דער, וואָס, וועלכער...) טיילן מיר דערווייל נישט אויס אין קיין באַזונדערע קלאַס (392).

## 5. פאָרמע פון באַהעפט

84. מיר האָבן געזען, אַז ס׳זענען פאַראַן ווערטער באַטייטיקע און באַהילפיקע. אָפטמאָל ציט זיך (געהערט, איז שייך) אַ באַהילפיקער וואָרט צו אַ באַטייטיקן (באַדינט אים, אַזוי צו זאָגן). צ.ב. ווי קליינע וועלפעלעך זיך שפילן מיינע קינדער (האָפּ.), דאָ ציט זיך „ווי״ צו „וועלפעלעך״, „זיך״ צו „שפילן״. דער טאַטע האָט אָפּגעריכט די דריטע סעודה (האָפּ.), „דער״ ציט זיך צו „טאַטע״, „האָט״ צו „אָפּגעריכט״, „די״ צו „סעודה״.

אַ באַהילפיק וואָרט קען זיך ציען אויך צו אַ גאַנצער ווערטער גרופּע: „און ענג איז מיין וועלטל״ (האָפּ.) — „און״ ציט זיך צו „ענג אי מיין וועלטל״.

85. אַ באַטייטיק וואָרט, צוזאַמען מיט זיינע באַהילפיקע (אויב אַזעלכע זענען פאַראַן), הייסט, אַלס אַ טייל פון אַ פראַזע, סינטאַגמע (פראַזעגליד).

86. אין אַ פראַזע ציען זיך אָפּט די סינטאַגמעס איינע צו דער אַנדערער.ביישפּיל: ווי קליינע וועלפעלעך זיך שפילן מיינע קינדער. דאָ איז 5 סינטאַגמעס: ווי וועלפעלעך — קליינע — זיך שפילן — מיינע — קינדער. ס׳ציען זיך: ווי קליינע וועלפעלעך, ווי וועלפעלעך זיך שפילן, זיך שפילן קינדער, מיינע קינדער; ס׳ציען זיך נישט: קליינע זיך שפילן, ווי וועלפעלעך מיינע, זיך שפילן מיינע אאַז״וו.

אַ גראַמאַטישן קריטערי פון סינטאַגמעס-ציונג קען מען נישט שטענדיק געבן. אָבער אויב מע פאַרשטייט ריכטיק די פראַזע — נעמט מען אויך די סינטאַגמעס-ציונג. אַ שטרייט אָדער אַ ספק וועגן ציונג פון סינטאַגמעס איז אָפטמאָל אַ שטרייט אָדער אַ ספק וועגן דעם מיין פון דער פראַזע.

87. נאָך אַ ביישפּיל: אַ גאַנצן טאָג אין רשות פון וועגן זיין (האָפּ.). דאָ איז 5 סינטאַגמעס: אַ טאָג, גאַנצן, אין רשות, פון וועגן, זיין. זיי ציען זיך אַזוי: אַ גאַנצן טאָג, אַ טאָג זיין (פרגל׳ איך וויל

כאָטש אַ טאָג זיין אין רשות פון וועגן), אין רשות פון וועגן, אין רשות זיין; עס ציען זיך אָבער נישט: אַ טאָג אין רשות, אַ טאָג פון וועגן, פון וועגן זיין אדג״ל.

88. צוויי סינטאַגמעס, וואָס ציען זיך איינע צו דער אַנדערער, בילדן אַן **עלעמענטאַרן באַהעפט.**

מיר זעען, אַז אַן עלעמענטאַרער באַהעפט בילדט זיך נישט דווקא פון שכנישע סינטאַגמעס.

89. ווען מיר פאַרגלייכן די פראַזעס:

ער גייט זיי לערנען,

ער גייט, זיי לערנען

— זעען מיר, אַז אין דער ערשטער פראַזע ציען זיך אַלע סינטאַגמעס איינע צו דער אַנדערער:

ער — גייט

גייט — לערנען

זיי — לערנען,

אין דער צווייטער — נישט:

ער — גייט

זיי לערנען.

אַזאַ אונטערשיד ווען מיר באַצייכענען דורך דעם, וואָס מירן זאָגן, אַז די ערשטע פראַזע אַנטהאַלט איין ווערטער־באַהעפט, און, די אַנדערע צוויי ווערטער־באַהעפטן.

90. ווערטער־באַהעפט (קירצער, באַהעפט) רופן מיר אַזאַ-טייל רייד (קען זיין אַ פראַזע און קען זיין ווייניקער ווי אַ פראַזע) ווו אַלע סינטאַגמעס קייטלען זיך דורך גראַמאַטישער באַהעפטונג. (קאָ. רעקטיוון — שפּעטער.) נאָך ביישפּילן:

1) אַלעמענס אויגן קוקן אויפן גאַסט, און דער גאַסט קוקט אַראָפּ אויף דער ערד (ש״ע). עלעמענטאַרע באַהעפטן:

אַלעמענס אויגן

אויגן קוקן

קוקן אויפן גאַסט

דער גאַסט קוקט

קוקט אַראָפּ

קוקט אויף דער ערד.

נישט שווער צו באַמערקן, אַז די פראַזע באַשטייט פון צוויי באַהעפטן. אַ פאַרבינדונג צווישן ביידע באַהעפטן איז יאָ פאַראַן (זי הערט

פאַרזוירקלעכט אין דעם פאַל דורכן וואָרט „און"), אָבער ס'איז אַ פאַר-בינדונג צווישן צוויי גאַנצע באַהעפטן, נישט צווישן איינצלנע סינטאַגמעס.

2) אַזוי זאָג איך צו מיין ברודער אלי' און כאַפּ פון אים אַ געשמאַקן פּאַטש מיט דער לינקער האַנט אין דער רעכטער באַק אַריין (ש"ע). עלעמענטאַרע באַהעפטן:

אַזוי זאָג
זאָג איך
זאָג צו ברודער *)
צו מיין ברודער
צו ברודער אלי'.
זאָג און כאַפּ
כאַפּ פון אים
כאַפּ אַ פּאַטש
אַ געשמאַקן פּאַטש
אַ פּאַטש מיט דער האַנט
מיט דער לינקער האַנט
אַ פּאַטש אין באַק אַריין
אין דער רעכטער באַק אַריין.

אַ סימן, אַז די גאַנצע פראַזע איז איין באַהעפט.

91. פון די ביישפּילן זעען מיר, אַז דער אונטערשיד צווישן אַ פראַזע, וואָס באַשטייט פון איין באַהעפט, און אַ פראַזע פון מערערע באַהעפטן ווערט נישט שטענדיק אָפּגעשפּיגלט אין דער אינטאָנאַציע: אין „ער גייט זיי לערנען" ווייזט טאַקע די קאָמע, צי דאָ איז איין באַהעפט, אָדער צוויי, אָבער אין לעצטן ביישפּיל איז אַ קאָמע (אין דער אינטאָנאַציע) פאַראַן (אין שריפט ווערט זי נישט באַצייכנט), און דאָך איז עס איין באַהעפט.

92. האָבן מיר שוין אויף אַזאַ אופן 5 שטופעס פון רייד-גלידערונג: די רייד באַשטייט פון פראַזעס, אַ פראַזע פון באַהעפטן, אַ באַהעפט פון סינטאַגמעס, אַ סינטאַגמע פון ווערטער, אַ וואָרט פון מאָרפעמעס. אַ גאַנצע רייד קען אַמאָל אַנטהאַלטן איין פראַזע, אַ גאַנצע פראַזע איין באַהעפט,

*) מע זאָגט נישט „זאָג צו ברודער", נאָר „זאָג צום (צו דעם) ברודער", אָבער דאָ איז דער אַרטיקל „דעם" צוליב אַ געוויסער אורזאַך נישטאָ, און מיר דאַרפן אַנאַליזירן נאָר דאָס, וואָס ס'איז געגעבן אין טעקסט.

אַ גאַנצער באַהעפט איין סינטאַגמע, אַ גאַנצע סינטאַגמע איין וואָרט, אַ גאַנצער וואָרט איין מאָרפעמע. די צוויי לעצטע פאַלן קומען פאָר באַזונדערס אָפט.

93. דער אופן, ווי אַזוי די סינטאַגמעס זענען באַהעפט און ווי אַזוי זיי ציען זיך איינע צו דער אַנדערער, בילדט די פאָרמע פון באַהעפט. ביישפּ.:

ס'גייט אַ באַקאַנטער לערער,

ס'וואַקסט אַ הויכער בוים.

ביידע באַהעפטן האָבן די זעלביקע פאָרמע:

1) אין ביידע איז פאַראַן אַ פערזאָנוואָרט, וואָס הענגט אָפּ פון אַ סובסטאַנטיוו, אין ביידע איז פאַראַן אַן אַדיעקטיוו, וואָס הענגט אָפּ פון אַ סובסטאַנטיוו, אין ביידע איז פאַראַן אַ סובסטאַנטיוו (אַ נאָמינאַטיוו), 2) אין ביידע פראַזעס שטייען די ווערטער אין זעלביקן סדר: פערזאָנוואָרט — אַ—אַדיעקטיוו — סובסטאַנטיוו, 3) ביידע פראַזעס ווערן אַרויסגערעדט מיט דער זעלביקער אינטאָנאַציע.

94. אָט זענען באַהעפטן מיט פאַרשידענע פאָרמעס:

ס'גייט אַ באַקאַנטער לערער (נישט קיין שוסטער),

ס'גייט אַ באַקאַנטער לערער (נישט קיין אומבאַקאַנטער).

די צוויי באַהעפטן שיידן זיך אונטער אין דער אינטאָנאַציע.

אַ באַקאַנטער לערער גייט.

אַ באַקאַנטער לערער גייט?—

שיידן זיי זיך אונטער אין דער אינטאָנאַציע.

אַ באַקאַנטער לערער גייט,

אַ לערער אַ באַקאַנטער גייט—

שיידן זיך אונטער אין ווערטער-סדר (און מיט אַן איבעריקן „אַ").

95. די דאָזיקע באַהעפטן זענען גרופּירט לויט די פאָרמעס:

1) הויך שפּרינגען, גיך לויפן, שיין שרייבן, פלייסיק אַקערן,

2) הויך געשפּרונגען, גיך געלאָפן, שיין געשריבן,

3) שפּרינגסט הויך, לויפסט גיך, אַקערסט פלייסיק,

4) אַ הויכער שפּרונג, אַ ווייסע וואַנט, אַ פאַרגעסענער שרייבער,

5) אַ שטאָט מיט מענטשן, אַ טיש מיט אַ שופלאָד, אַ שטוב מיט אַ דאַך.

96. מיר זעען, אַז די פאָרמע (פאָרמאַלער באַטייט) און דער אינהאַלט (מאַטעריעלער באַטייט) פון אַ באַהעפט זענען נישט פאַרבונדן:

דעם זעלביקן אינהאַלט קען מען אויסדריקן אין פאַרשידענע פאָרמעס, און די זעלביקע פאָרמע (צ.ב.פערזאָנוואָרט+אַדיעקטיוו + סובסטאַנטיוו+נאָמינאַטיוו) קען באַדינען פאַרשידענע אינהאַלטן.

97. ווען מיר האָבן דריי ווערטער „שרייבער, שרייבן, גייער", קען מען זיי צעשטעלן אין אזא סדר:

מאטעריעל ענלעך

פאָרמאַל ענלעך } שרייבער שרייבן / גייער x

און מען קען געפינען א פערטן וואָרט, וואָס זאָל האָבן דעם פאָרמאַלן באַטייט פון שרייבן און דעם מאַטעריעלן באַטייט פון גייער (אזוי צו זאָגן, א פערטע פראָפאָרציאָנאַלע צו דער פראָפאָרץ שרייבער: גייער = שרייבן: x) — דאָס וועט זיין „גיין". פונקט אזוי קען זיין מיט גאַנצע באַהעפטן:

מאטעריעל ענלעך

פאָרמאַל ענלעך } א לערער גייט, א לערערס גאַנג / א בוים וואַקסט x

„פערטע פראָפאָרציאָנאַלע" — א בוימס וווּקס.

98. אין די ווערטער „שרייבער, שרייבן" אַז"וו זענען פאַראַן ספּעציעלע קלאַנגען — טרעגערס פון דער פאָרמע. דאָס זענען די סופיקסן —ער, —ן אַז"וו. ווער זשע זענען די טרעגערס פון דער פאָרמע אין באַהעפטן? אויב מירן נעמען די באַהעפטן: דער גרינער בוים, דער בוים גרינט, און מירן אויסטיילן די קלאַנגען גרין, בוים, אַלס טרעגערס פון די מאַטעריעלע באַטייטן („אינהאַלט"), וועט בלייבן:

1) דער (גרינ)ער (בוים)

2) דער (בוים) (גרינ)ט

ד"ה באהילפיקע ווערטער (דער), אפיקסן פון באַזונדערע ווערטער (ער, ט) און דער סדר פון די ווערטער (אין דער ערשטער פראַזע פריער „גרינ(ער)" דערנאָך „בוים", אין דער צווייטער פאַרקערט). א פערטער טרעגער פונעם פאָרמאַלן באַטייט פון אַ באַהעפט איז אינטאָנאַציע.

99. פאַראַן נאָך אַ „נול-פאָרמע". לאָמיר פאַרגלייכן:

איך רופֿ אים עסן,
איך פּרוּוו אים איינרעדן.

ס׳קען אויסווייזן, אַזביידע באַהעפֿטן זענען געבויט אַנאַלאָגיש — ס׳איז אָבער אַ טעות. דער ערשטער באַהעפֿט אַנטהאַלט די עלעמענטאַרע באַהעפֿטן:

איך — רופֿ
רופֿ — אים
רופֿ — עסן,

דער צווייטער:

איך — פּרוּוו
פּרוּוו איינרעדן
אים איינרעדן.

אין ערשטן ציט זיך „אים" צו „רופֿ", אין צווייטן — נישט צו „פּרוּוו" (וואָס פֿאַרנעמט דאָ דעם אָרט פֿון „רופֿ"), נאָר צו „איינרעדן".

100. צווישן „דער גרינער בוים" און „דער בוים גרינט" איז דאָ אַ וויכטיקער פֿאָרמאַלער אונטערשיד. אין צווייטן באַהעפֿט איז פֿאַראַן אַ פּערזאָנוואָרט, אין ערשטן נישט. דער צווייטער דריקט דעריבער אויס אַ געדאַנק, דער ערשטער באַצייכנט נאָר אַ זאַך (אמת, צוזאַמען מיט אַ סימן, אָבער אָן קאָנסטאַטירונג). אַ באַהעפֿט אָן אַ פּערזאָנוואָרט רופֿ איך **אָפֿענער באַהעפֿט,** מיט אַ פּערזאָנוואָרט — **געשלאָסענער באַהעפֿט אָדער זאַץ.**

## 6. גראַמאַטיק

101. די לערע וועגן אַ שפּראַך קען מען איינטיילן אויף **פֿאָנעטיק** (לערע וועגן די קלאַנגען און קלאַנגלעכע פּראָצעסן אַליין פֿאַר זיך) און **סעמאַנטיק** אָדער סעמאַסיאָלאָגיע (לערע וועגן די באַטייטן אַליין פֿאַר זיך).

102. ווען מע דערלערנט אָבער די קלאַנגען צוזאַמען מיט זייערע באַטייטן, באַקומען מיר אַזאַ צעצווייגונג פֿון שפּראַכלערע:

| | לערע װעגן װערטער | לערע װעגן װערטער־גרופּירונגען | שותּפותדי־קער נאָמען |
|---|---|---|---|
| לערע װעגן מאַטעריעלע באַטײַטן | לעקסיקאָ־לאָגיע | פּראַזעאָ־לאָגיע | (סעמאַסיאָ־לאָגיע) |
| לערע װעגן פאָרמעס | מאָרפאָלאָגיע | סינטאַקס | גראַמאַטיק |

103. מאַטעריעלער באַטײַט פון װאָרט אָדער װערטערגרופּע הײסט אויך לעקסישער, פאָרמאַלער באַטײַט הײסט אויך גראַמאַטישער.

104. פאַראַן ספק־פאַלן צװישן מאָרפאָלאָגיע און סינטאַקס. סינטאַקסישע פאָרמעס (22) זענען פאָרמעס פון װערטער, געהערן דעריבער צו מאָרפאָלאָגיע; זײ זענען אָבער אין דער זעלביקער צײַט מיטלען פון באַהעפט־פאָרמעס (98), געהערן זײ אויך צו סינטאַקס.

105. געװײנלעך דערלערנט מען אין מאָרפאָלאָגיע די „בילדונג" פון אַזעלכע פאָרמעס (ד.ה. זײער קלאַנגלעכע זײַט) און אין סינטאַקס — זײער „באַנוץ" אָדער „באַטײַט" (זײער סעמאַנטישע זײַט). אַזאַ צעטײלונג איז קינסטלעך און נישט באַרעכטיקט: מע קען נישט רעדן װעגן בילדונג פון פערזאָנפאָרמע אדג"ל, נישט װיסנדיק, װאָס איז עס פאַר אַ פאָרמע, ד.ה. אין װאָס באַשטײט איר פונקציע.

106. די טערמינען מאָרפאָלאָגיע, סינטאַקס, גראַמאַטיק זענען װײַט פון גענויקײַט. „מאָרפאָלאָגיע" באַטײַט בוכשטעבלעך „פאָרמענלערע", אַזױ אַז דאָס װאָלט געװען דער פּאַסיקער נאָמען פאַר גראַמאַטיק בכלל. „סינטאַקס" באַטײַט פאַראײניקונג, פאַרבינדונג, ד.ה. די לערע װעגן פאַרבינדונג פון װערטער און רײד. אַ פּראַזע קען אָבער באַשטײן פון אײן װאָרט (זעסט, קום, חיים!). און אַזאַ פּראַזע װערט פונדעסטװעגן אויך דערלערנט אין סינטאַקס. „גראַמאַטיק" באַטײַט בוכשטאַבן־ אָדער שריפט־לערע, ד.ה. די קונסט פונאַנדערצוקלײַבן אַלטע שריפט־דענקמעלער. דער נאָמען נעמט זיך פון דער ראָלע פון גראַמאַטיק אין אַלטן גריכנלאַנד, װוּ זי איז געװען אַ הילף־מיטל בײַם לײענען אַלטע פּאָעטן. הײַנט איז אָנגענומען דװקא

שריפטלערע נישט אָפּצוטראָגן צו גראַמאַטיק, נאָר אויסצוטײלן אין אַ באַזונדער דיסציפּלין — אָרטאָגראַפיע.

107. אַזוי ווי גראַמאַטיק און לעקסיק איז נישט דאָס אײגענע, אַזוי איז גראַמאַטישע ריכטיקייט און לעקסישע ריכטיקייט פון רייד אויך נישט די זעלביקע זאַך. „איך זאָלט מיר פריגאָטאָווען די שטשאָטעס אין פּאָלנעם פּאָריאַדאָק" (ש"ע) — איז גראַמאַטיש ריכטיק, בעת לעקסיש שטימט עס נישט מיט דער ליטעראַרישער שפּראַך (735).

108. ס'זענען פאַראַן באַריר-פּונקטן צווישן גראַמאַטיק און לעקסיק: אימפּעראַטיוו-פאָרמע („נעם") ווערט דערלערנט אין גראַמאַטיק, און די ווערטער וויל („איך וויל זאָלסט נעמען"), מעג („מעגסט נעמען") אדג"ל — אין לעקסיק, הגם זײ באַטײטן דאָס אײגענע, וואָס אימפּעראַטיוו. פאַרקלענער-סופיקס (שטיבל) — איז גראַמאַטיק, „קליין" (אַ קלײנע שטוב) — לעקסיק.

109. גראַמאַטיק איז אַ לערע וועגן פאָרמעס, ד.ה. זי איז אַ פאָרמאַלע וויסנשאַפט. מיט די מאַטעריעלע באַטײטן פון ווערטער און פראַזעס האָט זי נישט צו טון. די פראַזעס „אײזן איז דורכזיכטיק", „צוויי מאָל צוויי איז אַ סטעאַרין-ליכט", „שלאָף גיכער, מע דאַרף דאָס קישן" אדג"ל זענען גראַמאַטיש ריכטיק. צי אײזן איז טאַקע דורכזיכטיק און צי צוויי מאָל צוויי איז טאַקע אַ סטעאַרין-ליכט — דאָס זענען פראַגעס פון פיזיק און מאַטעמאַטיק, נישט פון גראַמאַטיק. גראַמאַטיק דערלערנט געוויסע שפּראַכלעכע רעסורסן, אומאָפּהענגיק, צי די רעסורסן ווערן אויסגעניצט אויף איבערצוגעבן אַ פאַקט אָדער אַ ליגן אָדער אַן אַבסורד.

110. אַ שפּראַך קען דערלערנט ווערן אויף צווייערליי אופנים: דער צושטאַנד פון דער שפּראַך אין אײן באַשטימטן מאָמענט (סיסטעמאַטיזירקע שפּראַכלערע) און די אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך (היסטאָרישע שפּראַכלערע). פון שטאַנדפּונקט פון היסטאָרישער שפּראַכלערע איז די סיסטעמאַטיזירקע בלויז אַ צוגרייט-אַרבעט. זי האָט אָבער אַ פּראַקטישן און טעאָרעטישן ווערט אַלײן פאַר זיך אויך.

111. לעקסיקאָלאָגיע, דערלערנט פון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט, הייסט עטימאָלאָגיע. דאָס איז אַלזאָ די לערע וועגן אָפּשטאַמונג און געשיכטע פון אײנצלנע ווערטער. אויך די אָפּשטאַמונג גופא פון אַ וואָרט רופט מען „עטימאָלאָגיע". צ.ב. „די עטימאָלאָגיע פון ,דאַוונען' איז נישט פעסטגעשטעלט", ד.ה. ס'איז נישט געגוי באַוווסט, פונוואַנען שטאַמט אָט דאָס וואָרט.

אין דער אַלטער שול-גראַמאַטיק פלעגט מען פאָנעטיק צוזאַמען מיט מאָרפאָלאָגיע רופן „עטימאָלאָגיע". דער טערמין איז נישט באַקוועם, ווייל ער האָט אין דער וויסנשאַפט אַן אַנדער באַטײט.

# ג ר ו נ ט ט י י ל

## I. װ אָ ר ט

### 1. בילדונג פון סובסטאַנטיװן

112. לויט די פאָרמאַלע סימנים פון װאָרטבילדונג קען מען איינטיילן סובסטאַנטיװן אַזוי:

1) אייגנטלעכע סובסטאַנטיװן און סובסטאַנטיװירונגען; סובסטאַנטיװירונגען הייסן נישט-סובסטאַנטיװן, װאָס װערן פאַרװאַנדלט אין סובסטאַנטיװן בלויז דורכן קאָנטעקסט, נישט דורך ספּעציעלע סימנים, צ.ב. היינט (אינװאַריאַנט) — דער היינט (סובסטאַנטיװירט). טיש, מענטש, לערער, לערערקע, לערערס, דאָרפלערער זענען אייגנטלעכע סובסטאַנטיװן.

2) אייגנטלעכע סובסטאַנטיװן טיילן זיך אויף איינפאַכע (מיט איין װאָרצל) און צונויפגעזעצטע (מער װי איין װאָרצל); „דאָרפלערער" איז צונויפגעזעצט.

3) איינפאַכע טיילן זיך אויף װאָרצלדיקע (אָן אַפיקסן) און אויף אַזעלכע, װאָס פאַרמאָגן אפיקסן.

4) װאָרצלדיקע זענען אָדער אָן שום סימנים (טיש, מענטש) אָדער מיט אינװייניקסטער בייגונג אַלס פאָרמאַלן סימן (טראָט, פרגל' טרעטן).

5) װייטער טיילן זיך נאָך די פאָרמעדיקע (ד.ה. די, װאָס פאַרמאָגן אינװייניקסטע בייגונג אָדער אַפיקסן) אויף באַזונדערע גרופעס לויטן אַפיקס אָדער אַנדער סימן; אויך די צונויפגעזעצטע טיילן זיך אויף גרופעס לויטן אופן און טיפּ פון צונויפזאַץ.

113. די װיכטיקסטע סופיקסן, װאָס דינען אויף צו בילדן סובסטאַנטיװן (אַחוץ די סופיקסן פון װייבלעכע נעמען, פאַרקלענער-נעמען,

פאַרצויגענע נעמען, פאַראַבֿט-נעמען און מערצאָל, וואָס וועלן דערלערנט ווערן באַזונדער), זענען געגעבן אין דער דאָזיקער טאַבעלע. (זע טאַבעלע אויף די זייטן 50—59.)

114. זעלטענערע סופיקסן:

—אַט: אדרעסאַט, מאַטריארכאַט, סעקרעטאַריאַט, פאַטריארכאַט, פּראָלעטאַריאַט.

—אַק (אָפט מיט פאַרווייכונג פון פריערדיקן קאָנסאָנאַנט; אויך —ניאַק): טרייפניאַק, פאַסקודניאַק, פּויליאַק, צבועאַק, קלויזניאַק (האָט אַ סוביעקטיוון באַטייט פון פאַראַכטונג).

—יאַדע (ווערט פאַרשפּרייט די לעצטע צייט אין ליטעראַרישער שפּראַך אלס פאַרטייטש פון רוסישן щина—): אָבלאָמאָוויאַדע, פּעטלוריאַדע, קאַראַמאַזאָוויאַדע.

—לינג: אויסוואַרפלינג (ש"ע), בלאָנדזשלינג, דערצויגלינג, וויצלינג, ליבלינג, צווילינג, פינפטלינג, זעקסטלינג, צענדלינג (צענדליק); ווערט אָנגעווענדט אין נייבילדונגען.

—נס: אויסנעמענס, באַדעקנס, פאַרמעגנס.

—ות: (העברעישע סובסטאַנטיוון מיט טראַפּיקן נ'): בדחנות, חזנות, למדנות, שדכנות.

—ציע (—אַציע, —וציע, —יציע): עוואָלוציע, עמאַנסיפּאַציע, ציוויליזאַציע, קאָלעקציע, קאַנאַליזאַציע, קאָנסטרוקציע, רעדאַקציע, רעוואָלוציע, רעזאָלוציע.

אויפן גרענעץ פון סופיקסן שטייען — גראַפיע, —לאָגיע אאז"וו.

115. פּרעפיקסן. פּרעפיקס גע— קומט מיט אַ ווערבאַלער טעמע, אָפטמאָל מיט אינווייניקסטער בייגונג, באַטייטנדיק דאָס רוב אַ טוונג. די סובסטאַנטיוון געהערן דאָס רוב צום דריטן מין. ביישפּ.: געביי, געבייזער, געבעק, געברויך, געדאַנק, געהילך, געוויין, געוועש, געזאַנג, געיעג, געלויף, געפיל, געשלעג, געשריי.

פּרעפיקס אומ— באַטייט געגנזאַץ: אומגליק, אומחן, אומכּבוד.

116. פאַר פּרעפיקסן קען מען רעכענען אויך: אור—, עלטער—שטיף—, — באַטייטן קרובהשאַפט: אורעלטערן, אוראייניקל, עלטערזיידע, שטיפקינד; אויבער—, אונטער—, אַרכי—, וויצע—, עקס—, — באַטייטן פאַרשידענע היעראַרכישע באַציונגען צווישן אָפיציעלע פּערזאָנען: אויבערהאַר, אונטערשמש, אַרכיעפּיסקאָפּ (אַרכיבישאָף), וויצע-סעקרעטאַר,

| סופיקס | פון וואָס פאַר אַ טעמע | אָפּטסטער באַטייט |
| --- | --- | --- |
| —אטאָר | פון ווערב מיט סו־פיקס —יר— | איינער, וואָס פאַרנעמט זיך מיט עפּעס אָדער איז פעיק צו עפּעס; אפּאַראַט. |
| —הייט | פון אדווערב און פון סובסטאנטיוו | אייגנשאַפט (פרייהייט); אַ זאַך, וואָס באַזיצט אַן אייגנ־שאַפט (שיינהייט—אַ שיינע פּער־זאָן, אַ שיין בילד); אויסשעפּי־קער קאָלעקטיוו (מענטשהייט — אַלע מענטשן). |
| —ונג | פון ווערב | טוונג; רעזולטאַט פון אַ טוונג; איין וואָרט קען האָבן פּאַרש. באַטייטן (פּאַראייניקונג— די אַקציע פון פאַראייניקן און די אָרגאַניזאַציע, וואָס בילדט זיך אַלס רעזולטאַט פון אַזאַ אַקציע). |
| —ווארג | פון אַדווערב און פון סובסטאַנטיוו | אַ זאַמלונג זאַכן אָדער פּער־זאָנען, כאַראַקטעריזירט דורך אַ סימן. |
| —טום | פון אדווערב און פון סובסטאַנטיוו אין דער מערצאָל | זאַך כאַראַקטעריזירט דורך אַ סימן (הייליקטום-דאָס, וואָס הייליק); אויסשעפּיקער קאָלעק־טיוו (יידנטום—אַלע יידן). |

| אָנמערקונגען | ביישפילן | מין |
| --- | --- | --- |
| אַקצענטירט; דער סופיקס —יר—פאַלט אָפּ; פאָלקסטימלעך קלינגט אַמאָל —אַטער. | איניציאַטאָר, אָפּעראַטאָר, אָרגאַניזאַטאָר, דיקטאַטאָר, ליקווידאַטאָר, סעפּאַראַטאָר, פּולווערייזאַטאָר, קאָאָפּעראַטאָר. | דער |
| | גאָטהייט, גאַנצהייט, גלייכהייט (מאַטעמ. טערמין), געוויינהייט, געזונטהייט, טרייהייט, מענטשהייט, פרייהייט, קינדהייט, שיינהייט. | די |
| איינער פון די לעבעדיקסטע סופיקסן; ביי טראַפּיקן נ— קאָמפּענסיר —ע (§ 905): רעבן—רעבענונג. | איבערקערונג, אַנטוויקלונג, אָפּפאַרבונג, אָפּשוואַכונג, אָפּשפּיגלונג, ארויסטרעטונג, גלייכונג, געזעצגעבונג, האַנדלונג, האָפענונג, היילונג, זוכונג, זעונג, טוונג, מיינונג, פּאַרטיידיקונג, פּאַראייניקונג, פינאַנסירונג, צירונג, קליידונג, רעכענונג, שוכונג; פעסטונג (פון אַדווערב). | די |
| | אַלטוואַרג, בראָכוואַרג, גאָרטנוואַרג, גרינוואַרג, יונגוואַרג, עסנוואַרג, צוקערוואַרג, קליינוואַרג, רויוואַרג. | דאָס |
| | אייגנטום, בעל־גופנטום, הייליקטום, יידנטום, סוחרימטום, קריסטנטום, רייכטום. | דאָס |

| סופיקס | פון וואָס פאַר אַ טעמע | אָפּטסטער באַטייט |
| --- | --- | --- |
| –טל, –סטל | פון אַ צאָלנאָמען | בראָכצאָל |
| –יזם | פון סובסטאַנטיוון (אָפּט פון אייגן-נעמען), פון אַדווערבן, פון נישט-זעלבשטענדיקע טעמעס | לערע, געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, געזעלשאַפטלעכע סטרוקטור, כאַראַקטערשטריך |
| –ײַ | פון סובסטאַנטיוו מיט –ער (דאָס רוב פון אַ ווערבאַלן סובסטאַנטיוו מיטן סופיקס –ער) | מלאכה, לאַנגדויערנדיקע טוונג, אונטערנעמונג |
| –יסט | פון סובסטאַנטיוו (אָפּט פון אייגן-נעמען), פון אַד-ווערבן, פון נישט-זעלב-שטענדיקע טעמעס | אָנהענגער פון אַ לערע, באַ-טייליקער פון אַ געזעלשאַפט-לעכער באַוועגונג, מיטגליד פון אַן אָרגאַניזאַציע, פּראָפעסיאָנאַל, באַזיצער פון אַ כאַראַקטער-שטריך |

| אָנמערקונגען | בײַשפּילן | מין |
|---|---|---|
| אינװײניקסטע בײגונג װי בײַ בילדונג פֿון נומער-אַדיעקטיװן (דריטל, פֿערטל), מערצאָל מיט —ען. | צװײטל (קינסטלעך, אַלס מאַטעמאַטישער אױסדריק, אָנשט. העלפֿט), דריטל, פֿערטל, צװאָנציקסטל, צװאָנציק-צװײטל. | דאָס |
| אַקצענטירט ; אָנטשפּרעכונג מיט —יסט (§ 32). | אַטעיזם, אַנאַרכיזם, אָפּטימיזם, באָלשעװיזם, דאַרװיניזם, העראָיזם, יודאַיזם, יידישיזם, לעניניזם, מאַרקסיזם, עגאָיזם, פֿאַנאַטיזם, פֿאָרמאַליזם. | דער |
| אַקצענטירט; אַמאָל איז שװער אונטערשײדן —ער + ײ פֿון —ערײ (ז. װײטער). | בעקערײַ, דאָקטאָרײַ, העבערײַ, װעשערײַ, טישלערײַ, חזירײַ, לערערײַ, מאַלערײַ, מאָלערײַ, מעקלערײַ, מערדערײַ, נאַשערײַ, סטאָלערײַ, פֿאַרבערײַ, קאָנדיטערײַ, קונדײסערײַ, שוסטערײַ, שװינדלערײַ, שטיפֿערײַ, שלאָסערײַ, שמידערײַ, שנאָרערײַ, שנײַדערײַ. | די |
| אַקצענטירט, אָנטשפּרעכונג מיט —יזם (§ 32). | אַטעיסט, אידעאַליסט, אַלטרויִסט, אַפּעריסט, אַרטיסט, בודיסט, בונדיסט, דאַרװיניסט, העברעיִסט, תּלמודיסט, טשעקיסט. יוריסט, יידישיסט, מאַטעריאַליסט, מאָניסט, סאַדיסט, סאָליסט, טעלעפֿאָניסט, ספּעציאַליסט, עװאָלוציאָניסט, עספּעראַנטיסט, פֿינאַנסיסט, ציוניסט, צעקיסט, קאָנטראַבאַנדיסט, קאַפּיטאַליסט, קאַריעריסט, קורסיסט, רעאַליסט, שאַכמאַטיסט. | דער |

| סופיקס | פון וואָס פאַר אַ טעמע | אָפּטסטער באַטייט |
| --- | --- | --- |
| ־ל (טראַ־פּיקער) | פון ווערב | אפאראט צו א געוויסער טוונג |
| ־ניק | פון סובסטאנטיוון און אינוואריאנטן, באזונדערס פון סעמיטיזמען | פערזאָן; דאָס רוב מיט א פאראַכט־ אָדער ביטול־ניואנס (סאָוועטישע נייבילדונג זונטיקניק, שבתניק—נישט געלונגען) |
| ־ע, ־יע | פון נישט־זעלבשטענדיקע טעמעס | פארשידענע באטייטן, דאָס רוב, פשוטע סובסטאנטיווקייט; געאָגראפישע נעמען |
| ־עכץ | פון ווערב | טוונג (אמאָל מיט פאראכט־ניואנס); רעזולטאט פון טוונג |

| אָנמערקונגען | ביישפּילן | מין |
|---|---|---|
| טראַפּיקער ל; מערצאָל מיט —ען | דריידל, הייבל, פּייפּל, פליגל, שטייסל, שליסל, שפּינדל. | פאַרש. |
| דער נ ווערט אַרויסגערעדט ווייך; אַנטשפּרעכונג מיט —ניצע (§ 32). | עולם־הזהניק, אתה־בחרתניק, אַלרייטניק, אסור־לרחמניק, בעל־העזהניק, בעל־תשובהניק, בעסחרפּהניק, גענאַרניק, האָנאָרניק, וואָכערניק, ימחשמוניק, ישובניק, למד־וואָווניק, מרה־שחורהניק, כל־בוניק, קלויזניק, שלימזלניק. | דער |
| אַמאָל איז דער —ע געווען אויך אין „בלום, שול“ א״א, וואָס זענען שוין היינט וואָרצלדיק. | באָבע, באַנדע, דראַמע, טעלעגראַמ(ע), כמאַרע, לאַגע, ליבע, לערע, מאָדע, מאַמע, מאַסע, מאַשינ(ע), מומע, פּובליקע, פּרעסע, פּאָנ(ע), קאַווע, כּוסע (כוס), שטימ(ע), שטיצע, שיימע; אַמעריקע, וואַרשע, ווילנע, מאָסקווע, זיידע, טאַטע; בורזשואַזיע, נאַציע, פּאָעזיע, פּראָגרעסיע (מאַטעמ. טערמין), רעליגיע, רעפּרעסיע; איטאַליע, נאָרוועגיע, פּאָלעסיע. | די |
| | גייעכץ, וועבעכץ, טועכץ, שפּייעכץ, שפּילעכץ. | די |

| סופיקס | פון וואָס פאַר אַ טעמע | אָפּטסטער באַטייט |
| --- | --- | --- |
| —(ע) ניש | פון ווערב | טוונג (פרגל' —עריי); רעזול־טאַט פון טוונג |
| —ער | פון ווערב, פון צאָל־נאָמען, פון סובסטאַנטיוו | פראָפעסיאָנאַל; אַפּאַראַט; געלט־סומע אָדער געלט־צייכן |

| אָנמערקונגען | ביישפּילן | מין |
|---|---|---|
| טראַפּיקער נ ווערט אָפּגעהאָרפן; באַגעגעניש אָנשט. באַגעגעניש, געזעגעניש אָנשט. געזעגעניש; אמאָל אינווייניקסטע בייגונג (באַהעלטעניש, אָבער האַלטעניש) | איבערקערעניש, איילעניש, אָנשיקעניש, אָפּקומעניש, באַגעגעניש, באַדערפעניש, באַהעלטעניש, גערעבעניש, געהיימעניש, געפּענקעניש, גערעטעניש, דערקלערעניש, ווּיסטעניש, זוכעניש, זעעניש, טריקעניש, פאַרליבעניש, פינסטערניש. „ס'זאָל דיר אָנבאַפּן, רבונו־של־עולם, אַ שטעכעניש און אַ ברעכעניש, אַ רייסעניש און אַ בייסעניש, אַ טריקעניש, אַ פאַרטריקעניש, אַן אויסטריקעניש, אַן איינטריקעניש, אַ דאַרעניש, אַ פאַרדאַרעניש, אַן איינדאַרעניש, אַ שרימפּעניש, אַן איינשרימפּעניש, ליבער גאָט! האַרציקער פאָטער געטרייער!" (ש"ע). | די |
| אמאָל קומט —לער אָדער —נער אָנשט.—ער; אַמאָל אינווייניקסטע בייגונג (גלאָז – גלעזער); פּרגל' —עריי | אבלער, ארבעטער (פאָלקסטימלעך מיט אַ פאַרטאָפּלטן סופיקס—ארבעטאָרער), בעדער, בערשטער, ברענער, גלעזער, גערטנער, דענקער, האַלטער, הענדלער, ווּיסנשאַפטלער, וועקער, זאָגער, זעצער, טוער, טישלער, לייבטער, לייענשטיבלער, לערנער, לערער, מאָלער, מילנער, נעמער, פּייקלער, פייפלער, קימפּעטאָרין (פּרגל' ארבעטער—ארבעטאָרין), קריטיקער, קרעמער, רייטער, רעדנער, שניידער; דרייער, פירער, פינפער, יודער (יוד =10), טאַקער (ת"ק=500); טינטער (פון „טינטהאָרן"). | דער |

| אָפּטסטער באַטייט | פון וואָס פאַר אַ טעמע | סופיקס |
|---|---|---|
| טוּונג (לאַנגדויערנדיקע, אָפּט פון אַסאַך טוערס); מלאכה | פון ווערב | —עריַי |
| אייגנשאַפט | פון אַדווערב (אָפּט פון פּאַרטיציפּ) | —קייט |
| אייגנשאַפט | פון אַדווערב און פון סובסטאַנטיוו | —שאַפט |

| אָנמערקונגען | בייַשפּילן | מין |
|---|---|---|
| אמאָל נאָך מיט א פרעפיקס גע–, אמאָל מיט אינווייניקסטער בייגונג (שלאָגן–געשלעגעריי); שיידט זיך נישט שטארק אונטער פון –עניש; אמאָל קומט אין איין טעקסט סובסטאַנטיוון מיט –עניש און מיט –עריי (ז. בייַשפּילן) –צי נישט צוליב ריטמישע באַדינגען? | (גע)זינגעריי, (גע)יאָגעריי, (גע)נאַרעריי, (גע)פילדעריי, (גע)פּאָרעריי, (גע)פייפעריי, (גע)קלינגעריי, (גע)רעדעריי, (גע)רייטעריי, (גע)שווישטשעריי, זויפעריי, טאַנצעריי, פּאַטשעריי, פּליעריי, קוויטשעריי, קלאַפּעריי, קריגעריי, שיסעריי, שניידעריי; א פּליעניש, א זוזשעניש, א געזינגעריי, א געשווישטשעריי אומעטום (אבר.), א דרייעניש, א לויפעניש, א געפּאָרעריי, א גערעדעריי, א געשפּאַרעריי (ש"ע); שטותעריי, שווינעריי—נישט פון ווערבן. | |
| איינער פון די לעבעדיקסטע סופיקסן | אויסגעהאלטנקייט, אונטערטעניקייט, אויפמערקזאמקייט, איידלקייט, עזותקייט, אָפּגעזונדערטקייט, אָפּגעלאָזנקייט, אָפיציעלקייט, אָרעמקייט, גוטסקייט, (פרגל׳ ס׳א גוטקייט, § 390), גלייכגילטיקייט, געפאַלנקייט, דרייסטקייט, הייליקייט, מענטשלעכקייט, פאַרשטאַנדיקייט, פלינקייט, קליינקייט (מיט אן אנדער באַטייט–קלייניקייט). | די |
| | איינגנשאַפט, ברידהשאַפט, הערשאַפט, וויסנשאַפט, ווירטשאַפט, ליבשאַפט, ליידנשאַפט, מחותנותשאַפט, פאַרליבטשאַפט, פריינטשאַפט, קלוגשאַפט, קרובהשאַפט. | די |

עקס-מיניסטער; אַנטי—, קאָנטער—, באַטייטן קעגנערשאַפט: אַנטיציוניסט קאָנטררעוואָלוציע.

117. אינווייניקסטע בייגונג

פון אַ ווערבאַלער טעמע. אָן קיין שום אַפּיקס, אַמאָל מיטן וואָ־קאַל פון אינפיניטיוו, אַמאָל — פון פּאַרטיציפּ, זעלטן מיט אַן אַנדער וואָקאַל. באַטייטן דאָס רוב אַ טוונג (אַמאָל — אַן איינמאָליקע און קורצ־דויערנדיקע), געהערן (אַחוץ „דאָס שפּיל") צום ערשטן מין. ביישפּ.: אויסלייג, אויסשפּראָך (קיין ווערב „אויסשפּרעכן" איז נישטאָ, אָבער וואָלט געקאָנט זיין), אָנזאָג, אָפּהאַנג, באַוויז, באַזוך, באַשלוס, גראָב (אַ גראָב טון), גאַנג, גאָס, גוס (-רעגן), דאַנק, דערשרעק, דריי, האַנדל, הוסט, ווקס, טומל, חלום, חשבון, מוז, מיין, פאַרגלייך, פאַרדראָס, פאָרוורף, פאַרנעם, פּייף, צופאַל, קוש, קוויטש, קלאַנג, קלונג, רוף, שאָס, שפּיל.

118. די לעצטע צייט ווערט דער דאָזיקער בילדונג-טיפּ פאַר־שפּרייט אויפן חשבון פון סובסטאַנטיוון מיט —ונג: אויסלייג (פריער פלעגט מען שרייבן אויסלייגונג), פאַרגלייך (פאַרגלייכונג) אאַז"וו. די טענדענץ צו פאַרקירצן איז (אַחוץ די זעלטענע פאַלן, ווען זי קען פירן צו שווער-פאַרשטאַנדיקייט) געוויס פּראָגרעסיוו.

119. אינווייניקסטע בייגונג: פון אַן אַדווערב-טעמע. באַטייטן אַן אייגנשאַפט (=קייט), געהערן צום צווייטן מין. ביישפּ.: ברייט, גרייס (אינווייג. בייגונג קעגן „גרויס"), הייך (אינוו. בייגונג קעגן „הויך"), היץ, וואַרעם, טיף, לענג, נעץ, פלעך, פריי, קרום, רייט (מאָרגנרייט, אינוו. בייגונג קעגן „רויט").

120. סיי „דער דריי, דער האנדל" אדג"ל, סיי „די ווארעם, די פריי" אדג'ל דארפן נישט פאררעכנט ווערן צו סובסטאנטיזירונגען, נאר זענען אנאלאָגיש מיט אויסבילדונגען דורך אינווייניקסטער בייגונג, וועלכע איז גראָד אין די ווערטער נישט פאָרגעקומען. כדי נישט צו קאָמפּליצירן, פאררעכנ איך זיי פשוט צום בילדונגטיפּ מיט אינווייניקסטער בייגונג.

121. אַ ווייבלעכער נאָמען, ד.ה. דער נאָמען פון אַ ווען פון ווייבלעכן געשלעכט, קען האָבן אַן אַנדער וואָרצל ווי דער מאַנלעכער נאָמען: מאַן—פרוי, זון—טאָכטער, אָקס—קו (בהמה) א"אַ. די דאָזיקע שטעלן קיין גראַמאַטישן אינטערעס נישט פאָר. אָפטער אָבער בילדעט ער זיך פונעם מאַנלעכן נאָמען דורך צוגאָב פון סופיקסן אָדער דורך פאַרבייט פון סופיקסן.

122. אמאָל באַטייט אַ ווייבלעכער נאָמען נישט דעם ווייבלעכן געשלעכט פון געהעריקן וועזן, נאָר זיין ווייב: רביצין — דעם רבס ווייב.

123. די אָפטסטע ווייבלעכע סופיקסן זענען —ין און —קע. ביישפּ.:

אַרבעטערין, אַרטיסטין, בירגערין, הענדלערין, ווירטין, וועש(ער)ין, זאָגערין, מאַשיניסטין, סאָציאַליסטין, ענגלענדערין, פּאַרוואַלטערין, פראַנצויזין, קימפּעטאָרין (מאַנלעכער מין, פאַרשטייט זיך, נישטאָ), קעכין, קריסטין, רוסין, רעדנערין, שוועגערין, שטיפערין, שילערין, שניידערין; אַרבעטערקע („וועקער"), אַרטיסטקע, בלאָנדינקע, דעלעגאַטקע, הענדלערקע, זינגערקע, מאָדיסטקע, מאַשיניסטקע, סאָלדאַטקע, סאָציאַליסטקע, ציין-דאָקטאָרקע, קאָמיוגיסטקע, שוסטערקע, שטיפערקע, שניידערקע.

איין און דער זעלביקער נאָמען קען אָפטמאָל האָבן, ווי מיר זעען, סיי דעם, סיי יענעם סופיקס (לערערין — לערערקע), פאַראַן אָבער ווערטער, וואָס באַהעפטן זיך דווקא מיט איינעם פון זיי (ווירטין, שוועגערין, סאָלדאַטקע).

124. גאַנץ אָפט קומט אויך פאָר דער סופיקס —טע (כמעט נאָר ביי סעמיטיזמען):

עקשנטע, בחורטע, באַלעבאָסטע, גנבטע, יחסנטע, ליגנערטע, חברטע, פּויערטע, פּריצטע, קונהטע, כלבטע (פון „כלב"), שכנטע, (=שכנה).

125. זעלטענערע סופיקסן: טאָרין (חברטאָרין), —יכע (בעריכע, ברעגמאַניכע).

126. אייניקע ווייבלעכע נעמען ווערן געבילדעט דורך דעם, וואָס דער סובסטאַנטיוו-בילדנדיקער סופיקס פון מאַנלעכן נאָמען ווערט פאַרביטן אויף אַן אַנדער סופיקס: —ניק ווערט פאַרביטן אויף —ניצע: וואָלערניצע, כל-בוניצע.

127. אַ פאַרקלענער־סובסטאַנטיוו (פאַרקלענער-נאָמען) איז אַזאַ סובסטאַנטיוו, וואָס באַצייכנט דורך זיין פאָרמע, אַז דער געגנשטאַנד איז קלענער ווי די געוויינלעכע גרייס: טישל (סופיקס —ל)— אַ טיש קלענער ווי אַ געוויינלעכער טיש.

128. דער אָפטסטער פאַרקלענער-סופיקס איז —ל (טראַפיקער), אָפטמאָל קומט דערביי וואָקאַלישער איבערבייט. ביישפּ.:

אברהם—אברהמל, בחור—בחורל, באַלעבאָס—באַלעבעסל, באַרשט—בערשטל, בויד—ביידל, בויך—בייכל, ברודער—ברודערל (ברידערל),

ברויט—ברייטל, בריוו-בריוול, גאַס—געסל, גרוב—גריבל, דאָקטאָר—דאָקטאָרל, דאָרף—דערפל, דעק—דעקל, הוט—היטל, הונט—הינטל, וואַסער—וואַסערל (וועסערל), זאַמד—זעמדל, זשוק--זשוקל, תמר—תמרל (נאָמען), טוך—טיכל, יאַט—יאַטל, יונג—ייִנגל, חסיד—חסידל, לאָשאַק—לאָשאַקל, לערער—לערערל, מויז—מייזל, מויער—מויערל (מייערל), סאָד—סעדל, סוחר—סוחרל, פנים—פנימל, פויער—פויערל (פייערל), פשט—פשטל, פוס—פיסל, פור—פירל, קאָרב—קערבל, קייט—קייטל, קלויז—קלייזל, קנאָפּ—קנעפּל, רב—רבל, ראָק—רעקל, שטאָט—שטעטל, שטוב—שטיבל.

די אינוויַיניקסטע בייגונג פירט אַמאָל צו האָמאָנימען: „קערבל״ פון „קאַרב״ און פון „קאָרב״, „בעקל״ — פון „באַק״ און פון „באָק״, אדרבה, דאָס וואָרט „וואָלף״ האָט צוויי פאַרקלענער-פאָרמעס מיט —ל: וועלפל (חיה), וועלוול (נאָמען).

129. ווען דער סובסטאַנטיוו האָט די ענדונג —ן (נישט טראַפיקן), קומט אַלס אַ פאַרקלענער-סופיקס —דל; ווען דער סובסטאַנטיוו האָט די ענדונג —ל (נישט-טראַפיקן), קומט אַלס פאַרקלענער-סופיקס —כל. ביישפּ.:

1) ביין—ביינדל, האָן—הענדל, הון—הינדל, זון—זינדל, חן—חנדל, פדיון—פדיונדל, פאָן—פענדל, קוימען—קוימענדל, שטיין—שטיינדל, אויך בוים—בוימדל.

2) מויל—מיילכל, פעל—פעלכל, קול—קעלכל, שאָל—שעלכל, שטאַל—שטעלכל, שינעל—שינעלכל, אויך: פאַלטאָ—פאַלטאַכל (בערג.), וואָקזאַלעכל.

130. ווען דער סובסטאַנטיוו האָט די ענדונג-טראַפיקער ן, קומט אָדער דער פאַרקלענער-סופיקס—דל, אָדער דער—ן ווערט פאַרביטן אויף —ל. ס׳עקזיסטירן אַמאָלביידע פאָרמעס:

אייזן—אייזנדל, גאָרטן—גערטנדל, גערטל, וואָגן—וועגנדל, וועגל, וואָלקן—וואָלקנדל, ניגון—ניגונדל, פלאָקן—פלעקל, קאַסטן—קאַסטנדל, קעסטל, קאַפּטן—קאַפּטנדל, קאַפּטל, קערן—קערנדל, קערל, רעגן—רעגנדל, שטעקן—שטעקל.

131. פאַראַן נאָך אַ „צווייטע פאַרקלענערונג״, מיט —עלע: טישעלע (קלענער ווי טישל), אברהמעלע, בערשטעלע, בריוועלע אאַז״וו. אָפּט האָט די פאָרמע אַ ניואַנס פון פאַרצויגנקייט (צערטלעכע באַציונג).

132. די דאָזיקע סובסטאַנטיוון האָבן גאָרנישט קיין פאַרקלענער-פאָרמע מיט —ל:

1) די וואָס לאָזן זיך אַליין אויס מיט טראַפּיקן —ל ; מאַנטל שכל.

2) די וואָס לאָזן זיך אויס מיט —ע (באָבע, — נישטאָ באָבל) אַחוץ:

a) פּערזאָן-נעמען: טויבע — טייבל, פייגע — פייגל, שיינע— שיינדל.

b) אייניקע אַנדערע ווערטער: קאָפּטע—קאָפּטל, קאַרטע—קאַרטל.

3) אייניקע סובסטאַנטיוון, וואָס האָבן געהאַט אַ סופיקס —ע און פאַרלוירן אים: פּענ(ע), שטימ(ע). אָבער מאַשין—מאַשינדל, בלום—בלימל.

133. סובסטאַנטיוון מיט —ל (טראַפּיקן) בילדן די פאַרקלענער-פאָרמע, פאַרבייטנדיק —ל אויף —עלע. ביישפּ.: פויגל — פייגעלע, רחל—רחלע, שליסל—שליסעלע. צי האָט זי דעם באַטייט פון ערשטער פאַרקלענערונג (ווי בריוול) אָדער פון צווייטער (ווי בריוועלע), איז מיר שווער צו זאָגן.

134. סובסטאַנטיוון מיטן אַקצענט נישט אויפן לעצטן טראַף בילדן נישט קיין צווייטע פאַרקלענערונג: ברודער—ברודערל, „ברודערלע" נישטאָ (אַחוץ סובסטאַנטיוון מיט —ן, וואָס פאַרלירן אים אין דער פאַרקלענער-פאָרמע: גאָרטן — גערטל — גערטעלע, ניגון — ניגונדל — ניגעלע). פּרגל': רעוואָלווער (אַקצענט אויפן ע) — רעוואָלווערל — רעוואָלווערע-לע; רעוואָלווער (אַקצענט אויפן אָ) — רעוואָלווערל.

135. סובסטאַנטיוון מיט —ע בילדן די פאַרקלענער-פאָרמע מיטן סופיקס —לע (אַנדערש געֿרעדט: פאַרבייטנדיק —ע אויף —עלע): באָבע — באָבעלע.

136. אייניקע פאַרקלענער-סובסטאַנטיוון מיט —ל זענען שוין סעמאַנטיש ווייט אַוועק פון זייערע גרונט-סובסטאַנטיוון, אָפּגעריסן פון שורש און ווערן אויפגענומען אַלס נישט-פאַרקלענערונגען (די דערשיי-נונג איז סוביעקטיוו): באַנק — בענקל (טאַבורעט, שטול), דעק—דעקל, הוט—היטל, האַנט—הענטל (פון אַ פּענע), טוך—טיכל (נאָזטיכל), פּוס—פּיסל (פון אַ טיש), קייט—קייטל. דערפון איז מעגלעך זאָל אַרויסקומען אַ וואַקלונג אין דער מערצאָל-בילדונג און אפילו אַן אַריבערגאַנג פון —עך צו —ען (היטלען) (162).

137. פאַרצויגענע נעמען זענען סובסטאַנטיוון, וואָס באַצייכענען מיט זייער פאָרמע אַ צערטלעכע, ליבלעכע באַציונג פונעם רעדער

צום געגנשטאַנד (דאָס רוב פּערזאָן), וואָס ער רופט אָן.

138. די אָפּסטע פּאַרצויגן-סופיקסן:

—קע: בת-יחידקע, ברודערקע, משהקע, שרהקע, שוועסטערקע.

ריווע איז שוין אַ „צוריקבילדונג" פון רבקה, ד. ה. דאָס פּאָלק האָט אָנגענומען רבקה אַלס פּאַרצויגן- (אָדער פּאַרקלענער-) נאָמען, ווי שרהקע, באַסקע אד"ג און האָט געבילדעט אַ נאָמען ריווע, אַלס גרונטפאָרמע.

—ינקע: אַ ביסינקע, טאַטינקע, מאַמינקע, מומינקע.

—עניו: אברהמניו, באָבעניו, גאָטעניו, זונעניו, זיידעניו, משהניו.

—(ע)שי: זיידעשי, טאַטעשי, טאָכטערשי, מיידלשי.

139. פּאַראַכט-נעמען זענען סובסטאַנטיוון, וואָס ווייזן מיט זייער פאָרמע אַ פּאַראַכטלעכע באַציונג פונעם רעדער צו דער זאַך, וואָס ער רופט אָן.

דער כאַראַקטעריסטישסטער סימן, אפשר, פון פּאַראַכט-פאָרמעס איז דער אַקצענט אויפן סופיקס.

140. קיין פּאַראַכט-סופיקס, וואָס זאָל זיין אַזוי אייגנטימלעך און פאַרשפּרייט פאַר דער פונקציע, ווי —ל פאַר פּאַרקלענערונג, קען איך נישט אָנווייזן. כמעט יעדע עטלעכע סובסטאַנטיוון בילדן די פּאַראַכט-פאָרמע אויף אַן אַנדער אופן. ביישפּ.: יונגאַטש, פערדאַטש; ליגנוטש; חמולע; חזירוק, שניידערוק; מוידורע; שניידעריכע; בחורעץ, גויעץ, גנבעץ; מודרילע; שוואַרציכע — פון אַן אַדווערב.

אינפיקסן (קלאַנגען, ארייגעשטעלט צווישן וואָרצל-קלאַנגען): אויגאַנעס, שטיוואַלעס, שטיווייילע.

141. נאָענט צו פּאַראַכט-פאָרמעס זענען איראָניע-פאָרמעס: מאַנעשיש (מאַן), מעציאָצע (מציאה).

142. אַ פּאַראַכט-ניואַנס איז פאַראַן אין אַסאַך ווערטער מיט—ניק.

143. אַ פּאַראַכט-ניואַנס גייט אָפט פּאַראַלעל מיטן ניואַנס פון פאַרגרעסערונג (מוידרילע — אַ גרויסע מויד), ווי פּאַרצויגנקייט גייט פּאַראַלעל מיט פּאַרקלענערונג (מיידעלע).

## 2. מערצאָל-בילדונג

144. אַ סובסטאַנטיוו, וואָס באַטייט מיט זיין פאָרמע מערערע

געגנשטאַנדן פון איין מין, הייסט **מערצאָל**. אַ סובסטאַנטיוו, וואָס איז נישט קיין מערצאָל, הייסט איינצאָל. פון דעם גרעסטן טייל סובּ-סטאַנטיוון-איינצאָלן קען מען בילדן מערצאָלן. ס'באַקומט זיך אַלזאָ אַן אַנטשפּרעכונג: איינצאָל — מענטש, מערצאָל — מענטשן.

145. אין דער שול-גראמאטיק נעמט מען אריין מערצאָל-בילדונג אין דער דעקלינאַציע פון סובסטאַנטיוון. פונקט מיטן זעלביקן רעכט וואָלט מען געקאָנט אריינגעמען אין דעקלינאַציע בילדונג פון פארקלענער-נעמען, הייבּלעבע נעמען אאז"וו. דאָס זענען אַלץ נישט-סינטאַקסישע פאָרמעס, וואָס שיידן זיך, לויט זייער פונקציע, שטארק אונטער פון בויגפּאַלן — סינטאַקסישע פאָרמעס.

146. לויט דער מערצאָלבילדונג קען מען איינטיילן אַלע סובּ-סטאַנטיוון (איינצאָלן) אויף 9 קלאַסן:

I. מערצאָל מיט —ן (טראַפיק), —ען.

II. מערצאָל מיט —ס, —עס.

III. מערצאָל מיט —ער.

IV. מערצאָל מיט —ים, —ם.

V. מערצאָל מיט —עך, —ך.

VI. מערצאָל אָן סופיקסן, בלויז מיט וואָקאַלישן איבערבייט (924).

VII. מערצאָל אָן אַ פאָרמאַלן סימן.

VIII. קאָמפּליצירטע טיפּן („אומרעגלמאָסיקע").

IX. דעפעקטיווע לגבי מערצאָל (בילדן גאָר קיין מערצאָל נישט).

אין אייניקע פון די קלאַסן קען נאָך פאָרקומען איגווייניקסטע בייגונג און איבעראַקצענטירונג.

147. צונויפזאַצן בילדן די מערצאָל, בכלל, ווי זייער לעצטער באַשטאַנדטייל (נישט דווקא דער הויפּטטייל): שרייבטיש — שרייבטישן (ווי טיש — טישן), בת-מלכה — בת-מלכהס (ווי מלכה — מלכהס) (166).

## 148. I. מערצאָל מיט —ן, —ען (907)

### A. אָן אינווייניקסטער בייגונג

1) געבילדעטע פון אַ ווערבאַלער טעמע אָן אַ סופיקס (117). אויסנאַמען: גאַנג, טאַנץ, פאַטש, קלאַפּ, שטאָך—לויטן קלאַס VI (167,164).

2) געבילדעטע פון אַן אַדווערב-טעמע אָן אַ סופיקס (119).

3) אַסאַך וואָרצלדיקע איינטראַפיקע: אויג, אַקט, אָקס, באַן, באַק, בלום, ברית, גאַס, גליק, גט, גרונט, דייטש, דינסט, העפט, זייט, ים,

יאָר, חשד, סוף, פּונקט, פליג, צווייג, קרייז, רוס, שעה, שול, שטראָם, שפּור א״אַ.

4) כּמעט אַלע מערטראַפּיקע מיטן אַקצענט אויפן לעצטן טראַף (הויפּטזאַכלעך זענען עס פּרעמדווערטער און סעמיטיזמען). ביישפּ.: אָביעקט, אַגענט, אַדוואָקאַט, ביוראָ, געשעפט, דיאַגראַם, דעלעגאַט, מאַשין, מינוט, מעת-לעת, משוגעת, כּתב-יד.

5) אַלע מיט די סופיקסן אָדער ענדערונגען —הייט, —ונג, —ות, טראַפּיקער —ל (אַחוץ פּאַרקלענער-פּאָרמעס), —לינג, —(ע)ניש, —קייט, —שאַפט.

6) אייניקע אַנדערע סובסטאַנטיוון: אָדער, אָוונט, אינדעקס, אלף-בית, באַזיס, געגנט, גרענעץ, טעות, טויער, משפּט, נומער, אמת, שמועס א״אַ.

## 149. B. מיט אינווייניקסטער בייגונג

1) פּרעמדווערטער מיט נישט-אַקצענטירטער ענדונג —ער. זיי באַקומען אויך איבעראַקצענטירונג: אינספּעקטאָר — אינספּעקטאָרן, גובערנאַטאָר — גובערנאַטאָרן, דירעקטאָר — דירעקטאָרן, מיניסטער — מיניסטאָרן, פּראָפעסאָר — פּראָפעסאָרן.

אייניקע נישט-פרעמדווערטער: אומשטאַנד – אומשטענדן (ס'לאָזט זיך אויך זאָגן אומשטאַנדן), איינדרוק – איינדריקן, קראַפט — קרעפטן.

די דייטשמערישע פאָרמע: איינדרוק–איינדריקע, צוג – ציגע דאַרף גערעכנט ווערן פאַר פאַלש: —ע אלס מערצאָל-סופיקס איז אין יידיש נישטאָ.

## 150. II. מערצאָל מיט —ס, —עס

### A. מיט —ס

1) מיט נישט-אַקצענטירטן וואָקאַל וואָרט-אויס (אַחוץ פּאַרקלענער-פּאָרמעס מיט —עלע). אין גרעסטן טייל איז דער נישט-אַקצענטירטער וואָקאַל —ע: זיידע, ליבע, רעוואָלוציע און הונדערטער אַנד.

אנדערע נישט-אַקצענטירטע וואָקאלן אין סוף וואָרט קומען פאָר בלויז אין נישט גענוג פאַריידישטע ווערטער: ראַדיאָ–מערצ. ראַדיאָס (אָבער אויך ראַדיע–ראַדיעס), קאָמאַ (אויך קאָמע)–מערצ. קאָמעס. אין מערצאָל פילט זיך די נייטיקייט צו פאַריידישן (ד.ה. צו פאַרבייטן דעם וואָקאַל אויף ע) דאַכט זיך, שטאַרקער ווי אין איינצאָל. אין איין

נומער צייטונג קען מען טרעפן „ראדיאָ" און „ראדיעס".

אויסנאַמען: a) אייניקע סעמיטיזמען: גבאי—גבאים, חולה—חולאים, שונא—שונאים, קונה—קונים, כּלי—כּלים, רשע—רשעים, רבי—רביים (אויך רבעס, מיט אַן אַנדער באַטייט).

b) אייניקע דייטשמערישע פאָרמעס: די אויפגאַבּע—אויפגאַבּן אַנקעטע—אַנקעטן, געשיכטע—געשיכטן, גרופּע—גרופּן, דאַטע—דאַטן, לעגענדע—לעגענדן, מאַסע—מאַסן, פראַגע—פראַגן, קאָלעגע—קאָלעגן, שטונדע—שטונדן, שטופּע—שטופּן, שטעלע—שטעלן, א״אַ. די דאָזיקע פאָרמעס פאַרשווינדן. „אַנקעטן, געשיכטן" קומט שוין פאָר צו הערן זעלטן, „פראַגעס" קאָנקורירט גאַנץ ערפאָלגרייך מיט „פראַגן", אאַז״וו. מע דאַרף רעקאָמענדירן, ווו נאָר ס'לאָזט זיך אָן אַ שפּראַכלעכן גוואַלט־טאַט איבער זיך, צו באַנוצן די יידישלעכע (ד.ה. נישט אויסנאַמיקע) פאָרמע. (דאָס לאָזט זיך, ווייזט אויס, ביי אַלע ווערטער, אַחוץ מאַסע, וואָס דיפערענצירט: „מאַסעס"-געוויכטן, „מאַסן"—גרופּעס מענטשן.)

וואָס שייך פאָרמען, טעלעגראַמען אדג״ל זענען עס נישט קיין אויסנאַם פונעם קלאַס II, נאָר פאַראַלעלע פאָרמעס: טעלעגראַם—טעלע־גראַמען (לויט I), טעלעגראַמע—טעלעגראַמעס (לויט II), פאָרם—פאָרמען (לויט I), פאָרמע—פאָרמעס (לויט II) (190).

„פאָרם" איז נישט יידישלעך, ממילא די מערצאָל „פאָרמען" אויך.

2) מיט טראַפיקן —ן, —ען, —ים, —עם: עולם, איידעם, אלמן, אָרעם, בויגן, בית-עולם, דין-וחשבון, וואָגן (וואָגנס, וועגנס), וואָלקן, טראָפּן, לעבן, מיטן, צייכן, קאָסטן, רעגן, שאָטן, שטורעם א״אַ.

3) אייניקע מיט נישט-אַקצענטירטער ענדונג —ער: בעל-דבר, בעכער, דבר-אחר, האַמער, זכר, טעאַטער, טערמאָמעטער, חיבור (חיבורס—מאַטעמאַטישע אָפּעראַציע, חיבורים—ווערק), מוטער, מעסער, פאָטער, פעטער, צענטער, קאָלנער א״אַ.

טעאַטרען, צענטרען זענען רעגלמאָסיקע (קלאַס I) מערצאָלן פון די נישט-יידישלעכע איינצאָלן: טעאַטר, צענטר (910).

4) אַסאַך מיטן סופיקס —ער: בעקער, זינגער, יעגער, לייענער, לערער, שלעפער, שניידער, שרייבער, שרייער אאַז״וו. אַמאָל בילדעט מען פון אַזעלכע נעמען די מערצאָל לויטן קלאַס VI (דער לערער— די לערער), אָבער יידישלעך איז, דאַכט זיך, מיט —ס. (איבריקנס, די אַרבעטערס קומט, דאַכט זיך, נישט פאָר.)

5) אַסאַך פערזאָן-נעמען: די ברעגמאַנס (אויך ברעגמאַנעס), די

באָנטשע-שווייגס; עטלעכע שעפּסלען, עטלעכע אלעזר-משהס און עט-לעכע יאָסעס (ש״ע).

6) אייניקע אַנדערע סובסטאַנטיוון: אני-מאמין, היפוך, מגן-דוד, שטח א״אַ.

## 151. B, מיט —עס

1) מיט —אַק, —יק, —ניאַק, —ניק.

2) אייניקע פּערזאָן-נעמען: ברעגמאַן — די ברעגמאַנעס (אויך ברעגמאַנס).

3) אייניקע סעמיטיזמען — זיי באַקומען אָפּט אינווייניקסטע ביי-גונג און איבעראַקצענטירונג: אות — אותיות, עוף — עופות, בזיון — בזיונות, גוזמא—גוזמאות (אויך גוזמות), גורל — גורלות, דור — דורות, היזק—הזיקות, יסוד—יסודות, חגא—חגאות, חיל — חילות, חוב — חובות, חשבון—חשבונות, לשון—לשונות, מקום — מקומות, משכון — משכנות, מדבר—מדבריות, נסיון—נסיונות, נצחון—נצחונות, נפש—נפשות, סוד—סודות, ספק—ספקות, קול—קולות (168), כוס — כוסות, קרבן — קרבנות, קרקע—קרקעות, רוח—רוחות א״אַ.

4) אייניקע פּרעמדווערטער מיט נישט-טראַפיקן —ן: בולאָן, וואַגאָן, זאקאָן, עקזאמען, פורמאַן (פורמאַנעס — מיט איבעראקצענטירונג), שאַר-לאַטאַן.

5) אייניקע אנדערע סובסטאַנטיוון (דאָס רוב סלאַווישע), אָפּט מיט פאַרפעלונג פון אַ פריערדיקן וואָקאַל: דעמב — דעמבעס (אויך דעמבן), ווערשאָק — ווערשקעס, טשערהאָנעץ — טשערוואָנצעס, כאָמעט, כּיסק, פען, (הייבער ן) קאָלפּאַק, קוסט א״אַ.

אין מיין דיאַלעקט איראָניש פערדעס (וועגן מענטשן).

## 152. III. מיט —ער (און מיט וואָקאַלישן איבערבייט)

איי, אייגנטום (מערצ. אייגנטימער), אָרט, באָד, באַנד, בוידעם (ביידעמער, בוידעמער), בויך, בוים (מערצ.ביימער, מיט אינוויינ. ביי-גונג, וועלכע בלייבט פאַרן ליטווישן דיאַלעקט אומבאַמערקט), ביין, בילד, בלאַט, בעזעם, ברויז, ברונעם, ברעט, גאָט, גאָרטן, גוט, גייסט, גלאָז, גלאָק („קלינגען גלעקער, קלינגען גלאָקן״), גליד, געזיכט (אויך געזיכטן?), געלט, געשלעכט (אויך געשלעכטן?), גרוב, דאַך, דאָרן, דאָרף, האַלז, האָלץ, האָן, האַנטעך, האָרן, האַרץ, הון, הונדערט (מע־צ-

הונדערטער), הויז, הייליקטום (מערצ. הייליקטימער), העמד, וואַלד, וואָרט, ווייב, טאָן, טויזנט (מערצ. טויזנטער), טוך, טישטעך, לאָך, לאַנד, לאַנטעך, לייב, לייַלעך, ליד, לעקעך, מאַן, מויל, נאָז, סאָד (сад, אָבער סוד—סודות), פאַס (паспорт, אָבער פּאַס—פּאַסן), פאַסטעך, פּנים, פלאַן, פלאַץ, פאָלק, (פאָנעטיש folg, מערצ. felker), פאַס, פאַרטעך, פלאַש, פעלד, צאַן (ציינער, אויך ציין), צונג, צען, קוי (קעלער, קאָלן— קולות— голоса, крик), קאַלב, קאָרן, קינד, קלאָץ, קלייד, קרן, קריי- טעך, ראָד, רוט, רייכטום (מערצ. רייכטימער), רעטעך, שטוב, שטיין, שטיק, שלאָס, שפּאָן און אייניקע אַנדערע.

## 153. **IV.** מיט —ים אַדער —ם

אַהער געהערן סעמיטיזמען און אייניקע נישט-סעמיטיזמען על-פי אַנאַלאָגיע.

אינווייניקסטע בייגונג און איבעראַקצענטירונג זענען אין קלאַס IV שטאַרק פאַרשפּרייט.

154. לויט דער ענדערונג פון אַקצענטירטן וואָקאַל און לויט דער איבעראַקצענטירונג טיילט זיך דער קלאַס IV אויף גרופּעס:

155. 1) גרופּע אָ מיט איבעראַקצענטירונג (ד.ה. אין מערצאָל איז דער אַקצענטירטער וואָקאַל אָ): עסק (עסקים), ענין, עקשן, בדחן, בטלן, בעלן, בנין, בגד (בגדים), גבאי, גזלן, גלח, גנב, גמילות-חסד, דיין, דרך (דרכים), זכר (זכרים), יון (יונים), יחסן, חזן, חכם, חודש, חולה (חלאים), חומש, למדן, לולב, לץ (לצנים), מלאך, משל, מאכל, מלך, מנהג, מנין, מסחר, מיוחס, מחותן, מקח, משוגעים (איינ- צאָל משוגענער), משומד, סדר (סדרים), ספר (ספרים), סימן, אלף (אלפים), פחדן, צלם (צלמים), קבצן, קצב, קבר (קברים), קיסר (קסרים, אויך קיסרים), קלעזמער, כלב (כלבים), רב (רבנים), רשע (רשעים), רווח, שבת, שדכן, שתדלן, שייגעץ (שקצים), שבט (שבטים), שקר (שקרים) א״אַ.

נישט-סעמיטיזמען: טייוול (טייוואָלים, טייוולאָנים), נאַר (נאַראָ- נים אויך נאַרן).

אָן איבעראַקצענטירונג: אורח (אורחים), אפיקורס (אַפּיקורסים), בן (בנים), תנאי (תנאים), יורש (יורשים), מופת (מופתים), סוחר

(סוחרים), שונא, פּרט, צד (צדדים), כּלל, כּתב, שוחט (שוחטים), שומר (שומרים), שבת.

156. 2) גרופּע אַ מיט איבעראַקצענטירונג: אופן, עם-הארץ (עם-הארצים), באַלעבאָס (באַלעבאַטים), חתן (חתנים).

157. 3) גרופּע וֹ מיט איבעראַקצענטירונג: גבּור (גבּורים), יום־טוב (זאָגט זיך יאָנטעף, מערצ. יום־טובים), יתום (יתומים), אביון (אביונים), קרוב (קרובים). (פּרגל׳ 151).

נישט־סעמיטיזמען: גילדן (גילדוינים, אויך גילדנס), דאָקטאָר (דאָקטוירים).

158. 4) גרופּע יי מיט איבעראַקצענטירונג: הספּד, הקדש, זקן (זקנים), תּכלית, טלית, תּענית (תּעניתים), חבר, חזיר, ממזר, שכן (שכנים).

נישט-סעמיטיזמען: קונדעס.

אָן איבעראַקצענטירונג: גר, לץ, מת, שד

159. 5) גרופּע י מיט איבעראַקצענטירונג: בּן־יחיד (בּן-יחידים ?), תּלמיד, יחיד (יחידים), חסיד (חסידים), מזיק, משכּיל, מבין (מעווינים, מייווינים), נגיד (נגידים), נביא (נביאים), פּריץ (פּריצים), צדיק, רבּי (רבּייים).

אָן איבעראַקצענטירונג: נס — נסים.

160. 6) גרופּע וּ מיט איבעראַקצענטירונג: בּחור (בּחורים, אויך באָכערים), בּילבּול, גילגול, דיבּור, היפּוך (היפּוכים, אויך הייפּעכס), תּענוג, תּירוץ (תּרוצים), ישוב, חיבּור (חיבּורים), חידוש, לימוד, מלבּוש, ניגון, סידור, סיכּסוך, פּסוק (פּסוקים), פּירוש (פּירושים), כּיבּוד, קיבּוץ, שידוך, שינוי, שיכּור.

161. 7) אָן אינווייניקסטער בּייגונג און אָן איבעראַקצענטירונג: גוי, גוף (גופים, גופן), גביר (גבירים, גבירן), דין, יהודי (יהודים), ים (ימים, ימען), חוש, לבוש (לבושים, לבושן), מין, סם (סמים, סמען), סוס, שיר, שקאָץ.

נישט־סעמיטיזמען: פּויער (פּויערים, פּויערן).

162. ש· מיט —עך אָדער —ך

די פֿאַרקלענער־נעמען מיט —ל באַקומען אין מערצאָל —עך.
די פֿאַרקלענער-נעמען מיט —על באַקומען —ך.
די לעצטע פֿאָרמולירונג איז גילטיק נאָר אויף וויפל מיר איגנאָרירן

דעם קלאַנג - אונטערשיד צווישן דעם לעצטן ע און טישעלע אין דעם לעצטן ע אין טישעלעך; פּאַקטיש איז עס נישט דער זעלביקער קלאַנג.

אָבער סובסטאַנטיוון מיט טראַפּיקן ל נישט קיין פאַרקלענער-נע-מען באַקומען אין מערצאָל —ען: הימל — הימלען.

אויסנאַמען: איניקל — איניקלעך, קניידל — קניידלעך (כאָטש פאָרמאַל נישט קיין פאַרקלענערונג), היטל — היטלען (כאָטש פאָרמאַל אַ פאַרקלענערונג). „אוירינגל״ בילדעט די מערצאָל ווי אַ פאַר-קלענער-נאָמען.

163. אָפּט פלאָנטערט מען די קלאַסן V און I: קאַפּיטלען — קאַפּיטלעך, צעטלען — צעטלעך.

## 164. VI. אָן אַ סופיקס, מיט וואָקאַלישן איבערבייט

באַנד (אויך בענדער), באַנק (מערצ. בענק), באָק, באַרג, באָרד, ברודער, ברוסט, גאַנג (מערצ. גענג, גאַנגען), גאַנז, גאַסט, האַנט, האַק, הונט, וואָלף, וואַנט, וואָרעם, זאַק, זון (אָבער די זון — זונען), טאָג, טאָכטער, טאָפּ, טאַנץ, טויז, לויז, מאַרק, מויז, נאָגל, נאָז (אויך נעזער), נאַכט, נאָמען, פּאַטש, פּאָדעם, פויגל (פייגל, אויך פויגלען), פוס, פראָסט, צאָן (ציין, אויך ציינער), צאָפּ, קאָפּ, קאַץ, קאָרב, קו (מערצ. קי), קלאַפּ, קנאָפּ, קראַנק, קרוג (אויך קרוגן), ראָק, שוך, שטאָט, שטאָך, שלאַנג (שלענג, שלאַנגען), שנור.

## 165. VII. מערצאָל אָן אַ פאָרמאַלן סימן

ביי איניקע סובסטאַנטיוון איז די מערצאָל פּאָנעטיש גלייך צו דער איינצאָל.

אייגנטלעך הייסט עס, אז זיי האָבן נישט קיין מערצאָל-פאָרמע און באַנוצן אָנשטאָט איר די איינצאָל. זיי שיידן זיך אונטער פון דעפעקטי-וועדערמיט, וואָס דאָ האָט איין פאָרמע צוויי באַטייטן: עפּל—איינער-מערער, אויגוסט—איינער (169).

אַרבל, בייגל, בריוו, האָר, העכט, הערינג, וואָלקן (אויך וואָלקנס), ווײַנשל, ווערק, טריט, ליכט, לעפל, עדות, עמער, עפּל, פיינט, פינ-גער, פענצטער, פערד, פריינט, ציגל, ציפער (אויך ציפערן), כישוף, קלעזמער (אויך קלעזמערס און קלעזמאָרים), קנעכט, רעכט, שוועסטער, שטיוול, שטערן, שטריק.

אַהער געהערן אויך איינִיקע מיט —ער:

1) פון ווערבאַלע טעמעס: דער אַרבעטער—די אַרבעטער, דער־שרייבער—די שרייבער; בעסער אָבער, ווו ס'לאָזט זיך, בילדן די מער צאָל מיט —ס (150).

2) מיט —יקער: דער קריטיקער—די קריטיקער; אויך בעסער מיט —ס (די קריטיקערס).

3) סובסטאַנטיווירטע אַדיעקטיוון פון געאָגראַפישע נעמען: דער אַמעריקאַנער—די אַמעריקאַנער.

## 166. VII אומרעגלמאָסיקע

1) איין וואָרט באַקומט צוויי מערצאָל־סימנים:

a) סעמיטיזמען־צונויפזאַצן: בעל־גוף — בעלי־גופים, בעל־טובה—בעלי־טובהס, בעל־חי—בעלי־חיים, בית־מדרש—בתי־מדרשים, דבר־אחר—דברים־אחרים (אויך דבר־אחרס), תלמיד־חכם—תלמידי־חכמים.

דער טיפ שטאַרבט אָפּ.

b) צונויפזאַצן נישט־סעמיטיזמען: אָרעמאַן—אָרעמעלייט, יונגער־מאַן—יונגעלייט, יונגערמאַנטשיקל—יונגעמאַנטשיקלעך, גוטער־ברודער—גוטע־ברידער.

c) פאַרקלענער־נעמען (דאָס רוב פון סעמיטיזמען): בגדל—בגדימ־לעך, ברודערל — ברידערלעך, סידורל — סידורימלעך, קינדעלע — קינ־דערלעך.

ווייזט אויס, אז דער טיפ שטאַרבט אָפּ; ס'קומט פאָר חזירלעך אדג"ל.

2) פאַראַכט־מערצאָל ביי דער אָפּוועזנהייט פון פאַראַכט־פאָרמע אין דער איינצאָל: אויגאַנעס, שטיוואַלעס, שרייבאַרעס.

3) צונויפפלעכטונג פון טעמעס (די מערצאָל האָט אַן אַנדער וואָרצל): איך—מיר, דו—איר, ער—זיי, זי—זיי, עס—זיי, אישה—נשים.

## 167. ביישפּילן פון צווייערלייִקער מערצאָלבילדונג

ביוראָ—ביוראָען, ביוראָס, ברעג—ברעגן, ברעגעס, גאַנג—גענג, גאַנגען, גלאָק—גלאָקן, גלעקער, טרעפּ—טרעפּ, טרעפּן, לעפל—לעפל, לעפלען, מינימום—מינימומס, מינימומען (אויך אַנדערע מיט —ום), סידורל—סידורימלעך, סידורלעך, פויער—פויערים, פויערן, פלאַן—פלאַ־נען, פלענער, צאָן—ציין, ציינער, קוסט—קוסטן, קוסטעס.

קול—קולות (=טומל), קעלער—קעלן (צ.ב. זיי האָבן פאַרשידענע קעלער, קעלן).

168. איינִיקע סובסטאַנטיוון האָבן פאַרשידענע מערצאָל-פאָרמעס מיט פאַרשידענע מאַטעריעלע באַטייטן: ווײַנשל — ווײַנשל (מערער פירות), ווײַנשלען (מערער סאָרטן), זון—זין (קינדער), זונען (קאָסמישע קערפּער), מאַן—מאַנען (פאַמיליע-באַציונג), מענער (מאַנצבילן), פוס —פיס (קערפּערטייל), פוסן (מאָס), כתב—כתבן (שרייב-אופן), כתבים (געשריפטן), שטערן—שטערן (קאָסמישע קערפּערס), שטערנס (פּנים-טייל).

אינטערעסאַנט, אַז צו דער צייטונג „שטערן" איז די מערצאָל „שטערנס" („גיט מיר צוויי „שטערנס"), כאָטש שטערן מיינט דאָ אַ קאָסמישן קערפּער, נישט קיין פּנים-טייל.

## 169. IX. דעפעקטיווע לגבי מערצאָל

די דאָזיקע סאָרטן סובסטאַנטיוון האָבן אָפט בלויז אַן איינצאָל:

1) אייגן-נעמען (נעמען פון פּערזאָנען, לענדער, געביידעס, ווערק, חדשים אאַז"וו): אויגוסט, אברהם, אַמעריקע, אשרי (אַ תּפילה), ווייסרוסלאַנד, פּסח, קאַווקאַז אאַז"וו.

2) שטאָפנעמען און אַבסטראַקטנעמען: עגמת-נפש, עבר, עברי, עשירות, ברויט, גאָלד, האָלץ, וואַסערשטאָף, זילבער, יוגנט, חרפּה, לעדער, מוסר, פּוטער, פּלאַטינע, רחמנות אאַז"וו.

3) נעמען פון אויסשעפּיקע קאָלעקטיוון: באַפעלקערונג, יידנטום, מענטשהייט, פּראָלעטאַריאַט.

4) איינִיקע סובסטאַנטיווירונגען; סובסטאַנטיווירטע אינפיניטיוון: דאָס גיין; סובסטאַנטיווירטע אַדיעקטיוון פון דריטן מין: דאָס גוטע, דאָס גוטס. נעמען פון שפּראַכן מיט —יש: יידיש.

5) איינִיקע פּראָנאָמען (392): מע, זיך (זיי ווערן באַנוצט סיי אַלס איינצאָל, סיי אַלס מערצאָל), קיינער, יעדער.

6) איינִיקע אַנדערע סובסטאַנטיוון, באַזונדערס סעמיטיזמען און באַזונדערס סעמיטיזמען-צונויפזאַצן: עונג, פּסק, רבים *), שם; עולם-ומלואה, עת-צרה, אשת-חיל, חוש-הריח.

170. אַסאַך פון די דעפעקטיווע לגבי דער מערצאָל קענען

*) „רבים" איז איינצאָל („רבים איז בילכער", נישט „רבים זענען בילכער").

יאָ האָבן אַ מערצאָל־פאָרמע, נאָר זי טראָגט אַ מער־ווייניקער קינסטלעכן כאַראַקטער, אָדער האָט אַ ספּעציפישן באַטייט: עטלעכע שעפסלען; די מענטשהייטן פון פאַרשידענע פלאַנעטן; אַלערליי ווײַנען (פאַרשידענע סאָרטן); די צוויי יידישן — דער פאָדאָליער מיט די רוסישע ווערטער און דער וואַרשעווער מיט דער ליטווישער אויסשפּראַך, רײַבן זיך איינס אָן דאָס אַנדערע (גאָד.); שפּילן זיך משהלעך, שלמהלעך (ביאַליק).

171. דאָ איז דאָס אָרט אָנצוווייזן אויף איניקע סובסטאַנטיוון, וואָס האָבן בלויז אַ מערצאָל־פאָרמע. אַהער געהערן:

1) איניקע אייגן־נעמען: אַלפּן, דאַרדאַנעלן, קאָרדיליערן אדג״ל.

2) איניקע שטאָפנעמען און אַבסטראַקטע: בשמים, הייוון, יסורים, ממתקים, מזומנים, מרחקים, קלייען, רחמים, רייד, ריידעלעך, שיריים.

3) נעמען פון געגנשטאַנדן, וואָס באַשטייען פון צוויי סימעטרישע טיילן: ברילן, הויזן, תפילין, שפּאַקולן.

4) איניקע אַנדערע סובסטאַנטיוון, באַזונדערס סעמיטיזמען, און באַזונדערס סעמיטיזמען־צונויפזאַצן: אבות, עצמות, דיבורים, תכריכים, תנאים, לומדים, מתים, משוגעים, פּני, רבותי, רבותים; עולמות עליונים, אותות ומופתים, אבות אבותינו, בגדי מלכות, בזוי־בזיונות, חכמי־יון, כּלי־קודש; מיט צאָלנעמען: עשרת־בני־המן, ארבע־כוסות א״א.

נישט־סעמיטיזמען: געדערים, זומער־שפּרענקעלעך, מאָזלען, קאַניקולעס, פּאָקן.

172. צו איניקע דעפעקטיווע לגבי דער איינצאָל קען קינסטלעך געשאַפן ווערן אַן איינצאָל: די בריל, דער הויז.

173. אַחוץ איינצאָל און מערצאָל קומט פאָר, זעלטן, אַ צווייצאָל: עינים (אַ פּאָר אויגן), ידים (אַ פּאָר הענט), רגלים (אַ פּאָר פיס). ס'זאָגט זיך אויך: אַ פּאָר ידים אדג״ל (די איינצאָל איז נישט שטענדיק פאַראַן).

174. דער נאָו מאַלער באַטייט פון איינצאָל און מערצאָל (144) האָט אָפּנייגונגען:

1) איינצאָל באַטייט אַמאָל מערערע געגנשטאַנדן.

2) מערצאָל באַטייט אַמאָל נישט מערערע געגנשטאַנדן

3) איינצאָל און מערצאָל האָבן אַמאָל פאַרשידענע מאַטעריעלע באַטייטן.

175. איינצאָל מיטן באַטייט פון מערצאָל.

ביי אַ צאָלנאָמען קומט דער מאָסנאָמען אין איינצאָל: דריי אַרשין (נישט „אַרשינען״), אַן אַרשין דריי, צען פונט, 5 שעה, 100

פערד-קראַפּט (נישט „פערד-קרעפּטן“). אַלס צאָלנעמען טרעטן אַרויס אויך „וויפל, אַזויפיל“ א״אַ; אַלס מאָסנעמען טרעטן אַרויס „מאַן“ביים ציילן מענטשן: 15 מאַן, און צאָלנעמען גופא: צוויי הונדערט, דריי פערטל, נישט „פערטלען“.

אויסנאַמען, ד.ה. דער מאָסנאָמען קומט אין מערצאָל:

א) ווען דער מאָסנאָמען האָט די ענדונג —ע: דריי קאָפּיקעס, 20 סעקונדעס. אויך ביי די ווערטער „וואָך, חודש, טאָג“ ווערט באַנוצט פאַרשידן (3 טאָג—3 טעג); „מאָנאַט“?

ב) ווען ס'האַנדלט זיך נישט וועגן אַ גרייס, נאָר וועגן אַ סכום באַזונדערע געגנשטאַנדן: 3 אַרשינען (3 הילצערנע צי מעטאַלענע אַרשין-מאָסן), 5 גלעזער וואַסער — פינף באַזונדערע גלעזער מיט וואַסער, 5 גלאָז וואַסער — אַ געוויסע קוואַנטיטעט וואַסער, קען זיין גאָר אפשר אין אַ פלאַש, נישט אין קיין גלעזער, צוויי הונדערטער — צוויי באַזונדערע צאָלן אָדער געלט-צייכנס.

ג) ווען דער צאָלנאָמען גופא קומט אין מערצאָל: הונדערט יאָר—הונדערטער יאָרן.

176. נאָמען פון אַ ביאָלאָגישן מין, ווען ס'האַנדלט זיך וועגן אַלע (וועגן יעדן) פאָרשטייער פון דעם מין: דער לייב איז שטאַרק (=די לייבן זענען שטאַרק). אַהער געהער אויך: דער אַלטער שליאַכטשיץ מיטן פאַרמעטענעם הערב אויף דער וואַנט, מיטן ייד, וואָס האָט געפירט זיינע געשעפטן, איז געוואָרן אַלץ זעלטענער (אָפּ.); קאָצק האָט געהערט צו די עסטרייכער און לוקאָוו צום רוס (אָפּ.); ס'איז אַריין דער דייטש.

177. מערצאָל באַטייט נישט מערערע געגנשטאַנדן:

1) עמאָציאָנאַלע מערצאָל: איך באַקום אַ רעכטן פסק פון זייבײדע, איך זאָל דאָס אַנדערע מאָל וויסן, ווי אַזוי צו שפּילן זיך מיט קעץ (ש״ע) *). ער פרעגט, וואָס געהער זיך אָן אַ פרעמדער טאַטע צו זיין זייגער. ער איז נישט מחויב, זאָגט ער, מיט זיינע זייגערס אויסצוהאַלטן פרעמדע טאַטעס (ש״ע) **); אַהער געהערט אויך דער פּאָפּולערער אויסרוף: אוי, מאַמעלעך!

*) אינטערעסאַנט דעם דערציילערס „שפּראַכלעכע אָנמערקונג“: „סך-הכל איין קאַץ—הייסט ביי זיי קעץ“.

**) דער דערציילער גיט צו: „פונעם זייגער איז שוין געוואָרן זייגערס, און פונעם טאַטן – טאַטעס!“

אין „גרויסן געווינס" רופט אוים שימעלע סאָראָקער: טעכטערלעך מיינע טייערע!

2) העפלעכקייט-מערצאָל: איר גייט (ווען מע ווענדט זיך צו איין פּערזאָן), זיי גייען (צו איין פּערזאָן אָדער וועגן איין פּערזאָן).

דער פּראָנאָם שפּילט די ראָליע פון אַ מערצאָל נאָר לגבי דעם ווערב, אָבער נישט לגבי דעם אַדיעקטיוו (513).

3) אַווטאָרשע מערצאָל. אַן אַווטאָר זאָגט אָפט: מיר האָבן געזאָגט, מיר וועלן דערקלערן אָנשט. „איך". אַמאָל, אָבער נישט שטענדיק, באַטייט די מערצאָל: איך (דער אווטאָר) צוזאַמען מיטן לייענער.

4) „פאַרברייטערדיקע מערצאָל" קען מען אָנרופן אַזאַ באַנוץ פון פּראָנאָם, ווי „ביי אונז אין שטאָט" (אָנשט. ביי מיר אין שטאָט, ד. ה. אין דער שטאָט, וווּ איך וווין). „לאַסאַל דערציילט, אַז ביי זיי אין פאַמיליע האָט מען גערעדט יידיש" (אָנשט. ביי אים).

5) מאַיעסטעט-מערצאָל (פּראָנאָם מיר) ווערט באַנוצט, ווען אַן אַז. ג. געקרוינטע פּערזאָן (קיניג אדג"ל) רעדט וועגן זיך אין פייערלעכע ארויסטרעטונגען אָדער דאָקומענטן. כאָטש קיין געקרוינטע פּערזאָנען רעדן אויף יידיש נישט, אָבער אין דער שפּראַך (ליטעראַרישער) קען אַזאַ באַנוץ פּאָרקומען.

6) אייניקע דעפעקטיווע לגבי איינצאָל באַטייטן נאָר איין געגנשטאַנד (אָדער אַ באַגריף, ווו ס'איז כּלל נישט שייך קיין ציילן): חבריכים, תּנאים, קאַניקולעס.

פאַרשידענע אַנדערע פאַלן: „גיין אין סאָלדאַטן" (רוסיזם?), „צוליב פינאַנציעלע אורזאַכן" (מע מיינט איין אורזאַך—קיין געלט איז נישטאָ); „אויף מאַרקסיסטישע יסודות" (אייגנטלעך—אויף אַ מאַרקסיסטישן יסוד).

178. פאַראַן פאַלן, ווען צוויי סובסטאַנטיוון, וואָס לויט דער פאָרמע זענען זיי אַן איינצאָל און אַ מערצאָל, באַטייטן גאָר פאַרשידענע געגנשטאַנדן (ד. ה. ווען אין מערצאָל באַקומט דער וואָרצל אַן אַנדער מאַטעריעלן באַטייט): זכרון—זכרונות, נפש—נפשות, קול—קולות (פרגל' הוט—היטל 136).

## 3. סובסטאַנטיוון-צונויפזאַצן

179. צונויפגעזעצטע סובסטאַנטיוון קען מען איינטיילן אַזוי:

I. אַ פּשוטע סובסטאַנטיוו-בילדונג, לויט די כּללים פון §§ 113

א״וו, נאָר פון אַ צונויפזאַץ, צ.ב. „שוואַרצחנעוודיקייט״ איז געבילדעט פון „שוואַרצחנעוודיק״ מיטן סופיקס —קייט, פונקט ווי הונדערטער אַנדערע סובסטאַנטיוון, נאָר „שוואַרצחנעוודיק״ אַליין איז אַ צונויפזאַץ. אַנדערש גערעדט: די צונויפזעצונג קומט דאָ פאָר פריער פאַר דער סובסטאַנטיווירונג (180).

II. אַ צונויפזאַץ פון צוויי ווערטער (אָדער, זעלטענער, ווערטער-טיילן), וואָס איינער פון זיי איז אַ סובסטאַנטיוו (אָדער ביידע זענען סובסטאַנטיוון), צ.ב. ניימאַשין איז געבילדעט פון ניי+מאַשין, אַנדערש גערעדט: די סובסטאַנטיווירונג איז דאָ פריער ווי די צונויפזעצונג („מאַשין״ איז נאָך פאַרן צונויפזאַץ געווען אַ סובסטאַנטיוו) (181 א״וו).

III. די סובסטאַנטיווירונג און די צונויפזעצונג קומט פאָר איינ-צייטיק (201).

IV. באַזונדער דאַרף מען אויסטיילן קאָמבינירטע אַברעוויאַציעס (202).

180. ביישפילן פון טיפּ I: אויסקומעניש, אָנפאַל, אָפּשטימונג, צו-זאַמענוווין אאַז״וו; גוטפריינטשאַפט, לאַנגוויילִיקייט, די רחמיאל-משהכע, „מנחם-מענדלקייט״. דאָ איז אייגנטלעך נישטאָ, וואָס צו דערלערנען ספּעציעל.

181. דעם טיפּ II וועלן מיר איינטיילן:

1) אָרדינאַרער צונויפזאַץ (182 א. וו.)
2) אַדיעקטיוו+סובסטאַנטיוו (192)
3) צאָלנאָמען+סובסטאַנטיוו (193)
4) סמיכוּת (194)
5) פּאַראַלעל-צונויפזאַץ (195)
6) קאָאָרדיניר-צונויפזאַץ (196)
7) פאַרשידענע העברעישע צונויפזאַצן (197)
8) אינטערנאַציאָנאַלער צונויפזאַץ (198)

אַחוץ דעם, וועלן נאָך קומען צונויפזאַצן פון צונויפזאַצן (199).

182. אָרדינאַרער צונויפזאַץ. באַשטימטייל+הויפּטטייל (38), אַק-צענט אויפן ערשטן. הויפּטטייל, פאַרשטייט זיך, אַ סובסטאַנטיוו; באַ-שטימטייל—סובסטאַנטיוו, ווערב א״א.

183. סובסטאַנטיוו+סובסטאַנטיוו: אייזנבאַן, אַרבעטשוך, ביכער-שראַנק, בילדונג-קאָמיסאַריאַט, דאַמען-ערע, דאָרפסמאַן, דינסטמיידל האַרבסטווטער, ווערטערבאַהעפט, זייפנבלאָז, טאָגבוך, יוגנטקלוב, ישיבה-בחור, חדר-יינגל, לופטפלאָט, עפלקוואַס, פּאָסטקאַרטל, פּאַלק(ס)

פּאָעזיע, פּרילינג(ס)ליד, צייטוואָרט, ראַטנמאַכט, שפּילפּלאַץ; אַסאַך פּאַ־מיליע־נעמען: ברעגמאַן, זילבערמאַן אאז״וו.

די לעצטע זון־ביסלעך (נס.)

184. אין צונויפזאַצן קומט אַמאָל אַ „צווישנשטעל״—ס (פּאָלקס־פּאָעזיע),—אָנס (רעדאַקציאָנס־קאָלעגיע),—נ (בריוונשטעלער). אין ליטעראַטור מערקט זיך אַ געזונטע טענדענץ אָפּצוואַרפן די צווישנשטעלן (אַחוץ—נ, וואָס איז בכלל ווייניק פאַרשפּרייט): פּאָלקפּאָעזיע, רעדאַק־ציע־קאָלעגיע (אָדער רעדאַקטיר־קאָלעגיע) (188). נישט „טאגעס־אָרדנונג״, נאָר „טאָג־אָרדענונג״.

דעם סופיקס—ונג וואַרפט מען אויך אָפּ ביי צונויפזאַצן: „צו־גרייטונג״, אָבער „צוגרייט־אַרבעט״ (בעסער, ווי צוגרייטונג(ס)־אַרבעט).

185. אַלס באַשטימטייל פון אַ צונויפזאַץ קען קומען אַן אייגן־נאָמען: מאַני־לייב־אַרטיקל (גורשטיין), ארץ־ישראל־ערד, רענטגען־שטראַלן, שמואל־בוך.

אַלס באַשטימטייל קען קומען אַ מערצאָל: קלאַסנקאַמף (דעם—נ דאַרף מען דאָ אויפנעמען נישט פאַר אַ צווישנשטעל, נאָר פאַר אַ מער־צאָל־סופיקס: קאַמף צווישן קלאַסן), יום־טובים־טעג (פּרגל׳ יום־טוב־טעג).

אַלס באַשטימטייל קומט נישט קיין פאַרקלענערפאָרמע.

186. דער אַקצענט קומט, בכלל, אויפן באַשטימטייל; אויסנאַמען ווייניק (דם־שונא, יאָרהונדערט, שוועסטערקינד, אסתּר־תענית). „יידסעק־ציע״ אדג״ל געהערן צו אַן אַנדער טיפּ (202).

מע רעדט אמאָל ארוים, באַווירקט פון רוסיש, מיט צוויי אקצענטן: קלאַ́סן־קאַ́מף. ס׳איז פאַלש; אין רוסיש איז דאָ צוויי ווערטער און דערי־בער אויך צוויי אַקצענטן; אין יידיש אָבער איז „קלאַסן״—נישט קיין אד־יעקטיוו, נאָר אַ טייל פון אַ צונויפזאַץ.

187. אגב: אַן אדיעקטיוו מיט אַ סובסטאַנטיוו איז אָפּטמאָל באַ־קוועמער, באַוועגלעכער, ווי אַ צונויפזאַץ. אויב מע קען זאָגן אי יום־טוב־טעג, אי יום־טובדיקע טעג, איז עס אַ רייכקייט און אַ מעלה פון יידיש. אָבער דאָס, וואָס מע מוז זאָגן הויפּט־ (הויפּטזאַך, הויפּטפּרינציפּ אאז״וו), קאַמף־ (קאַמפּנאַטור, קאַמפּצושטאַנד אאז״וו) אדג״ל, נישט קענענדיק זיי פאַר־ביטן אויף אַדיעקטיוון — איז אַ חסרון פון יידיש. דעריבער דאַרף מען באַגריסן אַזאַ דערשיינונג, ווי אַז מע פירט איין, פּאַראַלעל מיט „ראַטן״, אַלס באַשטאַנדטייל פון צונויפזאַץ, אויך אַן אַדיעקטיוו „סאָוועטיש״ (פון „ראַט״ לאָזט זיך נישט בילדן קיין אַדיעקטיוו). „פאַראַן אַ מאַכט אַ

בורזשואזע און אַ סאָוועטישע״ — דאָ איז שווער זיך באַגיין אָן דעם אַדיעקטיוו.

188. ווערב (גענויער: ווערבטעמע)+סובסטאַנטיוו: ברענגלאָז, האַקמעסער, זינגפייגעלע, לייענזאַל, לערבוך, פּאַרלעב-מינימום, רעדאַקטיר-קאָלעגיע.

„דרייקאָפּ״ איז אַנאָמאַליש (נישט קיין קאָפּ, וואָס דרייט זיך, נאָר אַ קאָפּ-דרייער).

189. אַדווערב (אַדיעקטיוו-טעמע)+סובסטאַנטיוו (אַקצענט נישט שטענדיק אויפן באַשטימטייל): איידלמאַן, אָרעמאַן (כמעט פאַרגעסן אַלס צונויפזאַץ), ביטערטראָפּן, גלייכווערטל, האַלביאָר, זויערמילך, זיכּערנאָדל, יונגפרוי, קורצפּרייטיק, קליינבירגער, עלטערזיידע, שוואַרצאַפּל, שטימלשון, שפּעטהאַרבסט.

אויפן גרענעץ פון אַדווערב+סובסטאַנטיוו שטייען: דריט-חלק, פערט-חלק אאז״וו, און סאָציאַל-דעמאָקראַט, סאָציאַל-פאַררעטער אדג״ל.

190. אינוואַריאַנט+סובסטאַנטיוו: איינמאָל-משה (ש״ע), מיטמענטש, „פאַרוואָס״-אויגן (נס.), פאָרקאָנפערענץ, צווישן-מינוטן.

אַהער—פאַרגעסענע צונויפזאַצן: אומגליק, אוראייניקל אדג״ל.

אָנפאַל, מיטפיל אדג״ל—נישט אַהער: זיי זענען געבילדעט פון צונויפגעזעצטע ווערבן.

191. ווערטערגרופּע+סובסטאַנטיוו: איין-טאָג-לעב-פליגן (נס.), וואָס-געהערט-און-וואָס-געזען-איבערלעבונגען (דאָבר.), דער נישט-אַהער-און-נישט-אַהין-מענטש (גאָרעליק), סאַמעטענע-הויזן-קעשענעס (ש״ע), שרה-בת-טובים-פאַנטאָפעלעך (פר.), פאַר-פורים-טאָג, אויף דער „אָז-בהלוך-ירמיהו״-שפּראַך (טייטש).

192. צונויפזאַץ מיט אַן אַדיעקטיוו (מיט זיין סינטאַקסישן סופיקס (181). באַשטימטייל+הויפּטטייל, אַקצענט אויפן צווייטן: אָרעמע-לייט*), גוטערברודער, גוטערפריינט, גראָבעריונג, ווילעריונג, יונגערמאַן.

193. צונויפזאַץ מיט אַ צאָלנאָמען. באַטייט „אַ זאַך, וואָס אַנטהאַלט...״. אַקצענט אויפן ערשטן טייל. דרייעק (אַ פיגור מיט דריי „עקן״), דרייפוס (אַ דרייפיסיקע כּלי).

194. סמיכות. הויפּטטייל+באַשטימטייל; אַקצענט אויפן צווייטן:

---

*) די איינצאָל אָרעמאַן געהערט צו אַן אַנדער טיפּ.

עולם-האמת („די וועלט פון אמת״), עונג-שבת („אַ פאַרגעניגן פון שבת״), עת-צרה („אַ צייט פון אַ צרה״), בני-ישראל („די קינדער פון ישראל״), בית-מדרש („אַ הויז פון לערנען״), ראש-חודש („דער אָנהויב (קאָפּ) פון חודש״), שבת-נחמו („דער שבת, ווען מען לייענט נחמו״).

אַקצענט אויפן ערשטן טייל: בת-מלכּה, בת-קול, בן-מלך, שוה-כּסף.

סמיכות איז געקומען פון העברעישער גראַמאַטיק. דער ערשטער באַשטאַנדטייל פון אַ סמיכות איז שטענדיק אַ סעמיטיזם, דער צווייטער אָבער קען זיין נישט קיין סעמיטיזם. דאָס הייסט, סמיכות איז געוואָרן אַ פּראָדוקטיווער צונויפזאַץ-טיפּ אין יידיש, און דעריבער טאַקע איז עס פאַר אונז וויכטיק. ביישפּילן פון נייבילדונגען (מיט אַ נישט-סעמיטישן צווייטן טייל): ענין-שלאַכט (קוויטקאָ), ענין-שוואַרצבאָרד, בעל-הפענסיע (ש״ע), פּאַטראָנעסע בת פּילאַנטראָפּיע („קאָמפּאָן״), גלות-שטיפמאַמע (ש״ע), הוצאות-בערלין (בערג.), חילול-קעניג („קאָמפּאָן״), מעשה-נייפּאָלטאַווקע („עמעס״), קיין ווינט און קיין סימן ווינט (נס.), אין פּרט ליטעראַטור (שטיף), כּסא-הפּרעזידענט („וועקער״), פאַרשטויסן פון כּלל-מענטשן (וויינרייך), קריאת-הפּאַפּירן (אַבר.).

195. פּאַראַלעל-צונויפזאַץ (555): הויפּטטייל+באַשטימטטייל, אַקצענט אויפן צווייטן.

ביישפּ.: עוג-מלך-הבשן, אַרבעטער-קאָמיסאַר (אַרבעטער, וועלכער איז אַ קאָמיסאַר), דוד המלך, שייט-האָלץ.

דער אונטערשיד פון סמיכות — אין באַטייט: דוד המלך הייסט נישט דוד פונעם מלך, נאָר דוד, וועלכער איז דער מלך.

נאָענט אַהער — טאָפּעלע נעמען: מנחם-מענדל, שיינע-שיינדל.

196. קאָאָרדיניר-צונויפזאַץ (654): הויפּטטייל+הויפּטטייל, אַקצענט אויפן צווייטן; צווישן זיי קען קומען „און״ אָדער „ו״. ביישפּ.: טאַטע-מאַמע, טינט-און-פּען, חתן-כּלה, מזל-ברכה, נסים-ונפלאות, ששון-ושמחה. זיי ווערן אַמאָל באַנוצט אַלס מערצאָל: טאַטע-מאַמע גיבן געלט.

197. פאַרשידענע צונויפזאַצן, געקומען פון העברעיש:

סובסטאַנטיוו+אַדיעקטיוו: אדון-הגדול, אָדר-שני, עבודה-זרה, כּהן-גדול.

צאָלנאָמען+סובסטאַנטיוו: עשרת-הדברות, תרי״ג-מצוות, עשר-מכות. עשרת הײליקע הדברות (מארקיש) — קינסטלעכע צושפּאַלטונג פון-נעם צונויפזאַץ.

סובסטאַנטיוו+״שב—״+סובסטאַנטיוו: בלאָטע שבבלאָטע, גשמיות שבגשמיות, סאָפּראַנאָ שבסאָפּראַנאָ (ש״ע), אביון-שבאביונים.

198. **אינטערנאַציאָנאַלע צונויפזאַצן.** אייניקע פון זיי שטייען אויפן גרענעץ פון פּרעפיקסירטע אָדער סופיקסירטע ווערטער. דער אַקצענט דאָס רוב אויפן צווייטן טייל:

אויטאָנאָמיע — זעלבסטגעזעצגעבונג, אַנטראָפּאָלאָגיע — וויסנשאַפט וועגן מענטשן, אָרטאָגראַפיע—רעכטשרייבונג, טעלעסקאָפּ — ווייטקוקער, עקס-פּרעזידענט—געוועזענער פּרעזידענט, טערמאָמעטער — וואַרעמקייט-מעסטער, פּאַנאָגראַף—קלאַנגען-שרייבער. אנאָמאל געבילדעט: פילאָלאָגיע —ליבע צום וואָרט, נישט וויסנשאַפט וועגן ליבע, פילאָסאָפיע — ליבע צו קלוגשאַפט.

199. **צונויפזאַץ+סובסטאַנטיוו.** סיי דער אינווייניקסטער צונויפזאַץ, סיי דער גאַנצער צונויפזאַץ קענען געהערן צו איינעם פון די ביזאַהעריקעריקע טיפּן. ביישפּ.: ביטערטראָפּן-קאָמפּאַניע („קאָמפּאָן״)— אינווייניקסטער צונויפזאַץ לויט § 189, אויסווייניקסטער לויט § 183. צער-גידול-בנים—סמיכות אין אַ סמיכות; קינדערהייזער-אינטערנאַטן—אינווייניקסטער צונויפזאַץ לויט § 183, אויסווייניקסטער לויט § 195, זויג-קינדערהיים, קינדעריאָרן-דערינערונגען, אַרבעטער-אָוונט-אוניווערסיטעט.

אַזעלכע צונויפזאַצן פירן אמאָל צו שווערער אקצענטירונג, און אמאָל אפילו צו ספקדיקן באַטייט: פאָלקשפּראַכהויז קען באַטייטן אַ הויז פאַר דער פאָלקשפּראַך אָדער דעם שפּראַך-הויז ביים פאָלק (אין דער שריפט קען מען אונטערשיידן פאָלקשפּראַך-הויז און פאָלק-שפּראַכהויז).

200. **פאַרקירצונג פון צונויפזאַצן.** אָנשט. אויטאָמאָביל זאָגט מען אָפט אויטאָ, ס׳באַטייט אָבער נישט „זעלבסט״ נאָר „זעלבסטבאַוועגער״ אָדער, ריכטיקער, ס׳פילט זיך כלל נישט קיין צונויפזעצונג פון זעלבסט (אויטאָ) און באַוועגער (מאָביל). קילאָגראַם ווערט פאַרקירצט אין קילאָ, קינעמאַטאָגראַף אין קינאָ, דינאַמאָמאַשין אין דינאַמאָ אאַז״וו.
אפילו נישט פרעמדווערטער: אָנשט. „דער יוגנטפאַרבאַנד״ קען מען אָפטמאָל הערן „דער יוגנט״ (ערשטער מין), אָנשט. „דיפּלאָם-אַרבעט״—„דיפּלאָם״.

201. **צונויפזעצונג מיט איינצייטיקער סובסטאַנטיווירונג** (179). „בוכהאַלטער" הייסט נישט „האַלטער פון אַ בוך" — נישטאָ קיין וואָרט האַלטער מיט אַזאַ באַטייט, דאָס הייסט אויך נישט (ווי „זינגער") — „דער, וואָס פאַרנעמט זיך מיט בוכהאַלטן" — נישטאָ קיין וואָרט „בוכהאַלטן". ווי זשע איז געבילדעט אַזאַ וואָרט? פאַראַן „בוך" און „האַלטן": זיי ווערן צונויפגעזעצט און איינצייטיק קומט אַ סובסטאַנטיווישער סופיקס. דעריבער טיילן מיר אויס אַזעלכע ווערטער אין אַ באַזונדער טיפ. ביישפּ.: אָן-אַ-זייט-גייער (גאָרעליק), בלוט-זויגער, דריי-ווייבערניק (קאַפּלאַן, איבערז. פון קרילאָוו), קונצנמאַכער.

202. **קאָמבינירטע אַבּרעוויאַציעס.** אַזוי קען מען רופן צונויפזאַצן פון פאַרקירצונגען. מע קען זיי איינטיילן אויף פאַרשידענע סאָרטן; די וויכטיקסטע:

1) פון יעדן וואָרט און באַשטאַנדטייל פון אַ צונויפזאַץ (אַחוץ די באַהילפיקע ווערטער, אַמאָל אויך אַחוץ איניקע באַטייטיקע) ווערט גענומען דער אָנהייב: אָנשט. „פאָלק-קאָמיסאַריאַט פאַר בילדונג" באַקומט זיך „פאָלקאָמבילד", אָנשט. „געזעלשאַפט פאַר ערד-איינאָרדענונג פון יידן" — „געזערד".

2) דער ערשטער וואָרט (אַן אַדיעקטיוו) ווערט פאַרקירצט, דער צווייטער בלייבט גאַנץ: יידישע סעקציע — יידסעקציע, קאָמוניסטישע פּאַרטיי — קאָמפּאַרטיי.

3) ס'ווערן גענומען די **נעמען פון די ערשטע אותיות פון** די ווערטער אָדער באַשטאַנדטיילן פון אַ צונויפזאַץ: צענטראַל-קאָמיטעט — „צעקאַ", קאָמוניסטישע פּאַרטיי (באָלשעוויקעס) פון אוקראַינע — „ק פּ (ב) או" (לייענט זיך קאַפּעבעאו).

די אותיות-נעמען ווערן גענומען, ווי מיר זעען, די לאַטייניש-רוסישע (צעקאַ, נישט צדיק-קוף).

פאַראַן נאָך אַנדערע טיפּן: קולטטרעגער (קולטורטרעגער), קאָמיוגנט (ביי פּעפּערן. אָנשטאָט געוויינלעכן „קאָמיוג").

דער אַקצענט — אויפן לעצטן באַשטאַנדטייל.

203. איניקע ווערן גענומען פון רוסיש: סטאָ („סאָוועט טרודאַ אי אָבאָראָני"), באַזונדערס נייע פאַרזאָגנעמען: רעם („רעוואָלוציע, עלעקטריפיקאַציע, מיר") אדג"ל.

ס'מערקט זיך אַ טענדענץ (אין דער ליטעראַרישער שפּראַך) צו פאַרבייטן רוסישע קאָמבינירטע אַבּרעוויאַציעס (נעמען פון ראַטן-אַנשטאַלטן

אדג"ל) אויף יידישע. אַזאַ טענדענץ קען באַרעכטיקט ווערן נאָר אין אַ באַגרענעצטן פאַרנעם. „יידסעקציע" איז געווים נאַטירלעכער ווי „יעווסעק-ציע", אָבער צי איז „אצאק" נאַטירלעכער ווי „ווציק", איז שוין אַ ספק. „ווציק" ווערט אויפגענומען נישט אַלס פאַרקירצונג פון רוסישע ווערטער, נאָר אַלס איין גאַנצער פרעמדוואָרט, אַשטייגער ווי יאַטשייקע, אויעזד. דער פאַרביים פון רוסישע אַברעוויאַציעס אויף יידישע איז דעריבער אָפט נאָר אַן אומזיסטע פאַרשווענדונג פון שפּראַך-ענערגיע.

204. באַזונדער שטייט אַ קליינע גרופּע העברעישע אַברעוויאַציעס: יו"ט — יון-טרף, רש"י — רבי שלמה יצחקי. דער בילדונג-טיפּ איז טויט.

205. פאַרשטייט זיך, אַז אַזעלכע אָנשריפטן, ווי צ. ב. (=צום ביישפּיל) ח' (=חבר), ח'טע (=חברטע) געהערן נישט צו דער שפּראַך — זיי זענען אַ ריין גראַפישע דערשיינונג (זאָגן זאָגט זיך נישט צעבע, כאַ, כאַטע).

206. כדאי אָנצומערקן אויך אַזאַ דערשיינונג: פון „אַרבקאָר" (אַר-בעטער-קאָרעספּאָנדענט), „דאָרפקאָר", „פעדקאָר" אאז"וו בילדעט זיך אויס אַ טעמע „קאָר" (=קאָרעספּאָדענט), צ. ב. „אַרבקאָרן, דאָרפקאָרן א. אַ. קאָרן". ס'איז אַנאַלאָגיש מיט דער זעלבשטענדיקייט פון -יזם אדג"ל (35).

## 4. סובסטאַנטיווירונגען

207. יעדעס וואָרט אָדער יעדע ווערטערגרופּע קען סובסטאַנ-טיווירט ווערן, באַקומענדיק אַן אַרטיקל אָדער אַן אַנדער אַדיעקטיוו, אָדער אַ סובסטאַנטיווישע מערצאָלפאָרמע, צי בכלל אַ װעלכן ס'איז סימן, אַפילו בלויזע אַסאָציאַציע, פון אַ סובסטאַנטיוו. אייניקע טיפּן סובסטאַנ-טיווירונגען:

1) **אינפיניטיוו**, אין „אָפּט לאַכן איז געזונט" איז „לאַכן" נישט סובסטאַנטיווירט, אַ ראיה—ער באַהעפט צו זיך אַן אַדווערב, אָבער אין „אָפּטער (אָפּטעס) לאַכן איז געזונט" האָבן מיר אַ סובסטאַנטיווירטן אינ-פיניטיוו. און ווידער אַ ליבע אַ נייע, אַ קושן, אַ צערטלען, אַ גלעטן (רייז.); שווייגנס פליסן, שווייגנס טריפן (האָפּ.)

פאַרן אינפיניטיוו קען קומען אַן אַקוזאַטיוו: דעמאָלט באַקומט זיך אַ סובסטאַנטיווירטער צונויפזאַץ: דאָס פידלשפּילן, איר צדקה געבן האָט דאָך געהאַט אַ שם (אַש). דער ריח פון די פריש קאָכעדיקע פיש, פון מערנצימעס, פון שבת מאַכן (אַש).

2) **אַדיעקטיוו:** דער זאַטער פאַרשטייט נישט דעם הונגעריקן; זאַמלען דאָס אָפּגעפאַלענע פון ביימער (פר.); דאָס גוטע, דאָס הייליקע, דאָס שלעכטע, גוטס, גרינס, שלעכטס; איין גאַנצעס.

נישט-דעקלינירלעכער אַדיעקטיוו: דער אַמעריקאַנער; זיי בילדן ווייבלעכע נעמען מיט—ין („די אַמעריקאַנערין", אָבער „די אַמעריקאַנער פרוי").

דאכט זיך, אז יידיש ליידט נישט אזעלכע סובסטאַנטיווירטע אדיעקטיוון, וואָס קומען נאָר סובסטאַנטיווירט, צ. ב. אויף וויפל „פאָרזיצנדיקער" קומט נישט פאָר אלס אדיעקטיוו, ווערט ער אויך אלס סובסטאַנטיוו אויסגעמיטן און פארביטן אויף „פאָרזיצער".

3) **צאָלנעמען** ווערן אָפּט אָנגעווענדט אַלס סובסטאַנטיוון: ס'גייען צוויי; די דריי, וואָס כ'האָב געטראָפן אין גאַס; די אויבערשטע צען טויזנט.

4) **אַדווערבן**, יידיש, רוסיש אאַז"וו (נעמען פון שפּראַכן).

5) סובסטאַנטיוון-פּראָנאָמען ווערן אמאָל באַנוצט אלס פּולבאַטייטיקע—ס'איז אויך אַ מין סובסטאַנטיווירונג; מיין „איך" איז מיר טייער; מע זאָל אים צורו לאָזן מיט די עמעצערס (נאַד.); דער גרויסער „מיר" (406).

6) **אינוואַריאַנט:** שוין גיב איך אייך אָפּ. דער שוין געדויערט אַ מינוט 20 („וועקער"); נישטאָ נישט קיין אַהין, נישט קיין צוריק (ש"ע); דאָרטנס און דאָען (טייטש).

7) **גאַנצע ווערטערבאַהעפטן:**

אָפּענער: אינדרויסן איז געווען נאָך-פּסח; דער אויוון מיטן אויפן-אויוון (ש"ע).

נאָענט אהער: געהאַט אַ המנס-מפּלה, ווי „אַ" ציט זיך צו „המנס-מפּלה" (481).

געשלאָסענער: רבּ זייט-זשע-מוחל! הענגט נישט איבער מיין קאָפּ (ש"ע); יוסף הצדיק האָט געלעבט פון אַ „פּאָלג מיך אַ גאַנג" (ש"ע); עס זאָל פון אים אויסוואַקסן אַ ווייס-איך-וואָס (ש"ע); אַרויסשמייכלען פון זיך די בעסטע כוחות אויף „עס-פרייט-מיך-זייער-אייך-צו-קענענס" (נאַד.).

פרעמדשפּראַכיקע ווערטער און פראַזעס: יאָסעלע האָט עפּעס דעם ויצמח פורקניה פיינט געהאַט (דינעזאָן).

## 5. באַטייט פון אַרטיקל

208. אַסאַך סובסטאַנטיוון קענען ציען צו זיך אַ באַהילפיקן אַדיעקטיוו „דער (די, דאָס, דעם)“ אָדער אַ באַהילפיקן אינוואַריאַנט „אַ (אַן)“. צוליב דער באַזונדער פונקציע פון די דאָזיקע הילפווערטער, גיט מען זיי אַ באַזונדער נאָמען אַרטיקל.

צווישן די גראַמאַטישע קלאַסן פון § 81 פאַרנעמט אַרטיקל נישט קיין באַזונדער אָרט.

איבער אַנאַלאָגיע (אין באַטייט) צווישן אומבאַשטימיקן און באַשטימיקן אַרטיקל, קען מען דעם ערשטן האַלטן פאַר אַ נישט דעקלינירלעכן אַדיעקטיוו.

מעגלעך, אַז מע קען זיך באַגיין אָן דעם טערמין אַרטיקל. אין אַ שול־לערבוך האָב איך איינגעפירט די נעמען באַשטימוואָרט, אומבאַשטימוואָרט.

209. דער אַרטיקל איז אַ באַזונדער וואָרט (נישט קיין פּרעפיקס)— דאָס ווערט גרינג דערוויזן לויטן קריטעריום פון § 8 (פאַרגל׳ דערלערנונג, אַוודאי, ווו „דער, אַ“ זענען נישט קיין אַרטיקלען; פאַרגלייך אויך אַ היים — אַהיים, אַ פּנים — אַפּנים: מע קען זאָגן „איך האָב אַן אייגענע היים“, ד.ה. אָפּרייסן „אַ“ פון „היים“, אָבער מע קען נישט זאָגן: „איך גיי אַ מיין היים“ מיטן באַטייט „צו זיך אַהיים“, ד.ה. דאָ קען מען נישט אָפּרייסן „אַ“ פון „היים“).

אַ ספק קענען דערוועקן „דער דאָזיקער, דער זעלביקער“. איך באַטראַכט דאָ „דער“ אַלס אַרטיקל, ד.ה. אַלס אַ באַזונדער וואָרט, באָטש צווישן „דער“ און „דאָזיקער, זעלביקער“ קען מען קיין אַנדער וואָרט נישט אַריינשטעקן. כ׳שטיץ זיך אויפן פּונקט פון קריטעריום § 8, וועלכער רעדט וועגן אַנאַלאָגיע מיט צערייסלעכע גרופּעס: „דער דאָזיקער“ איז ביי מיר אַנאַלאָגיש מיט „דער גרויסער“, וווּ ס׳קען זיין צ.ב. „דער שטאַרק גרויסער“; פאַראַן „צום זעלביקן, מיטן דאָזיקן“.

210. אַן קומט אָנשט. אַ, ווען דער ווייטערדיקער וואָרט הייבט זיך אָן מיט אַ וואָקאַל: אַן אמת, אַן איבריקער, אַן אויטאָריטעט. ס׳קומט אָבער פאָר „אַ“ אויך פאַר אַ וואָקאַל (באַזונדערס פאַר אַ וואָרט, וואָס הייבט זיך אָן מיט אַנ: אַ אַנאַרכיסט, אַ אַנאַלאָגיע).

אַנאַלאָגיש מיט „אַן“ ווערט אַמאָל באַנוצט „אַזאַן“ אָנשט. „אַזאַ“.

211. אַן אַרטיקל, ווי יעדער אַדיעקטיוו, קען קומען נאָר ביי אַ

סובסטאַנטיוו, אָדער ביי אַ וואָרט, וואָס ווערט סובסטאַנטיווירט. דער אַרטיקל גופא איז אַ מיטל און אַ סימן פון סובסטאַנטיווירונג. דער אַרטיקל קומט פאַרן סובסטאַנטיוו (און פאַרן אַדיעקטיוו, וואָס ציט זיך צום סובסטאַנטיוו). דער אַרטיקל „דער" ווערט דעקלינירט ווי יעדער אַנדער אַדיעקטיוו — לויט צאָל, מין, בויגפאַל.

212. די מיטשטים-פאָרמעס ווייזן, ווי ביי יעדן אדיעקטיוו, די ציונג פונעם ארטיקל צו דעם אָדער יענעם סובסטאנטיוו. צוזאמען דערמיט דינען זיי פאר אַן אָנווייז אויפן בויגפאל, אמאָל אויף דער צאָל, פון סובסטאנטיוו (דער טיש—דעם טיש, דער עפּל—די עפּל).

מע זאָגט אמאָל, אז דער ארטיקל דינט פאר אַן „אָנווייז אויפן מין"—ס'איז אַבסורדיש: אין רייד איז נישט וויכטיק, צו וועלכן מין דער סובסטאנטיוו געהערט; מע קען דאָך נישט באטראכטן די נאטירלעכע רייד פון שטאנדפונקט פון איינעם, וואָס לערנט די שפּראך אלס אַ פרעמדע! אדרבה, דער מין דארף אָפט באוווסט זיין, כדי דער ארטיקל זאָל קענען ווייזן דעם בויגפאל („דער קאָפּ"—נאָמינאטיוו צי דאטיוו? ווענדט זיך אָן דעם, וועלכער מין איז „קאָפּ").

213. וואָס זשע באַטייט דער אַרטיקל? ער באַטייט נישט, ווי אַנדערע אַדיעקטיוון, קיין סימן פון דעם געגנשטאַנד — ער איז דאָך באַהילפיק. ער באַטייט נאָר אַ געוויסע באַציונג צווישן דעם געגנשטאַנד מיטן רעדער אָדער מיטן צוהערער.

214. אַ (אַן) באַצייכנט, אַז דער געגנשטאַנד איז אָדער אומבאַקאַנט, אָדער אינדיפערענט צווישן אַנדערע עקזעמפּליאַרן פון דעם זעלביקן מין. ביישפּ.: אין דרויסן איז אַ ווינט געווען (נס.) — ווערגן דעם ווינט איז נאָך ביז איצט קיין רייד נישט געווען; אין שטיבעלע האָט אַ קאַניצל געברענט (נס.) — דעם צוהערער (לייענער) איז נאָך דאָס קאַניצל אומבאַקאַנט; די מאַמע זוכט אין שויב אַ ווייטן שטערן (האָפּ.) — אַבי וועלכן; ער איז אַ חזן (=איינער פון די חזנים).

215. ווען אַ סובסטאַנטיוו האָט אין איינצאָל דעם אומבאַשטימיקן אַרטיקל, האָט ער אין מערצאָל גאָר קיין אַרטיקל נישט (אַנדערש גערעדט: דאָס וואָרט „אַ" האָט נישט קיין מערצאָל): ס'גייט אַ מענטש, ס'גייען מענטשן (221).

ווען מע זאָגט: „אַ סובסטאַנטיוו קומט מיטן אומבאַשטימיקן אַרטיקל", מיינט מען: אָדער מיטן אומבאַשטימיקן—אויב ס'איז אַן איינצאָל, אָדער גאָר אָן אַרטיקל—אויב ס'איז אַ מערצאָל.

216. „דער (די, דאָס, דעם)“ באַצייכנט, אַז דער געגנשטאַנד איז אָדער דעם צוהערער באַקאַנט, אָדער וועט באַלד באַקאַנט ווערן, אָדער ער איז אַן אוניקום (איינער אויף דער וועלט). ביישפּ.: פון וואַלד, און פון ביימער אין וואַלד האָט זיך נאָר דער ווינט אין זיין ברומען געהערט (נס.) — דער זעלביקער ווינט, וועגן וועלכן ס׳שוין גערעדט געווען; מ׳האָט זיך צום (=צו דעם) באַרג געלאָזט (נס.) — צום באַוווסטן באַרג; ער איז דער חזן (— וועגן וועלכן ס׳איז שוין געווען גערעדט); די זון האָט היינט צום נייעם פאַנצער מיינעם די לעצטע גאָלדענע ליסקע צוגעלייט (האָפּ.) — פאַראַן נאָר איין זון אויף דער וועלט; „די קליאַטשע“ (נאָמען פון אַ ווערק) — פון טעקסט וועט קלאָר ווערן, וואָס איז עס פאַר אַ קליאַטשע.

217. לויט די דאָזיקע גרונטבאַטייטן הייסט דער אַרטיקל „דער“— באַשטימיקער און „אַ“ — אומבאַשטימיקער.

געוויינלעך רופט מען זיי באַשטימטער און אומבאַשטימטער.

218. פאַראַן פאַלן, ווען אַ סובסטאַנטיוו קומט אָן אַן אַרטיקל; די אָפּוועזנהייט פון אַרטיקל קען אַליין האָבן דעם ווערט אָדער פון באַשטימיקן אַרטיקל („משה“), אָדער פונעם אומבאַשטימיקן („מעל, מענטשן“). אַחוץ די אַלגעמיינע אָנווייזונגען פונעם 214, 216 קען מען נאָך אָנווייזן אייניקע דעטאַלן:

219. שטאָפנעמען און אַבסטראַקטנעמען קומען מיטן באַשטימיקן אַרטיקל אָדער אָן אַן אַרטיקל; די אָפּוועזנהייט פון אַרטיקל האָט דעם ווערט פון אומבאַשטימיקן אַרטיקל. ביישפּ.: שיט מעל, גיס וואַסער; ער קוקט מיט מיטלייד; שרייבן מיט טינט, מיט בלייפעדער (פּרגל׳ מיט אַ בלייפעדער); הערן מיט קאָפּ (מיט אויפמערקזאַמקייט); לאָזן ירושה (פּרגל׳ אַ ירושה—קאָנקרעט); גיב לשון; אויפשטיין מיט קאָפּווייטיק (שיינט אַבסטראַקטער, ווי „מיט אַ קאָפּווייטיק“).

מיטן אומבאַשטימיקן אַרטיקל קומען די שטאָפנעמען און אַבסטראַקטנעמען נאָר אין ספּעציעלע פאַלן: שוין איינמאָל אַ וויין! (אַ סאָרט).

ווען מע פאַרפעלט דעם אומבאַשטימיקן אַרטיקל ביי אַ סובסטאַנטיוו, קען עס פירן דערצו, אַז דער סובסטאַנטיוו זאָל אויפגענומען ווערן אַלס שטאָפנאָמען, אָדער אַבסטראַקטנאָמען: ער האָט אַסאַך טאַלאַנט (פּרגל׳ אַ גרויסן טאַלאַנט); לאָקאַרנאָ איז מלחמה.

220. ווען ס׳רעדט זיך וועגן אַ גאַנצן מין געגנשטאַנדן (באַזונ־דערס חיות, געוויקסן), קען באַנוצט ווערן איינצאָל אי מיט אַ באַשטי־מיקן אַרטיקל אי מיט אַן אומבאַשטימיקן, אָדער מערצאָל מיטן באַשטי־מיקן אַרטיקל אָדער אָן אַן אַרטיקל: דער העלפאַנט לעבט לאַנג=די העלפאַנטן לעבן לאַנג=אַ העלפאַנט לעבט לאַנג=העלפאַנטן לעבן לאַנג.

221. דער אומבאַשטימיקער אַרטיקל ביי אַ צאָלנאָמען גיט צו אַ באַטייט פון בערכדיקייט. דערביי קומט דער צאָלנאָמען אָפטער נאָכן סובסטאַנטיוו: אַ דריי מעטער, אַ פינף ביכער, אַ מאַן 15, אַ קאָפּיקעס 30, אַ וואָסערע 100 בהמות.

אין דעם פאַל קומט דער אומבאַשטימיקער אַרטיקל אפילו ביי אַ מערצאָל.

נישט ריכטיק איז די פאָרמולירונג, אז די שטעלונג פונעם צאָל־נאָמען נאָכן סובסטאַנטיוו גיט צו דעם באַטייט פון בערכדיקייט. מיר זעען פון די ביישפּילן, אז די בערכדיקייט איז פאַרבונדן נישט מיטן ווערטער־סדר, נאָר מיטן אומבאַשטימיקן אַרטיקל.

222. ווען ביי אַ סובסטאַנטיוו איז פאַראַן אַן אַדיעקטיוו אָדער אַ ב׳יגפאַל, וואָס אַנטהאַלט אין זיך אַן אָנווייז אויף אַן „איינציקן" (צ.ב. סופּערלאַטיוו (265), דאָס וואָרט ערשטער, לעצטער), קומט דער באַשטימיקער אַרטיקל: דער קירצטער וועג (קירצטער וועג קען זיין נאָר איינער), דער ערשטער טאָג (ערשטער טאָג קען זיין נאָר איי־נער), דער קערפּער פון אַ מענטשן (ביי אַ מענטשן איז נאָר איין קערפּער). פרגל׳: „אַ שטוב מיט גרינע לאָדנס" (דער סימן איז נישט גענוג, אויסצוטיילן איין שטוב צווישן אַלע)—„די שטוב מיט די גרי־נע לאָדנס" (מסתם איז אין דעם אָרט, וועגן וועלכן עס רעדט זיך, אָדער וועלכן ס׳זעט דער צוהערער, פאַראַן נאָר איינע אַזאַ שטוב).

223. ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן אַ געגנשטאַנד, וואָס איז נאָך אין רייד נישט דערמאָנט געוואָרן, אָבער וואָס איז אַלעמען (אָדער יעדנפאַלס די באַטייליקערס פון דער רייד) באַקאַנט, אָדער וואָס ווערט בעת־מעשה אָנגעוויזן, קומט דער באַשטימיקער אַרטיקל: „דער טאַטע וועט דיר שוין געבן" (ש״ע), ד.ה. אונזער (אליס און מאָטלס) טאַטע, וועגן וועלכן מע רעדט ביי זיי אינדערהיים אָפטער ווי וועגן אַנדערע טאַטעס; „פאַרמאַך די אויגן", ד.ה. דיינע אויגן; „זעסט דעם בוים?" — אָט דעם, וואָס איך ווייז אָן, אָדער אָט דעם, וואָס שטייט פאַר אונזערע אויגן; פרגל׳ „זי זוכט דעם מאַן" — „זי זוכט אַ מאַן";

„די פּאַרטיי האָט באַשטימט", ד. ה. די אַמאָפּטסטן דערמאָנטע, די פּאָפּולערסטע (אָדער איינציקע).

מע קען זאָגן, אַז די פאַרשפּרייטונג פונעם ריידאַרט „די פּאַרטיי" אָנשט. „די קאָמוניסטישע פּאַרטיי" צווישן אַלע ברייטערע שיכטן פון דער סאָוועטיש-יידישער באַפעלקערונג קען דינען פאַר אַ שפּראַכלעכן קריטעריי פונעם וווּקס פון איר ווירקונג.

אַהער געהער אפשר אויך: קומט צו פליען די גאָלדענע פּאַווע, אדג"ל.

224. דער באַשטימיקער אַרטיקל קומט אָפּט ביי אַ סובסטאַנטיוו, וואָס ווערט באַנוצט אַלס פאַרגלייך: זיבן לייכטער ווי די שטערן; זיבן טעכטער ווי די סאָסנעס.

225. פּערזאָן-נעמען, אָדער ווערטער, באַנוצטע אַלס פּערזאָן-נע-מען, קומען בכלל אָן אַרטיקל (די אָפּוועזנהייט האָט דאָ דעם ווערט פונעם באַשטימיקן אַרטיקל): פּעסי איז נישט קיין גבירינטע (ש"ע); „באַשעפעניש" איז געוועזן אַ הויקער (ש"ע); זאָגט קלעצל: ס'איז נישט איך, ס'איז „קאָטער" (ש"ע); גאַנץ אַנדערש האָט דאָס אויסגעדריקט מעני, דעם שכנס קעלבל (ש"ע).

אהער געהערט אויך דאָס וואָרט „גאָט", ווען ס'באַטייט „דער איינ-ציקער (דער יידישער, דער אמתער) גאָט". משיח — אַ פּ' ר' אָ' אָ' ען פאַר אַ מענטשן, וואָס דאַרף נאָך ערשט (לויטן פאָלק-גלויבן) געבוי ן ווערן.

226. אָפּנייגונגען: דער באַשטימיקער אַרטיקל קומט:

1) ביי אַ מערצאָל, וואָס באַטייט אַ משפחה: די ברעגמאַנעס האָב איך נישט געטראָפן אינדערהיים.

2) פּאָלקסטימלעך — ביי אַ פּרויען-פּערזאָננאָמען מיט — יכע: די ברעגמאַניכע, די רחמיאל-משהכע.

3) ביי אייניקע העברעישע נעמען, אויפגעשטעלט פון ראשי-תיבות: דער רמב"ם.

4) ביי נעמען פון רעליגיעזע ווערק, וואָס ווערן באַנוצט אַלס נע-מען פון זייערע אויטאָרן: דער של"ה הקדוש.

227. אויך ביי אייניקע פּראָנאָמען ווערט פאַרשפּאָרט דער באַ-שטימיקער אַרטיקל, ווי ביי פּערזאָננעמען: איך, דו, ער, זי, עס, מיר, איר, זיי, זיך, יעדערער, קיינער.

אדרבה, ביי „איינער, מע, עמעצער, עפּעס" ווערט פאַרשפּאָרט דער אומבאַשטימיקער אַרטיקל.

228. פאַרפעלנדיק דעם באַשטימיקן אַרטיקל ביי אַ כלל-נאָמען, קען מען אים צוגעבן אַ ניואַנס פון אַ פערזאָן-נאָמען (אָפט איז עס פאַרבונדן מיט אָנווענזנהייט פון בויגפּאַל-סופיקסן): מלאך-המות וויל נישט שוחטלען טויטן, שוחטל וויל נישט עקסעלען שחטן... (441).

אדרבה, באַנוצנדיק ביי אַ פערזאָן-נאָמען דעם אומבאַשטימיקן אַר-טיקל, גיט מען אים צו דעם כאַראַקטער פון אַ כלל-נאָמען, אַ „שם-דבר": מע שטייט אויף פּלוצים אינדערפרי און מע ווערט אַ באַלמאַן, אַ פּיצי, אַ ניסי? (ש"ע).

229. געאָגראַפישע נעמען קומען אָן אַרטיקל; בלויז נעמען פון אייניקע טייכן, בערג א"אַ קומען מיטן באַשטימיקן אַרטיקל: מאָסקווע, מינסק, דייטשלאַנד, בראַזיליע; דער דניעפּער, (דער) קאַווקאַז, אין (דער) ליטע, די דאַרדאַנעלן.

דער אומבאַשטימיקער אַרטיקל ביי אַ געאָגראַפישן נאָמען גיט אים צו אַ ניואַנס פון אַ שם-דבר: „אָט נעמט, אַשטייגער, אַ דייטש-לאַנד, אַ פּוילן — וואָס זעען מיר דאָרטן?"

230. דער באַשטימיקער אַרטיקל קומט ביי סובסטאַנטיווירט אַדיעקטיוו פון דריטן מין (סופיקס ע): דאָס אייביקע, דאָס בעסטע, דאָס גוטע.

„גוטס, שלעכטס" אדג"ל קומען מיטן באַשטימיקן אַרטיקל, אָדער אָן אַרטיקל.

231. אַ ווענדונג קומט שטענדיק אָן אַרטיקל: שטאָט! דו האָסט מיך פונווייטן געראָפן (האָפּ.).

232. אויב אַ וואָרט, וואָס פאַרשפּאָרט דעם באַשטימיקן אַרטיקל, האָט פאַר זיך אַן אַדיעקטיוו, באַקומט ער דעם באַשטימיקן אַרטיקל: האָט ער אַרומגענומען די בלאַסע, שוואַרצחנעוודיקע רחל (אָפּ.); דאָס רעוואָלוציאָנערע רוסלאַנד.

דאָס איז אָבער נישט שייך צו אַ ווענדונג: איך גיי אין דיינע פאָרנטיקע רייען, שפּאַנענדיקע מענטשהייט (האָפּ.).

233. פאַראַן נאָך אַ נעגאַטיווער אַרטיקל — „קיין" (נישט-דעקלינירלעך). ער ווערט באַנוצט אָנשטאָט אומבאַשטימיקן (אפילו אין מערצאָל און ביי שטאָפנעמען), ווען דער ווערב, וואָס איז באַהעפט צום סובסטאַנטיוו אַלס צו אַ סוביעקט, אָדער צו וועלכן דער סוב-סטאַנטיוו איז באַהעפט, אַלס בויגפּאַל, האָט אַ נעגאַציע ני(ש)ט: ס'גייט אַ מענטש—ס'גייט נישט קיין מענטש; ס'גייען מענטשן—ס'גייען נישט

קיין מענטשן; שיט מעל—שיט נישט קיין מעל; שרייב אַ בריוו צו אַ חבר—שרייב נישט קיין בריוו צו קיין חבר.

ווען פאַרן סובסטאַנטיוו איז אַ צאָל-נאָמען, קומט דער נעגאַטי-ווער אַרטיקל פאַרן צאָל-נאָמען: גיט מיר דרייסיק קאָפּיקעס — כ'האָב נישט קיין דרייסיק קאָפּיקעס.

234. דער נעגאַטיווער אַרטיקל איז אויך, ווי יענע צוויי אַר-טיקלען, מסוגל צו סובסטאַנטיווירן ווערטער: נישטאָ נישט קיין אַהין, נישט קיין צוריק (ש"ע).

235. מע קען אָננעמען פאַר אַ באַזונדער מין אַרטיקל דאָס וואָרט „רב" (רב בנימין). קיין סובסטאַנטיוו איז עס יעדנפאַלס נישט (נישט מישן מיט „רבי"). די ווערטער „חבר, דאָקטאָר" אדג"ל זענען אויפן וועג צו ווערן אַרטיקלען. די אַרטיקל-נאַטור פון „רב" ווייזט זיך אַרויס, אַשטיי-גער, אין זיין פעיקייט צו סובסטאַנטיווירן (נאָך מער—צוצוגעבן דעם כאַ-ראַקטער פון אַ פּערזאָננאָמען): רב זייט-זשע-מוחל! הענגט נישט איבער מיין קאָפּ (ש"ע).

236. אין דעם קאַפּיטל זענען דערמאָנט געוואָרן „אייגן-נעמען", „פּער-זאָננעמען", „געאָגראַפישע נעמען", „שטאָפנעמען" א"א. צי הייסט עס, אַז מע דאַרף זיי איינפירן אַלס טערמינען און אַלס קלאַסיפיציר-גלידער? פאַר טערמינען אין אייגנטלעכן זינען פון וואָרט קען מען זיי נישט באַ-טראַכטן, וואָרים זיי זענען פּשוטע ווערטער פון דער שפּראַך, וואָס פאָ-דערן נישט קיין ספּעציעלע דעפיניציעס: געאָגראַפישע נעמען זענען, זעלבסטפאַרשטאַנדיק, נעמען פון שטעט, לענדער, ימען, טייכן אדג"ל, פּער-זאָננעמען זענען, זעלבסטפאַרשטאַנדיק, נעמען פון מענטשן, חיות, געטער אדג"ל, אאז"וו, אַלס קלאַסיפיציר-גלידער טאָרן זיי בשום-אופן נישט איינגע-פירט ווערן. לערנען, אַז סובסטאַנטיוון טיילן זיך אויף פּערזאָננעמען, כלל-נעמען אאז"וו, איז אי איבעריק, אי שעדלעך. איבעריק—ס'גיט גאָרנישט; ווען מע דאַרף אויספאָרשן דעם באַנוץ פון אַרטיקל, דערמאָנט מען זיך, אַז ס'זענען פאַראַן סובסטאַנטיוון, וואָס באַטייטן מענטשן, לענ-דער אאז"וו. שעדלעך — ווייל אַזאַ קלאַסיפיקאַציע וואָלט געווען קינסטלעך און שטאַרק קאָמפּליצירט: די טיילונג אויף כלל-נעמען און אייגן-נעמען איז נישט קאָרעלאַטיוו מיט דער אויסטיילונג פון קאָלעקטיוו-נעמען, שטאָף-נעמען געפינען זיך ווידער אַן אַנדער פלעך אאז"וו.

## 6. מין פון סובסטאַנטיוו

237. די מין-פאָרמע פון אַדיעקטיוו איז אָפּהענגיק פונעם סובסטאַנטיוו. דעריבער טיילן זיך אַלע סובסטאַנטיוון פון איינצאָל אויף קאַטעגאָריעס: סובסטאַנטיוון פון ערשטן מין, צווייטן מין, דריטן מין. פאַראַן אויך סובסטאַנטיוון, ביי וועלכע דער אַדיעקטיוו קען האָבן פאַרשידענע מין-פאָרמעס. דאָס זענען סובסטאַנטיוון פון געמישטן מין. סובסטאַנטיוון אין מערצאָל געהערן נישט צו קיין מין-קאַטעגאָריע.

מע דאַרף זיך דורכדרינגען מיטן געדאַנק, אַז „מין פון סובסטאַנטיוו" איז עפּעס אַזוינס, וואָס געפינט זיך נישט אינעם סובסטאַנטיוו גופא, נאָר אין יענעם אדיעקטיוו, וואָס באַהעפט זיך מיט אים. ווען אַ סובסטאַנטיוו זאָל זיך קיינמאָל נישט באַהעפטן מיט קיין אדיעקטיוו, אָדער ווען דער אדיעקטיוו וואָלט נישט געהאַט קיין מין-פאָרמע, וואָלט דער סובסטאַנטיוו נישט געהערט צו קיין מין-קאַטעגאָריע. וואָרים רופן מאַן, פאָטער, אָקס „מאַנלעכע סובסטאַנטיוון" בלויז דערפאַר, וואָס זיי באַטייטן מאַנלעכע וועזנס, איז פונקט אַזאַ שׂכל, ווי רופן הימל — „בלויער סובסטאַנטיוו" אָדער באַרג—„הויכער סובסטאַנטיוו".

238. „סובסטאַנטיוו פון ערשטן מין" רופן מיר יענע, וואָס קענען זיך באַהעפטן (אין נאָמינאַטיוו איינצאָל) דווקא מיט אַן אַדיעקטיוו מיטן סופיקס —ער (אַהער אויך דאָס וואָרט דער); „סובסטאַנטיוו פון צווייטן מין" הייסט אַזאַ, וואָס קען זיך באַהעפטן (אין נאָמינאַטיוו איינצאָל) דווקא מיט אַן אַדיעקטיוו מיטן סופיקס —ע (אָדער מיטן וואָרט די); „סובסטאַנטיוו פון דריטן מין" איז אַזאַ, וואָס קען זיך באַהעפטן (אין נאָמינאַטיוו איינצאָל) דווקא מיט אַן אַדיעקטיוו מיטן סופיקס —ע(ס) אָדער מיט אַ נול-סופיקס (אָדער מיטן וואָרט דאָס).

239. קיין פאָרמע פון מין האָט אַ סובסטאַנטיוו נישט, ד.ה. ער האָט נישט אַזעלכע פאָרמאַלע סימנים, וואָס זאָלן דינען בלויז צו באַהעפטן אים מיט אַן אַדיעקטיוו מיט דעם אָדער יענעם מין-סופיקס. אמת, געוויסע סובסטאַנטיווישע סופיקסן (—ער, —קייט, —ין, —קע א״א) פירן אַריין די סובסטאַנטיוון אין דער אָדער יענער מין-קאַטעגאָריע, אָבער די סופיקסן האָבן אַן אַנדערע, אַ זעלבשטענדיקע פונקציע און קענען דעריבער באַטראַכט ווערן בלויז אַלס פּראַקטישע סימנים פון מין, נישט אַלס פאָרמעס פון מין.

אַחוץ סופיקסן, זענען פאַראַן אויך אַנדערע סימנים פון מין פון סובסטאַנטיוו. פאַראַן אָבער אַסאַך סובסטאַנטיוון, וואָס האָבן נישט אין זיך קיינע סימנים פון מין.

240. די אנטשפּרעכונג צווישן א סובסטאנטיוו און איינעם פון די פּראָנאָמען ער, זי, עס (396) דינט נישט שטענדיק פאר א סימן פון מין: ס'קומען פאָר פּראַזעס, ווי: דאָס מיידל—ווו איז זי? זי האָט געזאָגט, דאָס מיידל הייסט עס, אז טאָמער נעם איך זי נישט... (ש"ע); שטייט פאר מיר דאָס אומגליקלעך בתורל. ער שווייגט... (אבר.); די דאָזיקע עצה שטאַמט פון דער „גערויבערטער ליולקע", וואָס איך האָב אייך שוין דערציילט וועגן אים (ש"ע).

241. וועגן אנטשפּרעכונג צווישן גראַמאַטישן מין און ביאָלאָגישן געשלעכט קען קיין רייד נישט זיין: 1) א סובסטאנטיוו אין מערצאָל האָט בכלל קיין מין נישט; 2) א סובסטאנטיוו אין איינצאָל האָט א מין, אפילו ווען ער באַטייט א נישט-לעבעדיקן וועזן, ד. ה. אזא, וואָס האָט נישט קיין געשלעכט; 3) מינים זענען פאַראַן 3, געשלעכטן—2; 4) פאַרקלענער-נעמען געהערן צום דריטן מין, אומאָפּהענגיק פונעם געשלעכט פון יענעם וועזן, וועלכן זיי באַטייטן, אאז"וו. דעריבער גע‏פין איך פאַר גלייכער אינגאַנצן אָפּטיילן „מין" פון „געשלעכט", און דאָס טו איך דערמיט, וואָס כ'שייד אונטער די טערמינען „מין – געשלעכט" און וואָס איך מייד אויס די טערמינען „מאַנלעכער, ווייבלעכער, נייטראַלער".

242. דער מין פון סובסטאַנטיוו איז אין אַסאַך פאַלן נישט פעסטגעשטעלט, וואַקלדיק. וואָס הייסט דאָס? דאָס הייסט, ערשטנס, אַז ביים זעלביקן סובסטאַנטיוו באַנוצן פאַרשידענע יידיש-רעדערס דעם אַדיעקטיוו אין פאַרשידענע מין-פאָרמעס: דער יינגל (ליטע) — דאָס יינגל (אוקראַינע), דער קאָפּ (אוקר.)—די קאָפּ (ליטע) אאַז"וו; צווייטנס, איז איין און דער זעלביקער יידיש-רעדער באַנוצט ביים זעלביקן סובסטאַנטיוו דעם אַדיעקטיוו אין פאַרשידענע מין-פאָרמעס, ווי אין דעם קאַריקאַטורישן ביישפּיל, וואָס זשיטלאָווסקי ברענגט: „איך גיי אַרויס אַ קוק טון, ווו איז דער פערדעלע, ערשט נישטאָ דאָס פערדעלע! אַנטלאָפן די פערדעלע!". דעריבער דאַרף מען אונטערשיידן צוויי אויפגאָבן ביי דער מין-דערלערנונג: 1) דערלערנען אַלע פאַקטן פון דער לעבעדיקער שפּראַך, קלאַסיפיצירנדיק זיי לויט דיאַלעקטן, לויט ווירקונגען פון אַרומיקע שפּראַכן א"אַ. 2) דערלערנען די טענדענצן פון דער ליטעראַרישער שפּראַך, וואָס שטרעבט צו איינהייטלעכקייט

(די דאָזיקע איינהייטלעכֿקייט פלעכֿט זיך גאַנץ קאַפּריז-פול פון פאַר-
שידענע דיאַלעקטישע און אַנדערע ווירקונגען). דאָ איז נישט דאָס
אָרט צו פאַרנעמען זיך מיטן ערשטן אויפגאַב — כֿ'וועל דאָ נאָר געבן
כּללים פון דער ליטעראַרישער קלאַסיפיקאַציע פון סובסטאַנטיוון לויט
מין *). די כּללים (וואָס כ'האָב גענומען פון דער פאַראַנענער גראַ-
מאַטישער ליטעראַטור און פון אייגענע נאָכֿמערקונגען) זענען ווייט
נישט פול.

243. אַ צונויפזאַץ געהערט צום מין פון זיין הויפּטטייל, בײַ-
שפּילן: די טאָגבלאַט (די בלאַט), דאָס לאָקשנטעפּל (דאָס טעפּל).
אויסנאַמען: דער אלף-בית, דער יאָרצייט א"א.

244. ערשטער מין.

A. לויטן מאַטעריעלן באַטייט:

1. נעמען פון וועזנס פון מאַנלעכֿן געשלעכֿט: דער אָקס, דאָק-
טאָר, האָן, טאַטע, מאַן (247).
אויסנאַם—פאַרקלענער-נעמען (246).

2. נעמען פון טעג, חדשים, יום-טובים, יאָר-סעזאָנען אדג"ל: דער
זונטיק, יאַנואַר, ניסן, תשעה-באב, פּסח, פרילינג.
אויסנאַם—די ווּעסנע.

B. לויט דער פאָרמע אָדער פאָנעטישער געשטאַלט:

3. געבילדעטע פון אַ ווערבטעמע אָן אַפיקסן (117). אויסנאַם —
דאָס (די) שפּיל.

4. אַדווערבן מיט —יש אַלס שפּראַכֿנעמען: דער יידיש, רוסיש.
זיי ווערן, דאַכֿט זיך, באַנוצט אויך אַלס דריטער מין.

5. מיט די סופיקסן אָדער ענדונגען **): —אַל —אַנט —יוו
—יזם —עם, טראַפּיקער ל (אַחוץ פאַרקלענער-נעמען), טראַפּיקער ן (—ען),
—ער (נישט אַלע): דער ראַדיקאַל, בריליאַנט, קאָלעקטיוו, קאָמוניזם,
בעזעם, מאַנטל, צייכן, קוימען, האַמער.

פאַראַן נאָך אייניקע זעלטענערע סופיקסן און ענדונגען, וואָס פירן
אויך אריין דעם סובסטאַנטיוו אין דער קאַטעגאָריע פון ערשטן מין:

---

*) דאָ דאַרף איך באַמערקן, אַז איך אַליין האַלט זיך נישט אינגאַנצן בײַ די דאָזיקע
כּללים, נעמלעך בנוגע דעם דריטן מין (250).

**) ענדונג—לעצטע קלאַנגען אין וואָרט, אומאָפּהענגיק, צי ס'איז אַ מאָרפעמע, אַ
וואָרצל-טייל אדג"ל.

—אוש (באגאזש), —אַט (פּראָלעטאַריאַט), —ום (מינימום), —וס (ראַדיוס), —ינג (הערינג).

6. אַסאַך פרעמדווערטער און סעמיטיזמען מיט אַ קאָנסאָנאַנט צום סוף.

לשון, פּנים, קול א״א געהערן צום ערשטן און צום דריטן מין.

7. סובסטאַנטיוווירטע ווערטער, אַחוץ פון § 246: דער היינט, דער זיי-געזונט.

245. צווייטער מין.

A. לויטן מאַטעריעלן באַטייט:

1. נעמען פון וועזנס פון ווייבלעכן געשלעכט: די הון, מוטער, פרוי, קו, שוועסטער. אויסנאַם — פאַרקלענערנעמען, „דאָס ווייב" (ליט-וויש „די ווייב"), דאָס פרויענצימער (אַלס צונויפזאַץ מיט „דאָס צי-מער").

2. נעמען פון פרוכטן און גרינסן: די באָב, פלוים, קאַרטאָפל, קאַרש א״א אויסנאַמען: דער מילגראָם (מילגרוים), נוס, עפל, קירבעס.

3. נעמען פון אותיות און ציפער (ליטוויש-ערשטער מין).

B. לויט דער פאָרמע אָדער פאָנעטישער געשטאַלט

4. געבילדעטע פון אַדיעקטיוון אָן אַפיקסן (119).

5. מיט די סופיקסן אָדער ענדונגען: —הייט, —ונג, —יי, —יע, —יק, —קייט, —שאַפט: די פרייהייט, קליידונג, בעקעריי, פאָעזיע, פּי-זיק, שיינקייט, קלוגשאַפט.

די נעמען מיט —ונג, —יי, —קייט, —שאַפט קומען פאָר אויך אַלס דריטער מין.

6. מיט סופיקס אָדער ענדונג—ע, אַחוץ נעמען פון וועזנס פון מאַנ-לעכן געשלעכט: די ליבע. אַהער אויך — די מאַשין, פען, פאָן, שטים אדג״ל, וואָס עקזיסטירן פאַראַלעל מיט „די מאַשינע" אאַז״וו.

246. דריטער מין.

A. לויטן מאַטעריעלן באַטייט:

1. שטאָפנעמען: דאָס ביר, ברויט, בלוט, געלט, זאַלץ, זילבער, חלב, שטאָל אאַז״וו. אין ליטווישן דיאַלעקט האָבן די ווערטער נישט קיין מין—זיי זענען מערצאָלן (511).

2. נעמען פון לענדער און שטעט: דאָס ווייטע אַמעריקע, דאָס נייע רוסלאַנד, דאָס בויבעריק. אין ליטווישן דיאַלעקט געהערן זיי דאָס רוב, באַזונדערס די מיט ענדונג ע, צום צווייטן מין. דער

דאָזיקער באַנוץ דרינגט־אַריין אויך אין דער ליטעראַרישער שפּראַך.

B, לויט דער פאָרמע.

3. פאַרקלענערנעמען מיט ל—עלע: דאָס טישל, דאָס ווענטעלע. אין ליטוויש געהערן זיי צום זעלביקן מין, וואָס די גרונט־פאָרמע: דער טישל (דער טיש), די ווענטעלע (די וואַנט).

4. מיט די סופיקסן —ות, —טום, —טל, —עכץ, —(ע)ניש: דאָס שדכנות, רייכטום, פערטל, טועכץ, פינצטערניש. די ווערטער מיט —עכץ, —עניש געהערן אויך צום צווייטן מין. אין ליטוויש געהערן זיי אַלע צום צווייטן מין.

5. אייניקע מיטן פּרעפיקס גע— אָן סופיקסן: דאָס געשלעג.

6. סובסטאַנטיווירטע אינפיניטיוון: דאָס לערנען. אין ליטוויש — ערשטער מין.

7. סובסטאַנטיווירטע אַדיעקטיוון פונעם טיפ „דאָס גוטע", אין ליטווישן דיאַלעקט קומען זיי נישט פאָר.

8. סובסטאַנטיווירטע אַדיעקטיוון פונעם טיפ „דאָס גוטס". אין ליטוויש געהערן זיי צום צווייטן מין.

247. נאָך די אַלע כּללים בלייבט פונדעסטוועגן אַ גרויסע צאָל סובסטאַנטיוון, באַזונדערס וואָרצלדיקע, וואָס זייער מין־געהעריקייט קען נישט אונטערגעפירט ווערן אונטער אַ באַקוועמען כּלל.

אַהער געהערן, צווישן אַנדערס, פיל נעמען פון לעבעדיקע וועזנס, וואָס דינען אויף צו באַצייכענען ביידע געשלעכטן: דער בער (סיי אַן ער, סיי אַ זי). ווען מע דאַרף אָנווייזן דעם ווייבלעכן געשלעכט, בילדעט מען אַ וואָרט „בעריכע", ווען מע דאַרף אָבער אָנווייזן דעם מאַנלעכן געשלעכט, מוז מען אָנקומען צו אַ פּאַראַפראַז: „אַ בער אַן ער" אדג"ל. די גאַנדז, דער מענטש, דער פוקס, די קראָ, די שלאַנג א"אַ.

248. מע קען זיך נאָך אָנפירן מיטן דאָזיקן סימן: איינטראַפּיקע סובסטאַנטיוון מיטן וואָקאַל אַ, אָ, ו, וואָס בילדן די מערצאָל מיט סופיקס —ען, —ן, געהערן אָפט צום צווייטן מין, מיטן סופיקס —ער — צום דריטן.

249. ביי די ווערטער „איך, דו, מע(ן), נאַר" א"אַ איז דער מין אָפּהענגיק פונעם געשלעכט פונעם באַצייכנטן וועזן: פּרעגער וועט דיך אין אַ יאָר אַרום אַוועקוואַרפן, דו נאַר איינע (בערג.); איז מע נישט אַזאַ שיינע! (ר.).

250. ווי זאָל מען זיך באַציען צו דער פראַגע וועגן מין פון לינגוואַ-טעכנישן שטאַנדפּונקט? בכלל (אַחוץ איינצלנע אויסנאַמען פון מעגלעכע צווייטייטיקייטן) שפּילט די קאַטעגאָריע פון מין אין דער שפּראַך קיין שום נוצלעכע ראָלע נישט. ס'איז אַ ירושה פון דער אוראַלטער שפּראַך-תקופה *). אין די פּראָגרעסיווע (ד.ה. שטאַרקער פּראָגרעסירטע) שפּראַכן שטאַרבט דער מין אָפּ. אין פראַנצויזיש איז דאָ נאָר צוויי מינים, אין ענגליש-גאָר נישטאָ. דער אידעאַל איז, אַז די קאַטעגאָריע זאָל פאַרשווינדן. ווי דערגרייכט מען עס אָבער? אַ קינסטלעכע אַריינמישונג אין דער שפּראַך-אַנטוויקלונג, אין אַזאַ ראַדיקאַלער פראַגע, איז צו ריזיקאַליש — זי וועט גאָרנישט געבן. באַראָבאַנס פּראָיעקט („דע שיין מאַן, דע שיין פרוי, דע שיין קינד") פאַרדינט נישט, אַלס פּראַקטישע פּראָגראַם, קיין ערנסטע אויפמערקזאַמקייט. מע מוז, הייזט אויס, וואַרטן אויף דער נאַטירלעכער אַנטוויקלונג. פאַראַן אָבער אַ נעענטערער אידעאַל — אָפּשאַפן דעם דריטן מין.

אין אָפּשאַפונג פון דריטן מין האָבן מיר פאַר זיך אַ נאַטירלעכע שטיצע — דעם ליטווישן דיאַלעקט, וועלכער ווייסט כמעט נישט פונעם נייטראַלן מין **). אמת, דער ליטווישער דיאַלעקט איז אַ מינדערהייט קעגן אוקראַינישן, פּוילישן און די איבעריקע, אָבער (אין דעם פּרט)— אַ פּראָגרעסיווע מינדערהייט. איך האַלט, און איך געפין פאַר מעגלעך צו רעקאָמענדירן: 1) די יידיש-שרייבערס (און אַ פּשיטא שוין — רעדערס), וואָס ווייסן אין זייער מוטער-דיאַלעקט נישט פון קיין דריטן מין, דאַרפן אים נישט באַנוצן — דערמיט העלפן זיי מיט דער פּראָגרעסיווער אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך, כאָטש זיי פאַרגרעסערן צייט-ווייליק דעם „פּלאָנטער"; 2) — אָבער דאָס איז שוין אַ ווונטש אויף שפּעטער — אויך יענע יידיש-שרייבערס, וואָס געהערן צו אַ דריימינימדיקן

*) די איינטיילונג אויף דריי מינים איז שוין געווען אין דער אור-אינדאָ-אייראָפּעישער שפּראַך, וועלכע איז אָפּגעשטאָרבן, אַלס אַזעלכע, מיט טויזנטער יאָרן צוריק, אָ-ויסברענגענדיק פון זיך אין דער אונטערשטער שורה די היינטיקע אייראָפּעישע שפּראַכן, אינדיש, פּערסיש א״אַ. די אָפּשטאַמונג פון מין דערקלערט מען פאַרשידן: דורך ווירקונג פון אַנימיזם (אוראַלטע וועלט-באַנעמונג) אָדער דורך איבערפלּיסיקייט פון שפּראַכלעכע פאָרמעס.

**) מיר איז באַקאַנט אין ליטוויש „דאָס קינד" (וועלכס קלינגט ביי אַנדערע „די קינד" און „די ס'קינד").

דיאַלעקט, זאָלן זיך זען צופּאַסן צום פּראָגרעסיווערן באַנוץ, וועלכער וועט מיט דער צייט ווערן דער הערשנדיקער

## 7. בילדונג פון אַדיעקטיוון

251. דער גרעסטער טייל אַדיעקטיוון קומט פּאָר אויך אין אַד-ווערב-פּאָרמע (נול-פּאָרמע). ווען מע רעדט וועגן אַזאַ אַדיעקטיוו, נעמט מען פּאַר זיין פּאָרשטייער דעם אַדווערב. דהיינו, מע זאָגט: „דער אַד-יעקטיוו גרויס", מיינענדיק דערמיט די סיסטעם גרויסער, גרויסע, גרויס (—עס), גרויסן (פּרגל' 56).

ס'איז אָנגענומען (און ס'איז באַקוועם) אויך אַדיעקטיוון, וואָס האָבן צו זיך נישט קיין אַדווערבן, אָנרופן אין דער (פיקטיווער) אַדווערב-פּאָר-מע, צ. ב. „דער אַדיעקטיוו אייזערן", ד. ה. די סיסטעם אייזערנער, איי-זערנע, אייזערנעס, אייזערנעם (פּרגל' פיקטיווע אינפיניטיוון פלעגן א"א), דאָ אָבער מייד איך עס אויס.

252. לויט דער בילדונג, קען מען קלאַסיפיצירן אַדיעקטיוון אַזוי:

1) **אייגנטלעכע אַדיעקטיוון און אַדיעקטיווירונגען.**

2) אייגנטלעכע: **איינפאַכע און צונויפגעזעצטע.**

3) איינפאַכע: **וואָרצלדיקע און מיט אַפיקסן** (ד. ה. מיט נישט-סינטאַקסישע אַפיקסן, נישט רעכענענדיק די סינטאַקסישע סופיקסן —ער, —ע, —עס, —ן).

253. אַדיעקטיוון, וואָס זענען געבילדעט פון נישט-אַדיעקטיוון (אויך איניקע געבילדעטע פון אַדיעקטיוון), זענען געגעבן אין דער דאָזיקער טאַבעלע (ז. זייט 100).

254. איניקע זעלטענע סופיקסן:

—נד, —ענד (פון ווערבאַלע טעמעס) פלעגט פריער אָפט באַנוצט ווערן אין ליטעראַטור אנשטאָט היינטיקן —נדיק (גייענד, דער גייענדער); היינט ווערט עס אויסגעמיטן; פאַרבליבן אָבער אין עטלעכע ווערטער פאַראַלעל מיט —נדיק, מיט סעמאַנטישער דיפערענצירונג: רייצנדיק, רייצנד; גלאַנצנדיק, גלענצנד.

—עדיק (פון ווערבן): טראָגעדיק=וועלכע טראָגט, פאָלגעדיק=וואָס פאָלגט. נאָענט צו —נדיק און צו —עוודיק.

—עוואַטע (פון סלאַווישע סובסטאַנטיוון, מיטן באַטייט פון —אַטע): סוקעוואַטע, פליכעוואַטע.

‏–עז (פון אינטערנאַציאָנאַלע סובסטאַנטיוון): טענדענציעז = מיט אַ טענדענץ, ירוּעז (אויך נערוועיש) = מיט נערוון, רעליגיעז = מיט רעליגיע-געפיל.

וועגן פאַרטיציפּ-בילדונג –§ 358 א״א.

255. צווישן אַדיעקטיוון (אַדווערבן), געבילדעט פון אַדיעקטיוון, זענען די וויכטיקסטע די דאָזיקע: אָפּגעשוואַכטע, פאַרצויגענע, פאַרגלייכיקע, איבערשטייגיקע, קעגנזעצלעכע.

256. אָפּגעשוואַכטע ווערן געבילדעט אַמאָפטסטן מיטן סופיקס –לעך, זעלטענער מיט –(ע)וואַטע; זיי באַטייטן אַ קלענערע גראַד פון דער אייגנשאַפט, ווי ס׳באַטייט דער נאָרמאַלער אַדיעקטיוו-אַדווערב: שוואַרצלעך — אַביסל שוואַרץ, נישט גאַנץ שוואַרץ; רויטלעך, לאַנגלעך, שטייפלעך, נאַרישעוואַטע, משוגענעוואַטע (אַהער — תּמעוואַטע, חולהוואַטע).

אָפּגעשוואַכטע מיט –(ע)וואַטע האָבן נאָך אַ בייבאַטייט („בייגעשמאַק״) פון פאַראַכטונג.

אָנשטאָט –לעך קומט צוליב פאָנעטישע אורזאַכן –בלעך (געלבלעך, העלבלעך, גרינבלעך, פוילבלעך, קילבלעך) אָדער –כלעך (פוילכלעך, קילכלעך). דאָ הערשט הייניקער סיסטעמאַטישקייט, ווי אין דער אַנטשפּרעכיקער דערשיינונג ביי סובסטאַנטיווישע פאַרקלענערונגען (129).

257. פאַרצויגענע אַדיעקטיוון בילדן זיך מיט –ינק, אויך מיט –יטשק, –טשינק א״א און באַטייטן אָדער אַ צערטלעכע באַציונג פונעם ריידער צום אָביעקט, וועגן וועלכן דער אַדיעקטיוו איז געזאָגט, אָדער — אַז דער אַדיעקטיוו ציט זיך צו אַ פאַרקלענער-נאָמען: ווייסינקער, יונגינקער, נידעריטשקער, נייִנקער, פיינטשינקער, קליינטשינקער, קליינטשיקער, קלייניטשקער, קליינינקער, שיינטשינקער, שייניניקער, איינינקער אַליין.

„אין „אַ שיינע שטוב – אַ טייניקע שטיבעלע״ קען מען איינזען אַ מין מיטשטימונג.

258. פאַרגלייכיקע אַדיעקטיוון (קאָמפּאַראַטיוון) בילדן זיך מיטן סופיקס –ער, אַמאָל נאָך דערצו מיט וואָקאַלישן איבערבייט, און באַטייטן אַ גרעסערע גראַד אייגנשאַפט ווי ביי אַן אַנדער אָביעקט: אַ געלערנטערער, ווייסערער, יינגערער, לייכטערער, שכלדיקערער, קלענערער, שענערער.

| סופיקס | פון וואָס פאַר אַ טעמע | אָפּטסטער באַטייט |
|---|---|---|
| –אַטע | פון סלאַווישע סובּ־סטאַנטיוון | אנטהאַלט |
| –אָל, –על | פון אינטערנאַציאָנאַלע סובּסטאַנטיוון | שייך צו, געהעריק צו |
| –באַר | פון ווערבּ | קען אויפנעמען אַ טוונג |
| –דיק | פון סובּסטאַנטיוו און פון אינוואַריאַנט, אויך פון גאַנצע ווערטער־גרופּעס | איז–, שייך צו–, ענלעך צו– (ממילאדיק=וועלכער איז ממילא, יום־טובדיק=וואָס איז שייך צו יום־טוב, אבלדיק=ווי אַן אבל) |

| אָנמערקונגען | ביישפּילן |
| --- | --- |
| אַקצענטירט | און די אַנדערע דאַמע שרייט און שעלט, און עס וואַרפן זיך דורך ביי איר מאָדנע ווערטער: פּיסקאַטע, מאָרדאַטע, קאָרפּאַטע, האָרבאַטע, פּאַרכאַטע, סמאַרקאַטע — — — — — אָהאָ! — רוף איך מיך אָן — זי באַזיצט גוט די שפּראַך (ש"ע). |
| אַקצענטירט; אָפּט קומט פריער דער סופיקס אַן (נאַציאָנאַל) | אינדיווידועל. גובערניעל. טעאַטראַל, מאַטעריעל, נאַציאָנאַל. סענטימענטאַל. פּראָפּאָרציאָנאַל (פּראָפּאָרציאָנעל), קאַטאַסטראָפאַל, קאָנווענציאָנעל, קולטורעל, ראַציאָנאַל (ראַציאָנעל) |
| ווערט אָפּט פאַרביטן אויף ־לעך (דערגרייכלעך). (ז. שטיפס ארטיקל אין „יידישער שפּראַך" נומ. 3, 1928). | באַזיגבאַר, נאַנגבאַר. דאַנקבאַר, דענקבאַר, דערגרייכבאַר, קויפבאַר. |
| איינער פון די לעבעדיקסטע סופיקסן | אגבדיק, אבלדיק, עברידיק, עקשנותדיק, גאווהדיק, וואָלקנדיק, וואַסערדיק, חלשותדיק, יחסנדיק, יום־טובדיק, לאַעליבמדיק, מאַמעדיק, מוראדיק, מתימדיק, ממילאדיק, ששון־ושמחהדיק, שכלדיק, אפשרדיק, פּסחדיק, פּשטלדיק, צפונדיק, צוויי־חדשימדיק, ציטערדיק, צנועהדיק, כהנדיק, פייערדיק, קילעכדיק, רחבותדיק; זמרי־בן־סלואדיק (פר.); אזעלכע ברייטע, איך־ווער־אייך־נישט־לאָזן־כאַפּן־דעם־אָטעמדיקע לידער (נאד.). |

| סופיקס | פון וואָס פאַר אַ טעמע | אָפּטסטער באַטייט |
|---|---|---|
| ־ט | פון צאָלנאָמען (פּרגל׳ ־סט) | נומער |
| ־יק | פון סובסטאַנטיוון, ווערבן, אינוואַריאַנטן | איז־, שייך צו־, האָט־ (איצטיק=וועלכער איז איצט, גאַסיק=שייך צו דער גאַס, באַרגיק=מיט בערג) |
| ־יש | פון סובסטאַנטיוון און פון נישט זעלבשטענדי־ קע טעמעס; פון טעמעס פון סעמיטישע מערצאָלן (סוחרים—סוחריש) | געהערט צו־, ענלעך צו־; אדיעקטיוון מיט ־יסטיש באַ־ ציען זיך צו סובסטאַנטיוון מיט ־יסט און מיט ־יזם (קאָמו־ ניסטיש=וואָס איז שייך צום קאָ־ מוניזם אָדער צו א קאָמוניסט) |
| ־לעך | פון סובסטאַנטיוון און ווערבן | ביי סובסט. טעמע־ענלעך צו־, האָט־(פאָטערלעך=ווי א פאָטער, גליקלעך=האָט גליק), ביי א ווערבאַלער טעמע־באַר |

| אָנמערקונגען | ביישפּילן |
| --- | --- |
| אייניקע מיט אינווייניקסטער בייגונג | צווייטער, דריטער, צוואַנציק(ס)טער, הונדערט איינטער = הונדערט ערשטער. |
| | איצטיק, ביינאַכטיק, באַרגיק, בלוטיק, גאַסיק, הונגעריק, היינטיק, וואַלדיק, זאַמדיק, זוניק, טוטווייִיק, לוסטיק, ליבטיק, מילכיק, נייטיק, נעבטיק, פאָלגיק, פאַרביק, פליישיק, ציטעריק, קאָנטיק, קרעפטיק, שטוביק, שנייִק, שפּראַך-געשיכטיק (ווײנרייך). |
| איינער פון די לעבעדיקסטע סופיקסן; אַמאָל קומט פאָר איבעראַקצענטירונג (פּעריאָד—פּעריאָדיש); אַמאָל קומט פאָר אינווייג. בייגונג (הונט—הינטיש) | אויעזדיש, אינטעליגענטיש, אמעריקאַניש, אפּיקורסיש, בריִיש, גוטברודעריש, גביריש, געאָגראַפיש, גערמאַניש, גראַמאַטיש, דאָרפיש, הינטיש, היסטאָריש, וואַלאָסטיש, יידיש, חסידיש, לאָגיש, מלוביש, נעפּיש (פון נעפּ — נייע עקאָנאָמישע פּאָליטיק), סאָוועטיש, סינטאַקסיש, פּאָליטיש, פּעריאָדיש, פּראָלעטאַריש, פּריציש, פּרוויִש, ציוניסטיש, קאָמוניסטיש, קינדיש, שטאָטיש. |
| נישט פלאָנטערן מיט -לעך ביי אדיעקטיוו § 255; אמאָל קומט פאָר אינווייניקסטע בייגונג (שאָדן—שעדלעך) | אויסשליסלעך, איינשליסלעך, בריוולעך (=דורך בריוו), גליקלעך, געפערלעך, דערגרייכלעך, מינדלעך, נוצלעך, פאָלקסטימלעך, קליינבירגערלעך, קריסטלעך, געטלעך. |

| סופיקס | פון וואָס פאַר אַ טעמע | אָפּטסטער באַטייט |
|---|---|---|
| —ן, —ען | פון סובסטאַנטיוון | געמאַכט פון—(שטאָלענער פון שטאָל) |
| —ן (נישט טראַפּיקער) | פון סלאַווישע סובּ· סטאַנטיוון | האָט א שייכות צו — (גראַ· מעטנער—קען גראַמעטע) |
| —נדיק, —ענדיק | פון ווערבן | וועלכע פירט אויס א טוונג (גייענדיק—וועלכער גייט) |
| —סט | פון צאָלנעמען הע· כער ווי 19 | נומער (פרגל׳ —ט) |
| —עוודיק | פון ווערב | קאַפּאַבל צו א טוונג, האַלט אין איין טון (רירעוודיק—קען זיך רירן, זאָרגעוודיק — האַלט אין איין זאָרגן) |

| אָנמערקונגען | ביישפּילן |
| --- | --- |
| דער נ איז טראַפּיק, אַלזאָ ווערט ער אָפּט פאַרביטן אויף —ען (§ 906) | אַלפּאַגענער, בלייענער, ברושטינענער, גאָלדענער, געוועגנטענער, דימענטענער, האָלצענער, וואָלענער, זיידענער, זילבערנער, חלבנער, ליוונטענער, פּאַפּירענער, צינערנער, קופּערנער, שטאָלענער. |
| פילט זיך אָפּט פאַר נישט יידישלעך און ווערט פאַרביטן אויף —יש א״א | אוויעזדנע (בעסער אוויעזדיש), גראַמעטנע, וואָלאָסטנע (בעסער וואָלאָסטיש), זאַפּאַסנע, נודנע, פּאַראַדנע (בעסער צונויפזאַץ מיט פּאַראַד), פּאָספּאָרנע (האָפּ.), קאַפּריזנע (בעסער קאַפּריז־פול), קוסטאַרנע (בעסער קוסטאַריש), קוואַדראַטנע (בעסער קוואַדראַטיש). |
| לאָזט זיך בילדן פון יעדן ווערב; די אַד־ווערב־פאָרמע פון אַזאַ וואָרט האָט אַ ספּעציעלן נאָמען גערונדיום; די פאָרמע —נד אַנשטאָט —נדיק איז נישט יידישלעך (§ 254) | גייענדיק, געגנוגנדיק, הערנדיק, וועלנדיק (און „נישט ווילנדיק”), זייענדיק, נאָרמירנדיק, עקזיסטירנדיק, פאַרכאַפּנדיק, צוקומענדיק, צעשטערנדיק. |
| ווערט פאַרביטן דיאַלעקטיש אויף —ט | צוואָנציק(ס)טער, צוויי־און־צוואָנציק(ס)טער (אָדער: צוואָנציק צווייטער), הונדערטסטער. |
| ווערט די לעצטע צייט פאַרשפּרייט | באַריידעוודיק, בייגעוודיק, ברענעוודיק, הערעוודיק, זאָרגעוודיק, פאָרויס־קוקעוודיק, רירעוודיק, שלאָגעוודיק, שעמעוודיק; חנעוודיק (פול מיט חן). |

| סופיקס | פון וואָס פאַר אַ טעמע | אָפטסטער באַטייט | אָנמערקונגען | ביישפילן |
| --- | --- | --- | --- | --- |
| -עריש | פון ווערבן | =ער+יש (§ 113), אַלזאָ: ווי איינער, וואָס פאַרנעמט זיך מיט אַ טוונג (שטיפעריש — ווי איינער וואָס שטיפט) | | פאַרשווענדעריש, קריגעריש, שטיפעריש. |
| -ערן | פון סובסטאַנטיוון | געמאַכט פון— (פרגל׳ ן) | אַמאָל קומט פאָר אינווייניקסטע בייגונג (גלאָז — גלעזערנער) | אייזערנער, ביינערנער, גילדערנער, גלעזערנער, הילצערנער, שטיינערנער. |
| -ש | פון סובסטאַנטיוון (אָפט פון מערצאָלן מיט -ער) | =יש | -ש קומט אָנשטאָט -יש, ווייזט אויס, צוליב פאָנעטישע אומשטאַנדן | אַרבעטערשער, האַנדלשער, ווייבערשער, טשינאָווניקשער, ממזרשער, פייערשער, קינדערשער, קליינשטעטלשער. |

259. נישט אַלע אַדיעקטיוון קענען בילדן אַ קאָמפּאַראַטיוו. אין דער אַלטער גראַמאַטיק פֿלעגט מען דעריבער טיילן אַדיעקטיוון אויף גרופּעס — וואָס קענען און וואָס קענען נישט בילדן קיין קאָמפּאַראַטיוו. ס'איז אַבסאָלוט איבעריק, פּונקט ווי מיר טיילן זיי נישט לויט דער פּעיִקייט צו בילדן אָפּגעשוואַכטע און פֿאַרצוויגענע פֿאָרמעס. אגב: די צאָל אַדיעקטיוון, וואָס זענען פֿעיִק צו קאָמפּאַראַציע, ווערט אַלץ גרעסער. „עלעקטרע רינט פֿון דאָרטן ווי ס'איז עלעקטרישער, ווי דער פּאָטענציאַל איז העכער" (יאַבינסאָן). דער קאָמפּאַראַטיוו (אַדוועַרב) עלעקטרישער איז אַ דרייסטע, אָבער נאַטירלעכע נייבילדונג.

260. ביי אַ פּאַרטיציפּ איז די פֿעיִקייט צו קאָמפּאַראַציע — אַ סימן אין אַ פֿאַקטאָר פֿון זיין אָפּגעריסנקייט פֿון דער ווערב-סיסטעם: ער איז געלערנטער פֿון דיר—„געלערנטער" אַסאָציִירט זיך שוין כמעט נישט מיט לערנען, לערנסט אַזוי.

261. אָט זענען אַדיעקטיוון, וואָס האָבן אין קאָמפּאַראַטיוו אַן אינוויייניקסטע בייגונג: אַלט—עלטער, אָפּט—עפּטער, אָפּטער, געזונט—געזינטער, גרויס—גרעסער, גראָטן—גרעטענער, גרעטענער, גראָב—גרעבער, גראָבער, הויך—העכער, זאַט—זעטער, זאַטער, חשוב—חשובער, כּעשעווער, טונקל—טינקלער, לאַנג—לענגער, נאָענט—נעענטער, פּראָסט—פּרעסטער, פּראָסטער, פֿרום—פֿרימער, קאַלט—קעלטער, קאַלטער, קורץ—קירצער, קלאָר—קלערער, קלאָרער, קלוג—קליגער, קליין—קלענער, שיין—שענער, שמאָל—שמעלער.

אַנאַלאָגיש אינוואַריאַנט: האַלט — העלטער. צונויפֿפֿלעכטונג פֿון טעמעס: גוט—בעסער.

262. ביי אַדיעקטיוון מיט —ע קומט אָנשטאָט —ער בלויז —ר: ליטרער, מאָדנער (503).

„ביליבער" איז אַ קאָמפּאַראַטיוו אָן אַ גרונטפֿאָרמע.

ביי אַדיעקטיוון מיט טראַפּיקן ל, נ קומט אין קאָמפּאַראַטיוו אַ „קאָמפּענסיר —ע": טינקעלער, געפֿאַלענער (905).

263. אַמאָל באַטייט דער קאָמפּאַראַטיוו נישט קיין פֿאַרגלייך, נאָר אַן אָפּשוואַכונג: אַן עלטערער מענטש — נישט „עלטער פֿון דעם און דעם", נאָר — „אַ היפּש אַלטער מענטש" (שוואַכער ווי פּשוט „אַן אַלטער מענטש").

264. דער קאָמפּאַראַטיוו פֿאָדערט (ביים נאָמען פֿון אָביעקט, מיט וועלכן ס'ווערט פֿאַרגליכן) די פּרעפּאָזיציעס „פֿאַר, פֿון", אָדער

די בינדווערטער „איידער, ווי, ווידער" (ס'ווערט אויך באַנוצט „אַלס"— דאָס קלינגט דייטשמעריש): ער איז פלייסיקער פאַר איר, פון איר, איידער זי, ווי זי, ווידער זי, „אַלס זי".

265. **איבערשטייגיקער** אַדיעקטיוו (**סופּערלאַטיוו**) בילדעט זיך בכלל מיטן סופיקס —סט און באַטייט די העכסטע גראַד פון דער אייגנשאַפט: דער געלערנטסטער, דער ווייסטער, דער ייגנ- סטער (917, 919).

נישט אלע אדיעקטיוון בילדן א סופערלאטיוו. דער סופערלאטיוו מינדסטער האָט נישט צו זיך קיין גרונטפאָרמע.

„אויבערשטער, אונטערשטער, הינטערשטער, לעצטער, מיטלסטער, ערשטער, פאָדערשטער (פעדערשטער)" זענען געוועזענע סופערלאטיוון.

וואָקאַלישער איבערבײַט — ווי ביי קאָמפּאַראַטיוו; אויך „גוט — בעסטער".

266. אַמאָל באַטייט דער סופערלאַטיוו נישט קיין איבערשטיי- גונג, נאָר אַ פאַרשטאַרקונג: בעסטער חבר—„נישט בעסטער פון אַלע", נאָר „זייער גוטער".

267. אויב אין פראַזע זענען אָנגערופן יענע אָביעקטן, אַנט קעגן וועלכע די אייגנשאַפט פונעם סופערלאַטיוו האָט די העכסטע גראַד, קומט ביים נאָמען פון יענע אָביעקטן די פרעפּאָזיציע „פון" אָדער „צווישן": פון יענע טעג איז ער דער טאָג דער שענסטער; דער שענ- סטער פון אַלעמען; דער העכסטער צווישן אַלע בערג.

268. די איבערשטייגיקייט ווערט פאַרשטאַרקט דורך „דער סאַ- מע, אַל—, אַלער—": דער סאַמע ווייטסטער, דער אַלערהעכסטער.

„סאַמע" קען אַמאָל צוזאַמען מיט דער נאָרמאַלער פאָרמע פון אַדיעקטיוו פאַרבייטן דעם סופערלאַטיוו: דער סאַמע ווייטער — דער ווייטסטער.

269. מע פאראייניקט אָפטמאָל די נאָרמאלע פאָרמע, דעם קאָמ- פאראַטיוו און דעם סופערלאטיוו אין איין סיסטעם: גרויסער–גרעסערער— גרעסטער, מיטן נאָמען „פארגלייך-מדרגות". ס'איז נישט נייטיק. מע וואָלט אזוי געקענט בויען אסך סיסטעמען, צ.ב. שווארצער — שווארצלעכער— שווארצינקער.

270. **קעגנזעצלעכע** אַדיעקטיוון ווערן געבילדעט, ווי סובּ- סטאַנטיוון, מיטן פרעפיקס אומ—. ער טראָגט אויף זיך דעם אַקצענט,

אַחוץ ביי פּאַרטיציפּן: אומגליקלעך, אוממיטלבאַר, אומריין; אומגעגעסן, אומגעוואַשן.

271. צונויפגעזעצטע אַדיעקטיוון קען מען איינטיילן אויף דריי סאָרטן:

1) געבילדעט לויט די אַלגעמיינע טיפּן, אָבער פון אַ צונויפגעזעצטן וואָרט; אַנדערש גערעדט—פריער קומט פאָר די צונויפזעצונג, דערנאָך די אַדיעקטיוו-בילדונג. ביישפּ.: גוטברודעריש, זמרי-בן-סלואַדיק, צוואָנציק-זיבעטער, קליינבירגערלעך. זיי וועלן מיר באַזונדער נישט דערלערנען.

2) צונויפגעזעצט פון צוויי ווערטער, וואָס דער צווייטער פון זיי איז אַן אַדיעקטיוו; אַנדערש גערעדט—פריער די אַדיעקטיוו-בילדונג, דערנאָך די צונויפזעצונג.

3) די צונויפזעצונג און אַדיעקטיווירונג קומען פאָר איינצייטיק.

272. דעם צווייטן טיפּ קען מען איינטיילן: סובסטאַנטיוו+אַדיעקטיוו, אַדווערב+אַדיעקטיוו, אינוואַריאַנט+אַדיעקטיוו.

273. סובסטאַנטיוו+אַדיעקטיוו. באַשטימטייל+הויפּטטייל, אַקצענט אויפן ערשטן, זעלטן אויףביידע.

1) צווישן אַדיעקטיוו און סובסטאַנטיוו — אַ פאַרגלייך-באַציונג: לולב-טרוקן=טרוקן ווי אַ לולב, מויער-הויך, פערל-ריין, פעלזן-שטאַרק, צוקער-זיס, שניי-ווייס.

2) אַנדערע באַציונגען: האָריזאָנט-ליגנדיקע בערג (נס.), ליבנס-ווירדיק, לעבנס-פעיק, פראַכטפול.

א געוועזענער צונויפזאץ איז „ענדגילטיק" (גילטיק אלס ענדע), וועלכער ווערט אָבער, דאַכט זיך, אָפּט אויפגענומען אלס אנטגילטיק (א ראיה, אחוץ אויסשפראך פון ערשטן װאָקאל,-אויך דער אקצענט אויפן צווייטן טראף).

### 274. אַדיעקטיוו (אַדווערב)+אַדיעקטיוו

1) באַשטימטייל+הויפּטטייל, אַקצענט אויפן ערשטן: העלגרין=העל גרין (גרין, וועלכע איז העל), טונקלבלוי=טונקל בלוי.

2) הויפּטטייל+הויפּטטייל, אַקצענט אויפן צווייטן: גביריש-רבניש=גביריש און רבניש, שייך צו גבירים און רבנים; סאָציאַליסטיש-אוטאָפּיסטיש; פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעך; שוואַרץ-חנעוודיק.

די געהויבט- און געקרוינטע קולטור (בעל-דמיון); די מער- אָדער-הייניקערע פארדינסטן („וועקער").

### 275. אינוואַריאַנט+אַדיעקטיוו

באַשטימטייל+הויפּטטייל. אַקצענט אויפן צווייטן: אַזוי-גערופן (אַלטע ליטעראַרישע פאָרמע: זאָגענאַנט), אָט-דער, נישט-דערוואַרט, ערב-דעפעקטיווע קינדער (רובין).

אויסערגעוויינלעך—אַקצענט אויףביידע טיילן.

276. ביישפּיל פונעם דריטן טיפּ: נישטרוסיששפּראַכיקער. קיין וואָרט „שפּראַכיקער" איז נישטאָ; קיין וואָרט „נישטרוסיששפּראַך", פון וועלכן דער אַדיעקטיוו „נישטרוסיששפּראַכיקער" וואָלט זיך געקענט בילדן, איז אויך נישטאָ. וואָס דען? ס'איז גענומען אַ באַהעפט: „נישט רוסישע שפּראַך", און די ווערטער זענען איינצייטיק אי צונויפגעגאָסן אין איין וואָרט, אי באַזאָרגט מיט אַן אַדיעקטיווישן סופיקס: נישטרוסיששפּראַכיק.

פארשטייט זיך, אז דער „צונויפגוס אין איין וואָרט" באַטייט נישט קיין אָרטאָגראַפישן פאַקט (גענומען שרייבן צוזאַמען), נאָר אַ שפּראַכלעכן: פאַרלוירן די באַוועגונג-פרייהייט.

נאָך ביישפּילן פון אַדיעקטיוון, געבילדעטע פון ווערטער באַהעפטן:

סופיקס —דיק: צווייחדשימדיקע קורסן, איינאויגנדיק (הירשקאַן. בעסער: איינאויגיק), פונזיכּדיק (מאַרק, „שול-גראַמאַטיק", הקדמה), פון דעם נאָך-גלות-בבלדיקן יידנטום („צייטשריפט" I).

ביי נאַדירן: אַזוי איך-גיב-דיר-עס-איבערדיק; פון דער ערנסטער, ביליקסטער, צווייפאַראַקוואָדערדיקסטער גוטקייט; אַביסל צו שכלדיק, אַביסל צו למה-זה-אנכידיק (למה זה אנכי=צו וואָס דארף איך דאָס?); אַזוי פון-אַלצדינג-צו-ביסלעכדיק ווי מעגלעך...

סופיקס —יק: איינצייטיק, אָפּנהערציק, גרויסאַרטיק (אויף אַ גרויסן אַרט). די היינט-פאַרנאַכטיקע אַגאַפּיע (הירשקאַן); איינפּערזאָניקע פאַר-וואַלטונג („עמעס"); אַנדערפאַרביקע טייכלעך (טייטש); מיט אַ פאַרפּו-מענשמעקנדיקער מיידלשער האַנט (בערג.).

סופיקס —(י)ש: האָט געפונען איר אַרבעטער-פויערשן לעזער („קאָמפּאָן"); אַ קלאַסן-אַרמיי, אַן אַרבעטער- און-פויערישע („קאָמפּאָן"); נאָכמלחמהשער פעריאָד („עמעס").

277. נישט־אייגנטלעכע אַדיעקטיוון (אדיעקטיווירונג) זענען פיל זעלטענער, ווי סובסטאַנטיווירונגען. פאַר אַזעלכע קען מען באַ-טראַכטן צ. ב. אויטאָריטעט (אַן אויטאָריטעטע מיינונג, אויך

„אויטאָריטעטספולע״), גאָר (די גאָרע וועלט), אמת (אַן אמתער, אויך „אמתדיקער״), פרי (פריע חתונות), פלוצלינגע יאָרן (פעפער. אויך „פלוצלינגדיקע״).

צעווישענע רגעס (האָפ.).

פאָרמאַל שליסט זיך אָן אַהער אויך קאָרן (א קאָרענער), אָבער ס׳איז קיין ספק נישט, אז דער ן (=ען) ווערט דאָ אויפגענומען אַנאַלאָגיש מיטן סופיקס —ן; דאָס זעלביקע —ראַיאָנער. דעמיסעזאָנער (פינינבערג).

אהער געהער אויך די „יאָרנלאַנגע אַלמנה״ (בערג.). נישט פון „יאָרן+לאַנגע״ (ס׳וואָלט געווען אן אבסורד), נאָר פון „יאָרנלאַנג״+אדיעקטיווישער מיטשטים-סופיקס.

## 278. בילדונג פון נישט דעקלינירלעכע אַדיעקטיוו.

סופיקס —ער (אַמאָל —אַנער), צוגעגעבן צו אַ געאָגראַפּשן נאָמען: אָדעסער, אַמעריקאַנער, אַפריקאַנער, לאָנדאָנער, מינסקער, קיעווער, רוסלענדער. נישט יעדער געאָגראַפישער נאָמען קען בילדן אַ נישט-דעקלינירלעכן אַדיעקטיוו: נישטאָ „אַן אייראָפּער״ אָדער „אייראָפּער״ מלוכה, נאָר דווקא „אַן אייראָפּעישע״ (דעקלינירלעכער אַדיעקטיוו).

סופיקס —ערליי ביי צאָלנעמען: צווייערליי, דרייערליי... (אויך אַדיעקטיוון: צווייערלייאיק). אַהער אויך „אַלערליי, כלערליי״.

279. בילדונג פון צאָלנעמען: איינס, צוויי אאַז״וו—וואָרצלדיקע; דרייצן, פערצן...—פאַרגעסענע צונויפזאַצן; צוואָנציק, דרייסיק...—פאַרגעסענע צונויפזאַצן; צוואָנציק איינס=איין און צוואָנציק...—צונויפגעזעצטע ווערטער; אויך „עטלעכע און צוואָנציק״. צווייהונדערט, דרייהונדערט... צוועלפהונדערט—צונויפגעזעצטע ווערטער.

באזונדערהייטן: עטלעכע זעכציק (אָפּ.)=עטלעכע און זעכציק; צוויי מאָל הונדערט טויזנט=צווייהונדערט טויזנט.

העברעישע צונויפזאַצן: ק״ן אלפים, שין אלף...

אז „דריי-און-צוואָנציק״ אדגל׳ זענען טאַקע צונויפזאַצן, נישט קיין ווערטער-באַהעפטן, קען מען איינזען, ווען מען לייענט אזא פאָרמול 23=20+3: „דריי און צוואָנציק איז דריי-און-צוואָנציק״.

## 8. בילדונג פון ווערבן

280. ווערבן קען מען לויטן בילדונג-אופן איינטיילן אַזוי:

1) איינפאַכע (דרייען), מיט ווערבאַלן צוגאָב (אָנדרייען), מיטן צוגאָב זיך (זיך דרייען), פעריפראַסטישע (אַ דריי טון).

די קלאסיפיקאציע איז דאָ פאראיינפאכט. אין דער אמתן ליגן נישט די אונטערטיילונגען אין איין פלעך: ס'קענען זיין ווערבן מיט ווערבאַלן צוגאָב און מיט זיך, פעריפראסטישע מיט זיך אאז"וו.

2) איינפאַכע טיילן זיך: אייגנטלעכע ווערבן און ווערבאַליזירונגען (נישט-ווערבן, וואָס באַקומען פערזאָנפאָרמעס).

3) אייגנטלעכע טיילן זיך: וואָרצלדיקע, מיט אַפיקסן (סופיקסן און פרעפיקסן).

281. אינווייניקסטע בייגונג אַלס אן איינציקער סימן פון ווערב איז, דאַכט זיך, שוין אַ טויטער פאָרמאלער סימן. ביישפּילן:

ווערב פון ווערב: ליגן-לייגן, זיצן-זעצן, שטיין-שטעלן.

ווערב פון נישט-ווערב: גרונט-גרינדן, נאָס-נעצן, פול-אָנפילן, קרום-קרימען.

282. סופיקסן, וואָס דינען אויף צו בילדן אַ ווערב פון נישט ווערב:

—יק: ענדיקן, קרעפטיקן, רייניקן.

—יר: דאַטירן, מאַרשירן, נערווירן, פאַבריקירן (פאַבריצירן), קאָמפּלעקטירן, רעגיסטרירן.

אָפּטמאָל —יזיר,—אַליזיר: קאָלאָניזירן, נאַציאָנאַליזירן.

פארעם-הארציזירן: צופאסן די עמי-הארצים (פון רייד).

—ל: רייטלען זיך.

—עווע (איינער פון די לעבעדיקסטע): איינדריקעווען („עמעס”), אַרומגעברעגעוועט (נאַד.), באַלעבאַטעווען, בונטעווען, דאַטשעווען, זכרונעווען („עמעס”), טינקעווען. דער סופיקס האָט אַמאָל דעם ניואַנס פון ביטול.

פאַראַלעלע פאָרמעס: פאַקן-פאַקעווען, רעטן-ראַטעווען, שווינען-שאַנעווען.

—ער: באַגייסטערן, בלעטערן, גלידערן.

—ק (באַטייט קלאַנג-נאָכמאַכונג): אויקען (שרייען אוי), באָמקען, בעקען, האַווקען, מעקען, נוקען, שאַקען.

װערב פון װערב בילדעט זיך דורך די עמאָציאָנאַלע סופיקסן —ינק—, —על—: שלאָפינקען, װײנעלען (רעדנדיק צו קינדער).

283. אונטערן נאָמען פּרעפיקס פאַראײניקט מען געװײנלעך צװײ פאַרשידנערלײ דערשײנונגען: „שרײַבן—באַשרײַבן" און „שרײַבן—אָפּשרײַבן". „באַ" איז אַ פּרעפיקס, „אָפּ"—קען נישט (יעדנפאַלס נישט שטענדיק) באַטראַכט װערן אַלס פּרעפיקס: „איך שרײַב אָפּ"—דאָ האָט זיך, זאָגט מען, דער פּרעפיקס אָפּגעטײלט און געשטעלט נאָכן װערב. ס'איז אָן אַבסורד—אַ װאָרט („אָפּ" איז אַ באַזונדער װאָרט, והראיה: „איך שרײַב אים אָפּ"), װאָס שטײט נאָכן װערב, איז יעדנפאַלס נישט קײן פּרעפיקס בײַ דעם װערב. מע װאָלט געקענט זאָגן, אַז אין אָפּשרײַבן, אָפּגעשריבן איז פאַראַן אַ פּרעפיקס, און אין שרײַב אָפּ—שרײַב אים אָפּ איז דער פּרעפיקס פאַרביטן אויף אַ באַזונדער װאָרט, װעלכער קומט נאָכן װערב. אָבער צוליב געװיסע טעמים (אַקצענט, לערע װעגן װערטער־סדר, אַזעלכע אויסבילדונגען װי „אָפּצושרײַבן", װוּ „צו" איז אַ באַזונדער װאָרט) איז באַקװעמער אָנצונעמען אָפּ—(אדג"ל) בכלל נישט פאַר קײן פּרעפיקס, נאָר פאַר אַ באַזונדערע קאַטעגאָריע, װאָס איך רוף װ ע ר ב אַ ל ע ר צ ו ג אָ ב. „אָפּשרײַבן" דאַרף באַטראַכט װערן אַלס אַ באַזונדער מין צונױפזאַץ. „פּרעפיקס" רוף איך נאָר די נישט־אַקצענטירטע: אַנט־, באַ־...

284. פּרעפיקסן דינען אויף צו בילדן װערבן סײַ פון װערבן, סײַ פון נישט־װערבן. אָט זענען װערבאַלע פּרעפיקסן:

אַנט—: אַנטלױפן, אַנטשולדיקן. װערט אַמאָל באַנוצט אין נעאָלאָגיזמען מיטן באַטײַט פון קעגנזאַץ: אַנטװוערטן („עמעס").

באַ—: באַאױפטראָגן, באַגליקן, באַגנבענען, באַװײַזן, באַזינגען, באַפרײַנדן זיך, באַשטעקשילכט (נאַד.), באַשרײַבן. באַטײַט אָפטמאָל „װעגן": באַזינגען עמעצן—זינגען װעגן עמעצן.

דע(ז)—: דעזינפעקצירן, דעמאַסקירן. דענאַציאָנאַליזירן, דעקלאַסירט; באַטײַט קעגנזאַץ; קומט בלױז אין אינטערנאַציאָנאַלע װערטער.

(ד)ער—: (ד)ערװאַרטן, דערצײלן, דערציען, (ד)ערשײנען, דערשרעקן.

אין די אַלטגעזעסענע ייִדישע װערטער איז דער—, אין אײניקע נײַערע —ער; פאַראַן אַ טענדענץ צו פאַרבײַטן ער— אויף דער—(דערשײנען, דערלױבעניש. דערפאָלג). די טענדענץ איז אַ ריכטיקע, אַ ספק קען זײַן װעגן דער נײטיקײט צו פּ אָ ר ס י ר ן אָט די פאַרײדישונג. נישט באַגרינדט איז יערנפאַלס די שטרעבונג פון אײניקע צו

דיפערענצירן, אשטייגער, ערציען (воспитать) און דערציען (дотянуть), ערוואַרטן (ожидать) און זיך דערוואַרטן (дождаться). פון אַזאַ דיפע-רענצירונג ווייסט די נאַטירלעכע שפּראַך נישט (אפשר איז עס פון שטאַנדפּונקט פון שפּראַך-פולקומקייט צו באַדויערן): דערציילן איז אי рассказать, אי досчитать, אדג"ל.

פאַר—: פאַרגיין, פאַרגרעסערן, פאַרווייסן, פאַרטיפן, פאַרקויפן, פאַרשטאַרקן, פאַרשרייבן, פאַרשרייען.

צע—: צעברעכן, צעברענען זיך, צעגיין, צעזינגען זיך, צעגע-מען, צערייסן, צעשטעלן; באַטייט „פונאַנדער", באַוועגונג אין פאַרשי-דענע ריכטונגען, אַנטשפּרעכט מיטן רוסישן — рас.

פאַלשע פאָרמע —צעשיסן (פון רוסיש) אָנשט. דערשיסן.

טויטער פּרעפיקס גע—: געווינען, געלינגען. דאָך איז עס אַ פּרע-פיקס, נישט קיין טייל פון וואָרצל, אויף ווייל ס'האָט אַ געמיינזאַמע איינגנשאַפט מיט אַנדערע פּרעפיקסן — פאַרשפאָרן דעם פּאַרטיציפּ-פּרע-פיקס (359).

285. ס'ווערט אַמאָל אָנגעווענדט פאַר אַ מיטל פון ווערב-בילדונג—אָפּהאַרפּן דעם פּרעפיקס: אָנשט. באַשולדיקן—שולדיקן.

286. אָפט ווערט אַ נישט-ווערב אַריבערגעפירט אין קלאַס ווערבן אָן קיין שום פאָרמאַלן סימן. געניטער הייסט עס—דורך דעם, וואָס ער באַקומט די קאָניוגאַציע-סופיקסן: איך גרין, דו גרינסט, ער גרינט, מיר גרינען.

נישט ריכטיק וואָלט געווען צו זאָגן, אַז „גרינען" בילדעט זיך פון „גרין" דורכן סופיקס —ען: דער סופיקס —ען (ן) איז אַ אינפיניטיוו-סו-פיקס, ער קומט פאָר ביי יעדן אינפיניטיוו, אומאָפּהענגיק פון זיינע נישט-סינטאַקסישע סימנים; ער קומט פאָר נאָר ביים אינפיניטיוו (און ביי דער ערשטער—דריטער פערזאָן-מערצאָל), נישט ביי אַנדערע ווערב-פאָרמעס. אויב זאָגן, אַז „גרינען" בילדעט זיך דורכן סופיקס —ן, דאַרף מען זאָגן, אַז ריניקן בילדעט זיך דורכן סופיקס —יק+—ן, פאַרווייסן—דורכן פּרע-פיקס פאַר—און סופיקס —ן אאז"וו. אַן איבעריקע חומרה אין דער טער-מינאָלאָגיע. מיר רעדן נישט וועגן בילדונג פון אינפיניטיוו (אַלס איין ווערב-פאָרמע), נאָר וועגן בילדונג פון ווערב בכלל, ד.ה. וועגן בילדונג פון זיין טעמע.

ביישפּילן פון ווערבאַליזירונגען: דער פּונקט נומער 7 **עדותט** זיך מיטן יידישן פּרעזידענט נחום סאָקאָלאָוו („עמעס"); דאַרדאַנעלן

אַהער, דאַרדאַנעלן אַהין, — מע **דאַרדאַנעלט** אַזוי לאַנג... (ש״ע); הכל הבל און **געהבלט** מוז דאָך ווערן; מע קען נישט **ווייניקערן** די צאָל שעהן (פון רייד); **טישן** אַ טיש (=גרייטן צום טיש. פון רייד); **געלערערט** (פון רייד); וואָס בעקעט איר מיר, וואָס **עטעט** איר מיר? (אַבר.).

287. **ווערבאַלער צוגאַב**: רוף איך די ווערטער (אַ)דורכ(עט), אַהין, אַוועק(עט), אויס(עט), אומ(עט), אונטער, אופ(עט), אַנטקעגן, אי־בער, איינ(עט), אָנ(עט), אַנידער, אָ(פּ)(עט), אַראָ(פּ)(עט), אַרויס(עט), אַרומ(עט), אַרופ(עט), אַריבער, אַריין, ביי, מיט, נאָך, פונאַנדער, פאָר, צו, צוזאַמען, צונויף, צוריק (און אייניקע זעלטענערע), וואָס טרעטן אַרויס, ווי באַשטאַנדטייל פון אַ ווערב און קומען ביים אינפיניטיוו און פּאַרטיציפּ—אוממיטלבאַר פאַר זיי, און ביי אַנדערע פאָרמעס—נאָכן ווערב: אָנשרייבן, אָנגעשריבן, שרייבסט־אָן, שרייב־אָן! (726, 745).

אָפט באַטראַכט מען זיי אַלס „אַקצענטירטע פּרעפיקסן" אָדער „אָפּטיילבאַרע פּרעפיקסן"; אַזאַ אויפפאַסונג איז נישט באַקוועם (283).

ביישפּילן: (אַ)דורכגיין, אַהינטון, אַוועקפאָרן, אויסראַמען, אומ־וואַרפן, אונטערלייגן, אויפגיין, אַנטקעגנקומען, איבערשרייבן, איינווייקן, אָנקומען, אַנידערלייגן, אָ(פּ)גיין, אַראָ(פּ)גיין, אַרויסקוקן, אַרומכאַפּן, אַרופּקריכן, אַריבערלויפן, אַריינשטעלן, באַקומען, מיטנעמען, נאָכלויפן, פונאַנדערטיילן, פאָרקומען, צונעמען, צוזאַמענקלייבן, צונויפזאַמלען, צו־ריקהאַלטן.

דער חכם שבלט זיך אפילו פון דער תליה אראפ (בערנשטיין).

קינסטלעכע ווערבאַליזירונגען: יונגע יונגעלייט, וואָס ייִנגלען און. טער מיט פרייע פערזן (נאד.); דעם גאָר ערשטן שטיקל לעבעדיקע פּראָטאָפּלאַזמע, וואָס האָט זיך, מיר ווייסן נישט ווי, ארויסגעביאָלאָגירט אין דעם אבסאָלוט טויטן ים (זשיטלאָווסקי).

288. דער מאַנגל אין אָרט לאָזט מיר זיך נישט אָפּשטעלן אויף די באַטייטן פון די ווערבאַלע צוגאָבן. וויכטיק איז אָנצומערקן דעם קאָנקרעטן (אָרטעדיקן) כאַראַקטער, וואָס ס'גיט צו דער פּרעפיקס אַר—: איבערגיין—אַריבערגיין, אונטערוואַרפן—אַרונטערוואַרפן, אויפנע־מען—אַרויפנעמען, אָפּנעמען—אַראָפּנעמען, איינגיין—אַריינגיין, אויס־שטעלן—אַרויסשטעלן.

289. ווערבאַלער צוגאָב שיידט זיך אונטער פון פּרעפיקס מיטן אַקצענט. פאַראַן אָבער פאַלן, ווען אַ ווערבאַלער צוגאָב קומט שטענדיק

סיי אין אינפיניטיוו, סיי אין געגנוואַרט אוממיטלבאַר פאַרן פערזאָנוואָרט: אָנבאַלאַנגען—איך אָנבאַלאַנג, אָנ(ד)ערקענען—איך אָנ(ד)ערקען. דאָ איז דער ווערבאַלער צוגאָב אויפן גרענעץ פון פרעפיקס. מעגלעך, אַז די ווערטער וועלן זיך אויסגלייכן מיט דער מערהייט ווערבן און געבן: איך באַלאַנג אָן, איך (ד)ערקען אָן. דערווייל קומען, דאַכט זיך, אַזעלכע פאָרמעס נישט פאָר. אין אייניקע אַנדערע פאַלן פון דער זעלביקער קאַטעגאָריע, נעמלעך ביי די ווערבאַלע צוגאָבן „אונטער, איבער", איז שוין די פאַרײדישונג פון קינסטלעכע דייטשמערישע פאָרמעס אַוועק ווייטער.

290. מע זאָגט אַמאָל איבערזע'צן (אַקצענט אויפן וואָרצל), איך איבערזע'ץ, איך האָב איבערזע'צט, ד.ה. איבער דערשיינט דאָ אַלס פרעפיקס. יידישלעכער אָבער איז: אי'בערזעצן (אַקצענט אויפן ווערבאַלן צוגאָב), איך זעץ אי'בער, אי'בערגעזעצט. די יידישלעכע פאָרמע שטויסט שוין גאַנץ דערפאָלגרייך אַרויס די פרעמדע. אַהער געהערן: או'נטערדריקן, או'נטערזוכן, או'נטעררריכט (כ'ריכט אונטער, כ'האָב אונטערגעריכט), או'נטערשיידן, אי'בערזעצן, אי'בערצייגן (כ'צייג איבער, כ'האָב איבערגעצייגט), אי'בערראַשן.

איבערראַשן איז אַ „פאָלקס-עטימאָלאָגיע" (ד. ה. פאָלקסטימלעך אויסגעטייטשט אַלס „איבער"+העבר. „רעש").

אהער אויך „אונ'טערנעמונג" (אַקצענט אויפן ערשטן טראַף), „אי'בערגעבענער" (אַקצענט אויפן ערשטן טראַף), „אי'בערגעטריבן" (אַקצענט אויפן ערשטן טראַף), און אפשר אויך „ווי'דערשפּרעכן", כאָטש קיין ווערבאַלער צוגאָב „ווידער" קומט נישט פאָר.

291. ווען מיר פאַרגלייכן:

ער וויל זיך איינרעדן,

עס רעדט זיך אַזוי, —

באַמערקן מיר גרינג, אַז אין ערשטן פאַל איז „זיך" אַ באַטייטיקער וואָרט, אַלזאָ אַ באַזונדער סינטאַגמע (וואָס ציט זיך צום ווערב „איינרעדן") און אין צווייטן פאַל איז „זיך"—אַ באַהילפיקער וואָרט, וואָס גיט צוזאַמען מיטן ווערב „רעדט" איין באַטייט. דאָ, זאָגן מיר, איז דער ווערב נישט „רעדט", נאָר „רעדט זיך", מיטן צוגאָב „זיך". נישט שטענדיק איז אַזוי גרינג צו באַשליסן, צי האָבן מיר צו טון מיט אַ באַטייטיקן וואָרט (פראָנאָם) „זיך" אָדער מיט אַ צוגאָב צום ווערב; ס'קענען בלייבן ספק-פאַלן; ס'איז נישט קיין אומגליק.

ס'איז גרינג צו דערווייזן, אַז „זיך" איז אַ באַזונדער וואָרט. צווישן דעם עצם ווערב און „זיך" קען מען שטעלן אַנדערע ווערטער.

פאַראַן ווערבן, וואָס קומען נישט פאָר אָן **דעם צוגאָב** „זיך“, צ.ב. זיך כעסן.

‏292. „זיך“ גיט אָפּטמאָל צוזאַמען מיט אַ פּרעפיקס אָדער מיט אַ ווערבאַלן צוגאָב אַ ספּעציפישן באַטייט, צ.ב. זיך צע—(זיך צערעדן), זיך אָנ— (זיך אָנרעדן).

‏293. „זיך“ טרעט אַרויס אַלס ווערבאַליזיר-מיטל: זיך בחורן, זיך חנדלען, זיך מוידן.

‏294. ווערבן מיט „זיך“ קאָן מען רופן פּראָנאָמינאַלע (ווייל „זיך“ שטאַמט פונם פּראָנאָם „זיך“) אָדער ווידערקעריקע, רעפלעקסיווע (ווייל אָפט—נישט שטענדיק—באַטייטן זיי אַ טוונג, וואָס קערט זיך אום פונעם טוער צוריק אויפן טוער). מען קען זיך באַגיין אויך אָן אַ ספּעציעלן טערמין.

# 9. פּעריפראַסטישע ווערבן

‏295. אַזוי רוף איך אַזעלכע ווערטער-גרופּירונגען (זוכה זיין, חתונה מאַכן, אַ וואָרף טון אדג״ל), וואָס באַשטייען פון אַ באַהילפיקן ווערב און אַ באַטייטיקן נישט-ווערב, געבנדיק צוזאַמען איין באַטייט.

מע קען זיי איינטיילן אויף 6 קלאַסן:

‏296. I קלאַס: **אינוואַריאַנט**+„זיין“.

דער אינוואַריאַנט איז דאָס רוב אַ העברעיזם. ביישפ.: גובר, גורם, זוכה, חושד, יוצא, מטריח, מסכים, מתרה, מודה, מוחל, מאריך, מחייב, מנצח, מקנה, נוטה, סותר, עובר זיין.

ביי שלום-עליכמען קאָמיש: למנצח זיין.

נישט סעמיטיזמען: אויסן זיין, געפעלן זיין, וויסן זיין (בלויז אימפּעראַטיוו און „זאָל“+אינפיניטיוו), טוטוויי זיין (דיאַלעקטיש אָנשט. ווייטון), „פאַראַן זיין“ (בלויז געגנוואַרט, אין די איבעריקע פאָרמעס—אָן „פאַראַן“).

„געפעלן זיין“ האָט אַלע פאָרמעס, „געפעלן“ האָט דאַכט זיך נישט קיין פאַרגאַנגענהייט, אַלזאָ, געגנוואַרט: איך געפעל=בין געפעלן, פאַרגאַנגענהייט: בין געפעלן געװען, צוקונפט: וועל געפעלן=וועל געפעלן זיין, אאז״וו.

קיין אויסדריק „פאַראַן זיין“ איז נישטאָ, אָבער ווייל ס׳איז אָנגענומען, אַז יעדן ווערב פאַרטרעט זיין אינפיניטיוו, איז ווען מיר ווילן

רעדן וועגן ווערב „איך בין פאראן", שאפן מיר א פיקטיוון אינפיניטיוו „פאראן זיין".

297. פאראן ווערבן פון ערשטן קלאס מיטן צוגאב „זיך": זיך טועה זיין, זיך מטריח זיין, זיך מתעסק זיין, זיך מתהייב זיין, זיך נוהג זיין א"א. ביים אינוואריאנט קאן קומען נאך א ווארט אדער אפילו א ווערטערגרופע: עולה יפה זיין, עוקר מן השורש זיין, הוטא בעגל זיין, זיך מוסר נפש זיין, מאריך ימים (ושנים) זיין, מקבל פנים זיין, פורש בשמו זיין אאז"וו.

298. דער שאבלאן פון דעם ערשטן קלאס פעריפראסטישע ווערבן ווערט אמאל באנוצט צו פארבינדן גאנצע לאנגע העברעישע ווערטער-גרופעס צו איין יידישן ווערב. צ. ב. זיי האבן מיר משלם רעה תחת טובה געווען (אהרן איציקס „זכרונות").

299. „עולה יפה", אפילו „משלם רעה תחת טובה", איז אין גבול פון יידישן שפראך-באוווסטזיין — איין ווארט. אבער ביי יענע, וואס באנוצן אזעלכע אויסדריקן, זענען דאס רוב פאראן אויך העברעישע אסאציאציעס, וואס צווינגען אנצונעמען „עולה יפה" פאר צוויי ווערטער, אדג"ל.

300. קיין באזונדערקייט אין באטייט שטעלט דער ערשטער קלאס נישט פאר: עובר זיין=זינדיקן, זיך מטריח זיין=זיך באמיען, מוצא-חן זיין=געפעלן ווערן אאז"וו. מע קאן נאר אנמערקן, אז די ווערבן מיט א מער-ווערטערדיקן באטייטיקן טייל אנטשפרעכן דאס רוב קעגן ווערבן מיט נאך אנדערע סינטאגמעס, באהעפט צו זיי: עוקר מן השורש זיין—אויסרייסן מיטן ווארצל, חוטא בעגל זיין—שטארק פארזינדיקן.

301. II קלאס אינוואריאנט+„ווערן".

דער אינוואריאנט איז אפט א העברעיזם: מוסכם ווערן, מגולגל ווערן, מקויים ווערן, נמאס ווערן, נפטר ווערן, ניצול ווערן, נעלם ווערן א"א.

נישט-סעמיטיזמען: איינגעזונקען ווערן, „אנטלאפן ווערן", אנטרונען ווערן, אנשטומט ווערן, אנשלאפן ווערן, געוואר (געוווירע) ווערן, גענעזן ווערן, געפעלן ווערן, דערפרוירן ווערן, פארשווונדן ווערן, צעגאנגען ווערן א"א.

די פארמעס זענען נישט קיין פאסיוון (311), וואָרים נישטא: ב'זינק-איין (עמעצן), ב'אנטלויף (עמעצן), כ'אנשוויג אאז"וו, נישטא כ'ווער

איינגעזונקען פון עמעצן, בין אנטלאָפן געוואָרן פון עמעצן (אין דעם זינען: „עמעצער האָט מיך אנטלאָפן") אאז"וו.

302. די ווערבן פון צווייטן קלאס באטייטן א שטייענדיקע טווּנג, אָפטמאָל א פּאסיווע (311): מוסכּם ווערן = איינשטימען, מקויים ווערן = פארווירקלעכט ווערן, אנטלאָפן ווערן = אנטלויפן.

303. III קלאַס. „אַ"+ווערבאַלער סובסטאַנטיוו+„טון".

דער סובסטאַנטיוו בילדעט זיך לויטן טיפּ פון § 117. ביישפ.: אַ גיי טון, אַ גענעץ טון, אַ געשריי טון, אַ דבר טון, אַ הוסט טון, אַ וואָרף טון, אַ זונג (זינג) טון, אַ זעץ טון, אַ טראַכט טון, אַ טרייסל טון, אַ טרונק טון, אַ כאַפּ טון, אַ לויף טון, אַ לייען טון, אַ מאַך טון, אַ נעם טון, אַן עס טון, אַ פּאַטש טון, אַ פלוידער טון אַ פאַל טון, אַ פאָר טון, אַ פייף טון, אַ פלי טון, אַ צעעפן טון, אַ קוק טון, אַ קוש טון, אַ קלאַפּ טון, אַ שאָס טון, אַ שיכּור טון, אַ שפּיל טון, אַ שפרונג טון, אַ שרייב טון.

מיט אינווייניקסטער דערגאנצונג: א טרונק וואסער טון אמאָל אָן א „שהכּול" (אבר.), כיטן צוגאָב „זיך": זיך א דריי טון, זיך א וואָרף טון.

304. אָנשטאָט „טון" קענען קומען אַנדערע הילפווערבן: געבן אַ קוש; דעם תּלמיד פלעגט עס געבן אַ נעם, אַ שרעק (אַבר.); אַזוי אַ קוקעלע מעג זי געבן אויף אים פון דער זייט (קאַצ.); דערלאַנגען אַ קלאַפּ; כאַפּן אַ קוק, מאַכן אַ שטאַרב.

305. פון ווערבן מיט ווערבאלן צוגאָב בילדן זיך פעריפראַסטישע ווערבן פון III קלאס אזוי: טון א זאָג-אויס, זיך א שטעל-אַהעק טון, געבן א לעב-אונטער.

306. די פעריפראַסטישקייט פון III קלאַס באַטייט איינמאָליקייט, קורצקייט, אָפּגעכאַפּטקייט (אַנטשפּרעכיק מיט די רוסישע однократные глаголы): פרגל' „אַ קוק טון" און „קוקן", „אַ טראַכט טון" און „טראַכטן", „דערלאַנגען אַ קלאַפּ" און „קלאַפּן". פרגל' אויך „עטלעכע מאָל אַ טראַכט געטון" (אָפּ.) און „עטלעכע מאָל געטראַכט".

307. IV קלאַס. „קומען צו"+אינפיניטיוו, „ברענגען צו"+ אינפיניטיוו.

דער אינפיניטיוו באַטייט אַן אופן פון באַוועגונג. ביישפּ.: קומען צו גיין, צו לויפן, צו פאָרן, צו פליען, צו קריכן, צו שווימען, צו שפּרינגען; ברענגען צו טראָגן, צו פירן, צו שלעפּן.

דער אינפיניטיוו מיט „צו“ שפּילט דאָ די ראָלע פון אַ גערונדיום („קומען גייענדיק, ברענגען פירנדיק“).

308. כ'טייל נישט אויס אין קיין באַזונדער קלאַס די אויסבייל־דונגען „האַלטן אין אַרבעטן, אין גיין, אין רעדן“, „האַלטן אין איין אַר־בעטן, אין איין שרייען“... גיכער, מיין איך, דאַרף מען זיי האַלטן פאַר ווערטער־גרופּירונגען.

309. V קלאַס. „טון“+אינפיניטיוו.

ווער עס טוט זיך ערלעך גענערן, יענעם טוט די גאַנצע וועלט ערן (דיק).

אלף—אַן אָדלער טוט אונטערן הימל פליען, בית—אַ באַרנבוים טוט אַלע זומער בליען, גימל—אַ גלח טוט זיך צו דער עבודה־זרה קניען.

אַן אַרכאַישער (פאַרעלטערטער) טיפּ. קיין באַזונדער באַטייט האָט ער אין דער היינטיקער שפּראַך נישט (טון בעטן=בעטן). ער האָט נאָר אַ ניואַנס פון אַרכאַישקייט, אַמאָל פאַרבונדן מיט שפּאַסיקייט, איראָניע.

310. VI קלאַס.

אַהער טראָג איך אָפּ פאַרשידענע טיפּן, וואָס געהערן נישט צו קיין איינעם פון די פריערדיקע קלאַסן. ביישפּ.:

באַקומען. ליב באַקומען, פיינט באַקומען.

געבן. אַכטונג געבן (געהערט נישט צום III קלאַס).

האָבן. אַ קיום האָבן, אין זינען האָבן, האָבן ביד, חתונה האָבן, חרטה האָבן, חשק האָבן, ליב האָבן, מורא האָבן, פיינט האָבן, רחמנות האָבן, שכל האָבן.

האַלטן. מלחמה האַלטן.

טון. וויי טון, אַ שידוך טון, תפילה טון, תשובה טון.

מאַכן. בטל מאַכן, הרוב מאַכן, חתונה מאַכן, מבטל מאַכן, קאַ־ליע מאַכן.

קריגן. ליב קריגן, פיינט קריגן.

שטעלן. בדלות שטעלן.

א״אַ. דער באַטייטיקער טייל איז אַ סובסטאַנטיוו (דאָס רוב אָן אַר־טיקל) אָדער אַן אינוואַריאַנט („ליב“—אַדווערב).

311. דער פּאַרטיציפּ קומט אָפט מיטן באַהילפיקן ווערב „זיין“ אָדער „ווערן“, געבנדיק צוזאַמען אַ ספּעציפישן באַטייט פון

פּאַסיווקייט, ד.ה. פון אונטערפּאַלן אונטער עמעצנס אַ טוונג: דער בריוו ווערט געשריבן (עמעצער שרייבט אים).

אמאָל באַנוצט מען, אין געגנזאַץ צו „פּאַסיוו", דעם טערמין אַק־טיוו: „שרייבן"—אַן אַקטיווער ווערב, געשריבן ווערן—אַ פּאַסיווער.

312. פּאַסיוו שטייט נאָענט צו פּעריפראַסטישע ווערבן. אויך וויפל אָבער ס'עקזיסטירן פּאַראַלעל:

דער בריוו ווערט געשריבן —

דער בריוו איז געשריבן —

דער בריוו איז אַ געשריבענער,—קען מען דאָ באַטראַכטן „איז, ווערט" אַלס בינדוונגען. ס'איז אייגנטלעך נאָר אַ פראַגע פון טערמין און פון קורס־פּלאַנירונג (642).

313. געוויסע ווערבן בילדן נישט קיין פּאַסיוו:

1) די שטייעדיקע און נישט־אייגנטלעך איבערגייעדיקע (458), צ.ב. גיין, קוקן, שלאָפן (נישטאָ: געגאַנגען זיין, געקוקט זיין, געשלאָפן זיין). אויסנאַמען: העלפן (געהאָלפן ווערן) א"אַ.

2) ווערבן מיט „זיך" (אפילו ווען זיי זענען אייגנטלעך איבער־גייעדיקע): זיך דערמאָנען אַ זאַך, נישטאָ: די זאַך ווערט זיך דער־מאָנט.

3) פּעריפראַסטישע: גובר זיין, אַ וואָרף טון אדג"ל.

ס'מערקן זיך פּרווון צו שאַפן אַ פּאַסיוו צו די פּעריפראַסטישע ווערבן I קלאַס: „עס מוז לסוף גובר ווערן דער קינסטלערישער אַסקע־טיזם (גורשטיין), ד.ה. מע מוז אים גובר זיין; „עס זאָלן וואָס גיכער מבטל ווערן די באַזונדערע רעכט פאַר די אויסלענדער" („עמעס"), ד.ה. מע זאָל זיי מבטל זיין.

4) איינציקע אַנדערע: „איך האָב אַ בוך". נישטאָ: אַ בוך איז גע־האַט פון מיר.

# 10. מאָדוסן און צייטן

314. אָט איז אַ צעטל פון צונויפגעזעצטע פאָרמעס פון איין ווערב (פון יעדער צונויפגעזעצטער פאָרמע — נאָר די ערשטע פּערזאָן איינצאָל):

האָב גענומען

וועל נעמען

פֿלעג נעמען
האָב געהאַט גענומען
וועלֿ האָבן גענומען
וואָלֿט נעמען
וואָלט גענומען
וואָלט געווען נעמען
וואָלֿט געווען גענומען
זאָלֿ נעמען
זאָלֿ געווען נעמען
זאָלֿ האָבן גענומען
האָב געזאָלֿט נעמען
לֿאָמיך נעמען

שפּעטער—נאָך אַנדערע פֿאָרמעס.

די פֿאָרמעס קען מען פֿאָרמאַלֿ (לֿויטן הילֿפֿווערב) קלֿאַסיפֿיצירן אַזוי:

1) פֿאָרמעס מיט וואָלֿט
2) פֿאָרמעס מיט זאָלֿ (אָדער געזאָלֿט)
3) פֿאָרמעס מיט „לֿאָם"
4) אַנדערע פֿאָרמעס.

אָט די גרופּעס רופֿט מען **מאָדוסן; 1) מאָדוס מיט וואָלט אָדער השׂערה־מאָדוּס, 2) מאָדוס מיט זאָלֿ אָדער געמישטער מאָדוס, 3) באַפֿעל־מאָדוס און 4) דירעקטער אָדער פֿאקטישער מאָדוס.** יעדער מאָדוס אַנטהאַלֿט, ווי מיר זעען, עטלֿעכֿע רייען פֿאָרמעס.

315. צום דירעקטן מאָדוס רעכֿנט מען צו אויך די נישט צונויפֿגעזעצטע פֿאָרמע (איך) נעם. צום באַפֿעלֿ־מאָדוס — די פֿאָרמע: נעם! אין דירעקטן מאָדוס שיידט מען נאָך אונטער **צייטן אָדער צייט־פֿאָרמעס:** גענגוואַרט, פֿאַרגאַנגענהייט, צוקונפֿט א"אַ. ביי אַנדערע מאָדוסן איז נישט באַקוועם צו רופֿן די פֿאַרשידענע פֿאָרמעס מיטן נאָמען „צייט־פֿאָרמעס".

316. „געגנוואַרט" הייסט די ווערבאַלֿפֿאָרמע מאַך, מאַכֿסט, מאַלֿט, מאַכֿן, וועלֿכֿע האָט נישט קיין שום מאָדוס־ און צייט־סימן (נולֿ־סימן), און באַטייט אַ פֿאַקטישע טוונג, וואָס איז איינצייטיק מיט דער מיטטיילונג.

געוויינלעך זאָגט מען, די געגנוואַרט באַטייט, אַז די טוונג קומט

פאַר „איצט". אָבער וואָס הייסט „איצט"? ווען מאָטל פּייסי דעם חזנס זאָגט: „איך גיי מיט אייך אין געוועט"—ווען גייט ער אין געוועט (ריכ-טיקער: איז גרייט גיין אין געוועט)? נישט „איצט", ווען איך שרייב עס, ציטירנדיק שלום-עליכמען, און נישט איצט, ווען דער לייענער פון דער גראַמאַטיק לייענט עס, נאָר דעמאָלט, ווען מאָטל האָט עס געזאָגט. „איצט" מיינט מען—בעת דער מיטטיילונג. איז בעסער, צוליב פּינקטלעכקייט, צו זאָגן: די געגנוואַרט באַטייט אַ טוונג, וואָס איז איינצייטיק מיט דער מיט-טיילונג וועגן איר.

די געגנוואַרט קען האָבן די באַטייטן פון פאַרגאַנגענהייט און פון צוקונפט.

317. „פאַרגאַנגענהייט פון דירעקטן מאָדוס" הייסט אַ צונויפגע-זעצטע ווערב-פאָרמע (האָב געמאַכט, האָסט געמאַכט, האָט געמאַכט, האָבן געמאַכט), וואָס האָט דעם הילפוווערב „האָב" (זעלטן „בין") און באַטייט אַ פאַקטישע טוונג, וועלכע קומט פאַר פריער ווי די מיטטיילונג.

דער באַטייטיקער טייל פון דער פאַרגאַנגענהייט הייסט פּאַרטי-ציפּ. דאָס קען דינען פאַר אַ דעפיניציע פון פּאַרטיציפּ. אויב אָבער מע זאָל אָננעמען, אַז פּאַרטיציפּ איז דעפינירט ווי נישט איז אַנדערש, אומאָפּהענגיק פון דער פאַרגאַנגענהייט-פאָרמע, קען מען די פאַרגאַנגענהייט דעפינירן אַזוי:

די פאַרגאַנגענהייט שטעלט זיך אויף פונעם הילפוווערב האָב און דעם פּאַרטיציפּ פון דעם אַנטשפּרעכיקן ווערב.

318. אייניקע ווערבן בילדן די פאַרגאַנגענהייט נישט מיט „האָב", נאָר מיט „בין": איך בין געבליבן, דו ביסט געבליבן, ער איז גע-בליבן, מיר—זיי זענען געבליבן, איר זענט געבליבן. אַהער געהערן: בלייבן, גיין, געלינגען, געראָטן, געשען (איינפּערזאָניק), הענגען, וואַקסן, ווערן, זיין, זינקען, זיצן, טרעטן, לויפן, ליגן, ערשיינען, פאַלן, פאָרן, פאַרשווינדן, פליסן(?), פליען, פרירן, קומען, קריכן, רייטן(?), רינען, שווימען, שטאַרבן, שטייגן, שטיין, שלאָפן, שפּרינגען.

די זעלביקע ווערבן מיט אַ פּרעפיקס גייען אַמאָל מיט „האָב": כ'האָב פאַרשלאָפן די לעקציע.

ס'זענען פאַראַן: האָב בייגעקומען און בין בייגעקומען, האָב גע-האָנגען (איבערגייעדיק) און בין געהאָנגען (שטייעדיק), האָט געלונגען און איז געלונגען, האָב ערשיינט און בין ערשיינען, פון מיר איז אים געקו-מען געלט און האָט געקומט (מיינער אַ פּראָווינציאַליזם: איך קום אים

געלט, איך האָב אים געקומט געלט), האָב געשטיינגט און בין געשטיגן.

319. פעריפראַסטישע ווערבן פון ערשטן קלאַס בילדן אָפטמאָל די פאַרגאַנגענהייט מיט „האָב": כ׳האָב זוכה געווען (הגם ס׳איז נישטאָ כ׳האָב געווען, נאָר כ׳בין געווען); דער זיווג האָט עולה יפה געווען (אַבר.); אויב איך האָב נהנה געווען אפילו אַ שטיקל רעטעך (ש"ע).

ס׳באמערקט זיך א וואקלונג. זי איז פארשטאנדיק ביי דער זעלטנ-קייט פון דאס רוב פעריפראסטישע ווערבן פון ערשטן קלאס.

320. אין דיאַלעקטן פלאָנטערט מען שטאַרק און פאַרשידן דעם באַנוץ פון „האָב, בין" א"אַ הילפוווערבן. די טענדענץ אַריבערצוגיין אין אַלע ווערבן צו האָב („האָב געבליבן" אדג"ל) *) איז בלתי ספק אַ פראָגרעסיווע. אָבער דער שפּראַך-חוש ביי יענע, וואָס דיפערענצירן „האָב" און „בין", פראָטעסטירט צו שטאַרק קעגן אַזאַ פלאָנטער, און ביי היינטיקן טאָג היט נאָך די שול אין דעם פרט די אָנגענומענע ליטעראַרישע גראַמאַטיק.

321. שאַפן ספעציעלע כללים וועגן דעם, וועלכע ווערבן בילדן די פאַרגאַנגענהייט מיט „בין" („ווערבן, וואָס באַטייטן באַוועגונג" אדג"ל), איז צוליב דריי צענדליק ווערבן נישט כדאי. איינפאַכער איז פשוט אויסלערנען זיי.

322. די געגנוואַרט האָט אַמאָל דעם באַטייט פון פאַרגאַנגענהייט (ד.ה. פריערדיקייט): קומט צו גיין איינמאָל דער טאַטע פון שול אַהיים און מאַכט צו מיר און צו מיין ברודער אלי׳ — איז געקומען צו גיין איינמאָל...

מע זאָגט געוויינלעך, אז אזא באנוץ פון געגנווארט קומט-פאָר, כדי צו שילדערן לעבעדיקער די „פארגאנגענע" געשעעניש, פונקט ווי זי וואלט „איצט" פאָרגעקומען; גענויער וואלט געווען, אדרבא, צו זאָגן, אז דער באנוץ קומט-פאר, ווייל דעם דערציילער שילדערן זיך די „פארגאנגענע" געשעענישן לעבעדיק, פונקט ווי זיי וואלטן „איצט" פארגע-קומען; ממילא ווערט שוין אויך ביים צוהערער דערגרייכט דער זעלבי-קער רעזולטאט.

323. די פאַרגאַנגענהייט האָט אַמאָל דעם באַטייט פון דער צוקונפט-פאָרמע.

324. „צוקונפט פון דירעקטן מאָדוס" הייסט אַ צונויפגעזעצטע

*) אפילו ביי שלום-עליכמען („פון יאריד") קומט פאָר: און מיט אים האָט דאָס שלום-נחום וועוויקס געוואָרן איינגיכן חבר.

ווערב-פאָרמע (איך וועל מאַכן, דו וועסט מאַכן, ער וועט מאַכן, מיר וועלן מאַכן), וואָס באַשטייט פונעם הילפסווערב „וועל" און דעם אינפיניטיוו, און באַטייט אַ פּאַקטישע טוונג, וואָס קומט פאָר שפּעטער ווי די מיטטיילונג.

325. דער באַטייט פון צוקונפט, מיט אונטערגעשטראָכענער זיכערקייט, קען האָבן די געגנוואַרט און די פאַרגאַנגענהייט: מאָטל, עס וועט דיר נישט העלפן, מאָטל! באָריס פאָרט מאָרגן אַוועק! (ש"ע)=באָריס וועט מאָרגן אויף געוויס אַוועקפאָרן; האָסטו פאַרלוירן גאַנץ פוילן און ליטע (פּר.)=וועסטו געוויס פאַרלירן.

326. די איינצייטיקייט, פריערדיקייט און שפּעטערדיקייט פון דער טוונג, וואָס ווערט אויסגעדריקט דורך געגנוואַרט, פאַרגאַנגענהייט, צוקונפט, קען זיך באַציען צו איינצלנע מאָמענטן אין צייט אָדער צו גאַנצע עפּאָכעס. אַזוי באַקומען זיך צווייערליי באַטייטן פון די דריי צייט-פאָרמעס—אייגנטלעכער און פאַרברייטערטער באַטייט. ביישפּ.:

| פאַרברייטערטער באַטייט | אייגנטלעכער באַטייט |
|---|---|
| אַמאָל איז מען געפאָרן אויף פערד, היינט פאָרט מען מיטן באַן. אין אַ חודש אַרום וועט שוין דאָס קינד גיין. | אַמאָל איז אַ סוחר געפאָרן נאָך סחורה, ט'ער אָנגעטראָפן אַ גזלן. מאָרגן וועט ער גיין אויף דער אַרבעט. |

327. באַזונדערס אָפט קומט פאָר די פאַרברייטערטע געגנוואַרט, וואָס באַטייט נישט איינצייטיקייט פון דער טוונג מיט דער אַרויסזאָגונג, נאָר שטענדיקייט פון דער טוונג *), צ.ב. די ערד דרייט זיך אַרום דער זון (פּרגל' דעם אייגנטלעכן געגנוואַרט: דער סוחר דרייט זיך ערגעץ אין מאַרק), די זון גייט אויף אין מזרח (ד.ה. שטענדיק, ווען זי איז אויפגעגאַנגען און וועט אויפגיין, איז אין מזרח; פּרגל': זע, ווי שיין די זון גייט אויף, ד.ה. „איצט").

זייער אָפט ווערט באַנוצט די פאַרברייטערטע געגנוואַרט אין סענטענצן און וויסנשאַפטלעכע טעזיסן: ניו-יאָרק געפינט זיך אין אַמעריקע (נישט דווקא „איצט"); וואַסער באַשטייט פון וואַסערשטאָף און

*) ווייבאַלד די טוונג קומט פאָר שטענדיק, איז שוין די אַרויסזאָגונג במילא איינצייטיק מיט איר.

זו־ערשטאָף; דער יידישער ווערב האָט פאָרמעס פון פערזאָן, צאָל, מאָדוס, צייט; גאָט זיצט אויבן און מיר מוטשען זיך אונטן.

328. רוסיש פארמאָגט אָפט באַזונדערע פאָרמעס פארן אייגנטלעכן און פאַרברייטערטן באַטייט (птица летает—птица летит); יידיש איז אין דעם פרט אָרעמער.

329. „פילמאָליקע פאַרגאַנגענהייט” הייסט די צונויפגעזעצטע ווערב־פאָרמע „פלעג” (פלעגסט, פלעגט, פלעגן)+אינפיניטיוו. זי באַטייט אַ טוונג, וואָס קומט פאָר אַ לאַנגע צייט פאַר דער מיטטיילונג און חזרט זיך איבער מערערע מאָל. „ער פלעגט קומען” הייסט: ער איז מיט אַ צייט צוריק מערערע מאָל געקומען. מע קען נישט זאָגן—נישט: „ער פלעגט פאַר 100 יאָר שטאַרבן” (ער איז נאָר איינמאָל געשטאָרבן), נישט: „ער פלעגט נעכטן קומען” („נעכטן” איז נישט לאַנג).

330. דיאַלעקטיש פאַרבייט מען „פלעג” אויף „וועל” אָדער „וואָלט”. דאָס דאַרף באַקעמפט ווערן, וואָרים ס׳פירט צו אַ פלאָנטער פון פאָרמעס (אי „וועל”, אי „וואָלט” האָבן אַנדערע פונקציעס אין דעם ווערב־סיסטעם).

331. דעם באַטייט פון דער פילמאָליקער פאַרגאַנגענהייט האָט אַמאָל די איינפאַכע פאַרגאַנגענהייט: „יעדן חנוכה זענען זיי זיך צונויפגעפאָרן צום עלטסטן” (אָפ.)=פלעגן זיי זיך צונויפפאָרן.

332. די פילמאָליקע פאַרגאַנגענהייט האָט אָפט דעם באַטייט פון פאַרברייטערטער פאַרגאַנגענהייט: „אַמאָל פלעגט מען פאָרן אויף פערד, היינט פאָרט מען מיטן באַן”.

333. ס׳קומט פאָר אין ליטעראַטור (נישט אין אַלע דיאַלעקטן באַקאַנט) אַ פאָרמע: „האָב געהאַט געמאַכט”, ד.ה. האָב געמאַכט פריער ווי אַן אַנדער טוונג, וועלכע איז פריער ווי די מיטטיילונג; אויך „וועל האָבן געמאַכט”, ד. ה. וועל מאַכן פריער ווי אַן אַנדער טוונג, וועלכע איז שפעטער ווי די מיטטיילונג. די דאָזיקע פאָרמעס („האָב געהאַט”+פאַרטיציפ, „וועל האָבן”+פאַרטיציפ) וועלן מיר רופן פערפעקטיווע (אָדער לאַנגאָניקע) פארגאַנגענהייט און פערפעקטיווע (אָדער צווייטע) צוקונפט. די ביז איצט דערלערנטע צייט־פאָרמעס הייסן, אין געגנזאַץ צו די פערפעקטיווע, איינפאכע. ביישפ.: ביז איך וועל קומען מיט אים צוריק, וועט איר שוין האָבן זיך אַביסל דורכגעשלאָפן (ש״ע); די הונגערנדע פאַרצווייפלטע אַרבעטסלאָזע וועלן זיך פאַר קיין שום זאַך נישט אָפשטעלן, ביז זיי וועלן האָבן אויסגעקעמפט זייערע גערעכטע פאָדערונגען („עמעס”).

יענע ווערבן, וואָס בילדן די פארגאַנגענהייט מיט „בין” (318).

בילדן די פערפעקטיווע פאַרגאַנגענהייט מיט „בין געהאַט" (אָדער „בין געווען"), אָבער אויך מיט „האָב געהאַט": בין געהאַט געשלאָפן, בין געווען געשלאָפן, האָב געהאַט געשלאָפן.

334. דיאַלעקטיש (צ.ב. אין מיין דיאַלעקט) ווערן די איינפאַכע צייטפאָרמעס באַנוצט מיטן באַטייט פון פערפעקטיווע (אַמאָל מיטן צוגאָב „שוין" אָדער מיט אַ צוגאָב „אָפּ" א"אַ). צ.ב. ביז איך וועל קומען מיט אים צוריק, וועט איר זיך שוין אַביסל דורכשלאָפן.

335. ס'קומט פאָר אויך (זעלטן) אַ „פערפעקטיווע געגנוואַרט", וועלכע מע קען רופן פ ע ר פ ע ק ט. ער איז אויסערלעך ענלעך צו דער איינפאַכער פאַרגאַנגענהייט, האָט אָבער אַן אַנדער באַטייט. ביישפּיל: ער האָט געטראַכט, אַז אויב זי זאָל זיך נאָר טויגן, קען זי ווערן די „מאַטקע" פון אַלע גנבים, און דעמאָלט האָט ער אָפּגעזאָרגט (אָפּ.)=און דעמאָלט איז ער אַזאַ, וואָס האָט אָפּגעזאָרגט. אַהער געהער אפשר אויך „האָסטו פאַרלוירן גאַנץ פוילן און ליטע" (325). אַן אויסגעשפּראָכענער פערפעקט קומט פאָר אין געמישטן מאָדוס און אין פאַסיוו (336).

336. צווישן די צוויי פאַסיוון-מיט „ווערן" און מיט „זיין" (311)— עקזיסטירט אַ שייכות ווי צווישן איינפאַכע און פערפעקטיווע צייטפאָרמעס:

| | אַקטיוו | פאַסיוו |
|---|---|---|
| פערפ. פאַרג. | ער האָט געהאַט געמאַכט אַ טיש | דער טיש איז געמאַכט געווען |
| פאַרגאַנגענ. | ער האָט געמאַכט אַ טיש | דער טיש איז געמאַכט געוואָרן |
| פערפעקט | ער האָט געמאַכט אַ טיש | דער טיש איז געמאַכט |
| געגנוואַרט | ער מאַכט אַ טיש | דער טיש ווערט געמאַכט |
| פערפ. צוק. | ער וועט האָבן געמאַכט אַ טיש | דער טיש וועט געמאַכט זיין |
| צוקונפט | ער וועט מאַכן אַ טיש | דער טיש וועט געמאַכט ווערן |

337. אין מיין דיאַלעקט איז פאַראַן אַ פאָרמע „האָב געווען, האָב געווען"+פאַרטיציפּ; זי באַטייט אַ פאַרגאַנגענע טוונג, וואָס איז נישט פאַרענדיקט געוואָרן, אָדער ס'איז נישט דערגרייכט געוואָרן דער געצילטער רעזולטאַט, אָדער דער דערגרייכטער רעזולטאַט איז צעשטערט געוואָרן. ביישפּ.: „איך האָב פאַרלוירן פון אויג די אָפּדאַבלאָזע עטלעכע קינדער, נאָך וועלכע איך האָב זיך געווען געלאָזט גיין" (לייוו.). די פאָרמע אַנטשפּרעכט דער רוסישער פאַרגאַנגענהייט מיט было. דאַכט זיך, אַז אין אַנדערע דיאַלעקטן ווערט זי פאַרביטן אויף (אָדער ווערט באַנוצט פּאַראַלעל מיט) פערפעקטיווער פאַרגאַנגענהייט.

338. דער גרונטבאַטײַט פון דירעקטן, אָדער פאַקטישן, מאָדוס איז—אַז די טווּנג קומט פאַקטיש פאָר (אין דעם אָדער יענעם מאָמענט, וואָס ווערט אָנגעוויזן דורך דער צייט-פאָרמע).

דאָס איז אייגנטלעך א „נול-באטייט", וואָס באקומט א זינען נאָר ביים פארגלייך מיט אנדערע מאָדוסן.

אַחוץ דעם האָט דער דירעקטער מאָדוס אייניקע בייבאַטייטן, ד.ה. באַטייטן פון אַנדערע מאָדוסן.

339. השערה־מאָדוס הייסן צונויפגעזעצטע ווערבפאָרמעס, וואָס אַנטהאַלטן דעם הילפווערב „וואָלט (וואָלסט, וואָלט, וואָלטן)". אַזעלכע פאָרמעס זענען עטלעכע:

וואָלט מאַכן
וואָלט געמאַכט
וואָלט געווען מאַכן
וואָלט געווען געמאַכט
וואָלט געהאַט געמאַכט.

340. דער גרונטבאַטייט פון השערה-מאָדוס איז אַ טווּנג, וואָס קומט נישט פאָר, ווייל ס'פעלט אַ נייטיקער באַדינג, צ.ב. „קאַן זאָל האָבן פליגלען, וואָלט זי אַלע פייגעלעך אין דער לופט אויסגעוואָרגן — פאַקטיש וואַרגט זי נישט אויס, ווייל זי האָט קיין פליגל נישט; „דער עולם וואָלט דעם שניידערוק צעריסן" (פר.)—פאַקטיש האָט ער אים נישט צעריסן (דער אויטאָר ווייזט אין דער פראַזע נישט אָן, פאַרוואָס); „יאָ, מע האָט אים געוויס דערשאָסן, אַנדערש וואָלט ער געקומען" (אָפּ.)—פאַקטיש איז ער נישט געקומען, ווייל ס'איז נישט געווען „אַנדערש", ד.ה. ווייל מע האָט אים „געוויס דערשאָסן".

341. אין באדינגזאץ באטייט דער השערה-מאָדוס אויך יענעם באַדינג, וואָס פעלט צו דער פאקטישקייט פון דער טווּנג. צ.ב. ווען אלע מענטשן וואָלטן ציען אויף איין זייט, וואָלט זיך די וועלט איבערגעקערט—פאקטיש ציען זיי נישט (פארוואָס, ווערט דאָ נישט אָנגעוויזן, אדרבא, דאָ ווערט אָנגעוויזן דער רעזולטאט דערפון—די וועלט קערט זיך נישט איבער). דעריבער רופט מען דעם השערה-מאָדוס אויך באַדינג-מאָדוס.

ווייטערדיקע באטייטן פון השערה-מאָדוס: העפלעכע ווענדונג, עצה, ווונטש.

342. פון די 5 פאָרמעס פון השערה-מאָדוס האָט „כ'וואָלט מאַכן",

דאַכֿט זיך, נאָר דעם באַטייט פון געגנוואַרט, צוקונפט, „כ׳וואָלט גע־מאַכֿט״—דעם באַטייט פון פאַרגאַנגענהייט, געגנוואַרט, צוקונפט, די איב־ריקע פאָרמעס—דעם באַטייט פון פערפעקטיווער פאַרגאַנגענהייט.

343. צום הילפווערב „וואָלט״ קען קומען א הילפוואָרט „ביי, נע־ביי, כייבי, נעבייבי״, ווערלכער גיט צו דעם ווערב דעם באַטייט פון באַ־דויערונג. אָנשט. „ביי וואָלט״ קומט אויך איין וואָרט „באָלט (ביילט, האָלט)״—ווערבע מע דאַרף אָננעמען פאַר א באַזונדער הילפווערב. די ווערבפאָרמעס מיט „באָלט (ביילט, האָלט)״ בילדן א באַזונדער מאָדוס, באַדויער-מאָדוס.

ביישפ.: באָלט איך האָבן געלט! (פון מיין דיאַלעקט); באָלט איר עס בעסער געטון אַנדערש! (פון מיין דיאַלעקט); נעבייבי וואָלט דאָס שוין געווען, אַן עק לאָז דאָס האָבן (ש״ע); נעבייבי וואָלט זיך, זאָגט ער, אים געשטעלט פּאָפּערעק דאָס ערשטע גלעזל בראָנפן (ש״ע); האָלט איך באַטש איין הגדה פאַרקויפן („וועקער״).

דאָ זענען שייך די זעלביקע 5 פאָרמעס, וואָס אין השערה-מאָדוס. באַדויער-מאָדוס באַטייט באַדויערונג, חרטה, אויך העפלעכע עצה.

344. די פאָרמעס:

| | |
|---|---|
| לאָמיך מאַכֿן | לאָמיר (נאָמיר) מאַכֿן |
| לאָז (ער) מאַכֿן | לאָזן (זיי) מאַכֿן |

קען מען פאַראייניקן אין איין סיסטעם מיטן אימפּעראַטיוו מאַך, מאַכֿט אַלס פערזאָנפאָרמעס פון **באַפעל-מאָדוס**.

345. איניקע ווערבן זענען דעפעקטיוו לגבי דער צווייטער פערזאָן באַפעל-מאָדוס, ד.ה. דעם אימפּעראַטיוו: דאַרפן, וועלן, מוזן, מעגן, קענען(?) (פאַראַן „לאָמיך דאַרפן, לאָז ער דאַרפן״, נישטאָ: „דאַרף! דאַרפט!״). אָנשטאָט אימפּעראַטיוו קומט ביי זיי דער געמיש-טער מאָדוס.

זעלטן ווערט באַנוצט „ווייס, ווייסט״, אָפטער—„זיי ווסן, זאָלסט וויסן זיין״.

346. אומרעגלמאָסיק: „זיי״ (צום פערזאָנוואָרט „בין״).

347. דער גרונט-באַטייט פון באַפעל-מאָדוס איז—געוווּנטשענע טוּונג. דער ווונטש קען האָבן פאַרשידענע מאָדיפיקאַציעס: תפילה, בקשה, פאָרשלאָג, פאָדערונג, איינרעדונג, התראה, עצה, ערלויבעניש, אויפמונטערונג, באַשלוס, בדעה-האָבן אאַז״וו.

ביישפ.: לאָמיר אַלע אינאיינעם מאַרשירן!; לאָמיך זיך אָקאָרשט

צו אים נעמען!; גיב אַהער דעם בוך!; זיצט, דערציילט עפּעס נייס; שלאָף אין פרידן; פון מיינעטוועגן לאָז ער פאָרן.

348. דער באַפעל־מאָדוס קען אויסדריקן אַ ווונטש וועגן אַ טוונג, וואָס איז נישט אין יענעמס רשות, צו וועמען דער ווונטש איז געווענדט (ברכה, קללה, שבועה): לאָמיך אַזוי וויסן בייז!; דערלעבט איבעראַיאָר!; גיי אין דער ערד!

349. צו וועמען ווערט געווענדט דער ווונטש פונעם באַפעל־מאָדוס? נאָרמאַל—צום סוביעקט פון זאַץ (ווע לכער קען זיין סיי דער אַדרעסאַט פון רייד, סיי דער רעדער אליין, סיי עמעצער אנדערש). ס'קען אָבער פּאַרקומען, אַז דער ווונטש זאָל געווענדט זיין צום אַדרעסאַט פון רייד, אפילו ווען דער סוביעקט איז נישט די צווייטע פּערזאָן: לאָמיך פון דיר נחת האָבן! (כ'ווענד דעם ווונטש נישט צו „מיר", נאָר צו „דיר"); לאָז ווערן שטיל! (קיין סוביעקט איז נישטאָ, אָבער דער ווונטש איז געווענדט צו אַ קאָנקרעטער פּערזאָן אָדער פּערזאָנען).

350. בייבאַטייט—פיקטיווער פאַרלאַנג: נו, אַדרבא, גייט קוקט אַזעלכעס אָן און האָט עס פיינט! (ש"ע). ביים באַפעל־מאָדוס קומען אַמאָל באַהילפיקע ווערטער „נאָר, אָקאָרשט" א"אַ: „קום נאָר אַהער". זיי ניואַנסירן דעם באַפעל־באַטייט.

351. די פאָרמעס מיט „זאָל" האָבן באַטייטן פון פאַרשידענע מאָדוסן, דעריבער רוף איך זיי „געמישטער מאָדוס".

352. „זאָל"+אינפיניטיוו.

גרונטבאַטייטן: 1) נאָענט צום באַטייט פון באַפעל־מאָדוס (צייט־באַטייט—געגנוואַרט און צוקונפט).

2) באַטייט פון געגנוואַרט אָדער צוקונפט דירעקטן מאָדוס, מיטן ניואַנס פון איבערגעבן עמעצנס מיינונג, אין וועלכער מע איז נישט זיכער: „פילסודסקי זאָל צוריק ווערן ביים רודער" („וועקער")=מע זאָגט, אַז פילסודסקי ווערט (אָדער „וועט ווערן"). צוריק ביים רודער.

בייבאַטייט — באַוווּנדערונג: אַ קינד זאָל האַלטן אין איין וויינען! (776).

אין אַ בייזאַץ האָט דער געמישטער מאָדוס נאָך אַנדערע באַטייטן (774).

353. „זאָל געווען"+אינפיניטיוו קומט פאָר נאָר אין אַ בייזאַץ.

354. „זאָל האָבן"+פּאַרטיציפּ. די פאָרמע האָט צוויי באַטייטן:

1) באַטייט פון פאַרגאַנגענהייט פון דירעקטן מאָדוס מיטן ניואַנס

פון איבערגעבן אַ פרעמדע מיינונג, אין וועלכער מע איז נישט זיכער: אַן עפּל, אַראָפּגעפאַלן פון אַ בוים, זאָל האָבן געעפנט ניוטאָנען די אויגן אויף דעם צוציונג-געזעץ (שטיפס איבערזעצונג פון גידעמאַנס „קולטור-געשיכטע")=מע זאָגט, כ'ווייס נישט צי ס'איז אמת, אַז אַן עפּל אַראָפּגעפאַלן פון אַ בוים האָט געעפנט...

2) באַטייט פון באַפעל-מאָדוס מיטן ניואַנס פון פערפעקטיוויקייט, „פאַרגאַנגענהייט": זאָלסט דיר האָבן פיל גוטס אויסגעבעטן (פר.)=הלוואי זאָל זיין דער פאַקט, אַז דו האָסט זיך פיל גוטס אויסגעבעטן.

דאָס איז אַ פערפעקט.

355. „האָב געזאָלט"+אינפיניטיוו. די פאָרמע האָט צוויי באַטייטן:

1) באַטייט פון דירעקטן מאָדוס מיטן ניואַנס פון „צוקונפט אין פאַרגאַנגענהייט": כ'האָב געזאָלט פאָרן קיין קיעוו=מיר איז פאָרגע-שטאַנען, כ'האָב זיך געקליבן פאָרן, ס'איז געווען אַ צייט, ווען אין צוקונפט איז געווען מיין פאָרן קיין קיעוו.

2) באַטייט פון באַפעל-מאָדוס אויף פאַרגאַנגענהייט: האָסט גע-זאָלט אָנשרייבן=דו האָסט געדאַרפט אָנשרייבן=איך האָב געוואָלט דו זאָלסט אָנשרייבן.

356. אַלגעמיינע דעפיניציע פון צייט און מאָדוס.

צייט איז אַזאַ פאָרמע, וואָס ווערט געבילדעט דורך אַ הילפוורב (אָדער דורך אַ נול-סימן—אָפּוועזנהייט פון אַ הילפוורב) און באַצייכנט די צייטלעכע באַציונג צווישן דעם מאָמענט פון דער טוונג און דעם מאָמענט פון דער אַרויסזאָגונג.

מאָדוס איז אַזאַ פאָרמע, וואָס ווערט געבילדעט דורך אַ הילפ-ווערב (אָדער דורך אַ נול-סימן—אָפּוועזנהייט פון אַ ספּעציעלן הילפוורב) און באַטייט די פאַקטישקייט אָדער נישט-פאַקטישקייט (מעגלעכקייט, גע-וואונטשנקייט) פון דער טוונג.

357. אייגנטלעך דאַרף מען האַלטן פאַר מאָדוסן (יעדנפאַלס, פאַר צונויפגעזעצטע ווערב-פאָרמעס) אויך אַזעלכע גרופּירונגען, ווי „ער האָט געמוזט עפּעס זינדיקן קעגן גאָט" (פר.)=ער האָט אוודאי געזינדיקט; „חיים-משה קען געווים וועלן צוגיין צו עטל קאַדיש אַהיים נאָכן שליסל" (בערג.)=וויל מסתם. כ'שליס זיי נישט איין אין דער סכעמע, כדי נישט צו קאָמפּליצירן.

## 11. פּאַרטיציפּ, אינפיניטיוו

358. דער פּאַרטיציפּ כאַראַקטעריזירט זיך מיט דריי סימנים, פון וועלכע איינער אָדער צוויי פעלן אָפטמאָל: פרעפיקס גע—, סופיקס —ט אָדער —ן, —ען, אינוויניקסטע בייגונג. ביישפּ.: געזאָגט, געזען, גענומען, טעלעגראַפירט, דערזען.

359. פרעפיקס גע—.

דער פרעפיקס קומט אַלע מאָל, אַחוץ די פאַלן:

1) ווען דער ווערב האָט אַ פרעפיקס: אַנ(ט)—, באַ—, גע—, דער—, ער—, פאַר—, צע—, צ.ב.: אַנטלאָפן (נישט געאַנטלאָפן), באַנומען, געוווּנען, דערציילט, ערשינען, פאַרכאַפּט, צעטראָגן.

צוויידייטיקייטן: גערענקט (צו דענקען און צו גערענקען), געהערט (הערן–געהערן), גענאָסן (ניסן–געניסן), געראָטן (ראָטן–געראָטן).

צעעסן–צעגעסן.

2) אָפטמאָל ביי ווערבן מיטן סופיקס —יר (באַזונדערס ביי לענגערע און ווייניקער פאַריידישטע): אַבסטראַהירט, אוטיליזירט, אוטרירט, אָפּערירט, באַזירט, דיקטירט, דעבאַטירט, האַרמאָנירט, מאַגנעטיזירט, נאָטירט, נאַציאָנאַליזירט, סטראַכירט, עקזיסטירט, עקספּלאָאַטירט, פאַסירט, קאָנקורירט, קאָנקרעטיזירט, רעדאַקטירט, רעמאָנטירט אאַז״וו.

כ'האָב געטראָפן: געגאַסטירט, גערעקלאַמירט, געהאַרמאָנירט, געטעלעגראַפירט, געטעלעפאָנירט, געפראָקלאַמירט, געפאַנטאַזירט, געפאָרמירט, געקאָווירט, געקורירט, געראַזירט, גערעקאָמענדירט, געשפּאַצירט אדג״ל.

3) אָפטמאָל ביי נישט פאַרייִדישטע אָדער הייניק פאַרייִדישטע סלאַווימען: איספּאָרטשעט, גוליאַיעט, ווּרוטשאַיעט, פּאַליובעט, ראַסוושדאַיעט; דאָך קומט פאָר–געהאָלובעט, געסמייעט, געקאַטאַיעט זיך.

360. ווען דער אינפיניטיוו האָט אַ ווערבאַלן צוגאָב, קומט דער פאַרטיציפּ מיטן פרעפיקס גע—, וועלכער שטעלט זיך נאָכן ווערבאַלן צוגאָב: אָנזאַמלען—אָנגעזאַמלט.

דעריבער איז: צענעמען—צענומען, אָבער צונעמען—צוגענומען. אין שול איז עס איינער פון די סימנים צום אונטערשיידן צע— און צו—.

361. אַ ווערב מיט אַ ווערבאַלן צוגאָב באַקומט אָפטמאָל אין פאַרטיציפּ דעם פרעפיקס גע—, אפילו ווען אָן דעם ווערבאַלן צוגאָב וואָלט

ער, לויט § 359, דעם פּרעפיקס גע— נישט באַקומען, צ.ב. דערציילט, נישט געדערציילט, אָבער אָנגעדערציילט, נישט אָנדערציילט; סטראַפירט, אָבער אָפּגעסטראַפירט.

גוליאַיעט, אָבער זיך אָנגעגוליאַיעט,

אויסנאַמען: אָנבאַלאַנגט, אָנ(ד)ערקענט, אויסדערהיילט א״אַ.

ס׳טרעפט זיך אָבער אויך: אָנדערציילט, אויסבאַהאַלטן.

362. סופיקסן —ט, —ן, —ען.

דער גרעסטער טייל ווערבן בילדן דעם פּאַרטיציפּ מיט ט. אהער געהערן:

1) אַלע ווערבן מיטן סופיקס ע;

2) אַלע ווערבן מיטן סופיקס יר (שפּאַצירט);

3) אַלע ווערבן מיט טראַפּיקע ל, נ (געהאַנדלט, גערעכנט) א״אַ.

4) נייבילדונגען (ווערבאַליזירונגען).

מיטן —ן, —ען בילדן דעם פּאַרטיציפּ נאָר ווערבן-גערמאַניזמען; דער איינציקער נישט גערמאַנישער ווערב איז שעכטן-געשאָכטן.

ווערבן, וואָס בילדן די פאַרגאַנגענהייט מיט „בין", בילדן דעם פּאַרטיציפּ מיט —ן, —ען. וועגן דער פּאַרטיילונג פון ן און ען— § 906.

שפּאַס: ווי אַזוי איז דער אינפיניטיוו פון „צעזייט און צעשפּרייט"—„צעזייען און צעשפּרייען" אָדער „צעזייטן און צעשפּרייטן"?

363. פאַראַן ווערבן, וואָס האָבן צוויי פּאַרטיציפּן: מיט —ט און מיט —ן, —ען (אייניקע פון זיי מיטן אונטערשיד אין באַטייט):

באַקן, באָרגן, בילן, בלאָזן, בעטן, גלייכן, וועגן, זאַלצן, לאָזן, לייכטן, לעזן, מאָלן, מעלדן, מעלקן, פייפן, קוועלן, קנעטן, קריגן, שאַפן, שטייגן, שטרייכן, שיטן, שיינען (געשיינט—ערשינען), שענקען, שפּייען א״אַ.

בינדן-געבונדן, אָבער „פאַרבינדעטער"; דינגען-גערונגען, אָבער „(אום)באַדינגט".

364. אינוויינִיקסטע בייגונג.

די אינוויינִיקסטע בייגונג קומט פאָר ביי דעם גרעסטן טייל פּאַרטיציפּן מיט —ן, —ען און כמעט ביי קיין איינעם נישט מיט —ט. זי איז כמעט שטענדיק שייך צום וואָקאַל, נישט צום קאָנסאָנאַנט. די פּאַרטיציפּן מיט —ן, —ען לאָזן זיך איינטיילן אויף עטלעכע קלאַסן, לויטן טיפּ פון דער וואָקאַלישער אינוויינִיקסטער בייגונג.

די טיילונג פאַלט נישט צוזאַמען מיט דער טיילונג פון די „שטאַר-קע״ ווערבן אין דייטשישער גראַמאַטיק.

365. ערשטער קלאַס. אָן אינווייניקסטע בייגונג. a) באַקן (אויך געבאַקט), האַלטן, וואַקסן (אויך געוואָקסן), וואַשן, זאַלצן (אויך געזאַלצט), לאַדן (אויך געלאַדט), פאַלן, פאַנגען, דאַנקען (אויך געדאַנקט), ראַטן (אויך געראַט), שאַפן (אויך געשאַפט), שפּאַלטן (אויך געשפּאָלטן).

b) באָדן, באָטן, בלאָזן (אויך געבלאָזט), בראָטן, געבאָרן, געראָטן, גראָבן, טאָן, טראָגן, לאָדן, לאָזן (אויך געלאָזט), מאָלן (אויך געמאָלט), פאַרבאָרגן, פאָרן, צוואָגן, ראָטן, שאָבן, שלאָגן, שלאָפן.

c) בויגן (אויך געבויגט), געבוירן, זויגן (אויך געזויגט), זויפן (אויך געזויפט), יוירן (אויך געיוירט), קלויבן, שטויסן.

d) בעטן, געבן, געפעלן, געשען, זעגן. (ליטעראַריש געזעגט), טרעטן (אויך געטראָטן), לעזן (אויך געלעזט), נעמען (ליטעראַריש גע-נומען), עסן, פאַרגעסן, פרעסן, קנעטן (אויך געקנאָטן).

e) הייסן, שווענקען (אויך געשווענקט).

f) ליגן (אויך געלעגן), קריגן (אויך געקראָגן), היטן (ליטער. געהיט), טונקען (אויך געטונקט), קומען, רופן, שרומפּן.

366. צווייטער קלאַס. פאַרטיציפּ מיט —אָ:

a) בערשטן, ברעכן, געלטן, דערווערבן (אויך דערווערבט), העלפן, ווערן זיך, ווערבן (?), ווערגן, ווערן, טרעטן (אויך געטרעטן), טרעפן, יעטן (אויך געיעט), לעשן (אויך געלעשט), מעלדן (אויך געמעלדעט), מעלקן (אויך געמעלקט), מעסטן, פלעכטן, קוועלן (אויך געקוועלט), קנעטן (אויך געקנעט), שוועלן, שווערן (אויך געשווירן), שטעכן, שמעלצן, שעכטן, שעלטן, שערן (אויך געשוירן), שפּרעכן, שרעקן.

b) גילטן, גיסן, געניסן, זידן, ניסן, פאַרדריסן, פאַרלירן (אויך פאַרלוירן), פליסן, פרירן (אויך געפרוירן), קריכן, שיטן (אויך געשיט), שילטן, שליסן.

c) דאַרפן (ליטער. געדאַרפט), וואַקסן (אויך געוואָקסן), וואַרגן, וואַרפן, פאַרדאַרבן, שטאַרבן, שפּאַלטן.

d) לויפן.

e) שענקען (אויך געשענקט).

f) (אונטער)שטרייכן (אויך אונטערגעשטרייכט).

g) טון—געטאָן.

367. דריטער קלאַס. פּאַרטיציפּ מיט ו.

a) בילן (אויך געבילט), בינדן, געווינען, געלינגען, געפינען, דינגען, דערפינדן, דרינגען, הינקען, ווינקען, ווינטשן, זינגען, זינקען (אויך געזינקט), טרינקען, לינקען, פאַרגינען, פאַרשווינדן, צווינגען, צינדן, קלינגען, רינען, שווימען, שטינקען, שינדן, שלינגען, שפּינען (אויך געשפּינט), שפּרינגען.

b) נעמען.

368. פערטער קלאַס. פּאַרטיציפּ מיט —י.

a) בייטן, בייסן, בלייבן, גלייכן (אויך געגלייכט), גרייפן, ווייזן, טרייבן, ליידן, לייען, מיידן (אויך געמיידט), ערשיינען, פייפן (אויך געפייפט), קלייבן, קנייפן (אויך געקנייפט), רייבן, רייטן, רייסן, שווייגן, שטייגן (אויך געשטייגט), שטרייטן, שטרייכן (אויך געשטרייכט), שמייסן, שניידן, שפּייען (אויך געשפּייט), שרייבן, שרייען.

b) שלייפן.

369. פינפטער קלאַס. פּאַרטיציפּ מיט —וי.

a) באַוועגן (אויך באַוועגט), באַפעלן, וועגן, שווערן (אויך געשוואָרן), שערן (אויך געשאָרן).

b) פאַרלירן (אויך פאַרלאָרן), פליען, פרירן (אויך געפראָרן), ציען.

c) בייגן, הייבן *), זייגן.

d) לייכטן (אויך געלייכט).

370. זעקסטער קלאַס — פאַרשידענע.

גיב-געגעבן, גיין-געגאַ(נגע)ן, הענגען-געהאָנגען, זיין-געווע(ז)ן, (אַדיעקטיוו: געוועזענער), זיצן-געזעסן, ליגן-געלעגן, שטיין-געשטאַנען.

371. קאָנסאָנאַנטישע בייגונג אין די פּאַרטיציפּן מיט —ן, —ען:

1) ליידן-געליטן, מיידן-געמיטן, שניידן-געשניטן, זידן-געזאָטן (אויך געזאָדן).

2) זיצן-געזעסן.

3) לייען-געליגן (אויך געליען), שפּייען-געשפּיגן, שרייען-געשריגן (אויך געשריען), פליען-געפלויגן.

4) גיין-געגאַנגען (אויך געגאַן).

5) עסן-געגעסן.

6) בין-זיין-געוועזן האָבן דריי פאַרשידענע וואָרצלען.

---

*) מע שרייבט אויך הויבן, געהויבן, לויטן ערשטן קלאַס.

372. אינווייניקסטע בייגונג ביי פאַרטיציפּ מיט —ט:
ברענגען-געבראַכט (פויל. דיאַל.: געברענגט), האָבן-געהאַט, וויסן-געוווּסט, וועלן-געוואָלט (אויך געוועלט).

373. מיר האָבן געזען, אַז פון די דריי סימנים פון פּאַרטיציפּ קענען צוויי (פּרעפיקס גע— און אינווייניקסטע בייגונג) פעלן; דער דריטער סימן אָבער (סופיקס) איז נישט שטענדיק גענוג אויף אונטערצושיידן דעם פּאַרטיציפּ פון אַנדערע פאָרמעס. דעריבער קומען אַרויס אַזעלכע צווייטייטיקייטן ווי: באַטראַכט — обдумывает און обдумано, באַקומען—получить получено, получает.

מירן באַקומען=מיר האָבן באַקומען און מיר וועלן באַקומען.

374. פאַרטיציפּ דינט, ווי מיר ווייסן שוין, אויף צו בילדן געוויסע מאָדוס- און צייט-פאָרמעס. אַחוץ דעם, קען ער האָבן דעם באַטייט פון באַפעל-מאָדוס: „שוין אַוועקגעזעצט זיך! נישט געוויינט!“ און פון פאַרגאַנגענהייט דירעקטן מאָדוס: „געקומען אַ גאַסט“.

375. ווייטער קען ער אָפטמאָל באַקומען אַדיעקטיווישע פאָרמעס—דעמאָלט איז ער (אָן אָט די פאָרמעס) אַן אַדוועריב. ביישפּ.: דערשראָקן האָט ער געעפנט די טיר—דאָ איז „דערשראָקן“ אַן אַדוועריב, ווייל עס אַסאָציִירט זיך מיט דערשראָקענער, דערשראָקענעם, אאַז"וו. „געקאָסט“ איז קיינמאָל נישט קיין אַדוועריב, ווייל נישטאָ „געקאָסטער“ אדג"ל.

376. אַ פּאַרטיציפּ צו אַן איבערגייענדיקן ווערב (458) האָט אַ פּאַסיוון באַטייט: באַקומענער—וועלכן מע האָט באַקומען; אַ פּאַרטיציפּ צו אַ שטייעדיקן ווערב האָט אַן אַקטיוון באַטייט; געקומענער—וועלכער איז געקומען, אַנטלאָפענער, געוועזענער, געשטאָרבענער, פאַרגאַנגענער (דאָס האָט אַ שייכות צו דער בילדונג פון פאַרגאַנגענהייט מיט „האָב“ און מיט „בין“) (318).

אין ביידע פאַלן באַטייטן זיי פאַרגאַנגענהייט.

377. אָפּנייגן:

1) אַקטיווער פּאַרטיציפּ צו איבערגייעדיקן ווערב: אויסגעדינט (אַזאַ, וועלכער האָט אויסגעדינט), אָפּגעגעסן, געליטן, געענדיקט, געשטודירט.

2) ווידערקעריקער באַטייט: אָנגעברוגזט (און אָנגעברוגזטער—אַזאַ, וועלכער האָט זיך אָנגעברוגזט), פאַרזעסן, „אַן אָנגעדאַווּנטער, אַן אָנגעזאָגטער“ (קאַסעל).

3) פאַזיווער באַטייט אָדער באַטייט פון אַ צושטאַנד, מיט געגנ־וואַרטיקייט: געזוכטע קרובים—וועלכע ווערן געזוכט, אַן אויסגערעכנ־טער, אַ געלערנטער, אַ פאַרליבטער (הייסט נישט אַזאַ, וואָס האָט זיך געלערנט אָדער פאַרליבט, נאָר ס׳כאַראַקטעריזירט זיין „איצטיקן״ צו־שטאַנד).

378. די ווערבן מיט –ינק– בילדן, דאכט זיך, נישט קיין פאר־טיציפ, ממילא האָבן זיי נישט יענע צונויפגעזעצטע פאָרמעס, ווו ס׳קומט פאָר דער פארטיציפ.

379. פאַראַן פאַרטיציפן, וואָס האָבן נישט צו זיך קיין ווערבן: באַוווסט, באַטעמט, באַיערטע סאָסנעס (אָפ.), פאַרטאַרעראַמט, פאַריתומט, פאַרחלומט, פאַרחושט, פאַרשטאָרבן. זייער פאַרטיציפישע נאַטור ווייזט זיך אַרויס אין דער פאָרמע, טיילווייז אין באַטייט; אָפט האָבן זיי צו זיך קרובהשע ווערבן (אויב נישטאָ „פאַרחלומען״, איז דאָ „חלומען״). דאָס איז אַ פראָדוקטיווער בילדונגס־טיפ פון אַדיעקטיוון.

380. אינפיניטיוו באַשטייט פון ווערבאַלער טעמע+סופיקס —ן, —ען (907). נאָך נישט אַקצענטירטן —ע קומט —ן (קאָנסאָנאַנטישער): האָרעווען. אַזעלכע ווערבן קען מען רופן „ווערבן מיט ע״. ביישפ.: איך בויטע, בורטשע, בלאָנדזשע, בעבע, גריזע, דורע, הוליע, וואָרטשע, טוליע זיך, טענע, כראָפּע, סודע, פּאָטויפע זיך, קאָווע, קוואַפּע זיך א״אַ *); (מיט —עוו) (282) איך באַלעווע, האָדעווע, האָרעווע, טינ־קעווע, לצעווע, ראַטעווע, שאַנעווע א״אַ; (מיט —ק) איך אויקע, באָמקע א״אַ. דאָס זענען אַלץ סעמיטישע, סלאַווישע א״אַ, אָבער נישט קיין גערמאַנישע ווערבן (אַחוץ העצע—העצען).

381. אייניקע ווערבן מיט —ע קענען באַקומען אין אינפיניטיוו אַ „פאַרטאָפּלטן סופיקס״: דאַגען—דאַגענען; אַהער: גנבע, דאַגע, חכמע זיך, חנפע, חתמע, ירשע, עצע, קנסע, קאָרמע, שרפע, קוילע (קוילע־נען־קוילען) א״אַ; גזל־גזלענען.

די פאָרמעס דאגען און דאגענען דארף מען האלטן פאר אלצאיינס געזעצלעכע.

---

*) אויך אַ גאַנצע ריי אין ליטעראַטור נישט אָנגענומענע, אָבער אין רייד באַנוצ־לעכע: אָבראַשטשאַיע, אוספּייע, איזוויניאַיע זיך, איספּאָרטיע (איספּאָרטשע), גוליאַיע, גוזשדאַיע זיך, סטרויע, פּאָספּייע, פּסטרעטשאַיע א״אַ.

382. אין די אַלע פאַלן איז דער אינפיניטיוו פּאָנעטיש ענלעך מיט דער ערשטער-דריטער פּערזאָן מערצאָל. אויסנאַמען:

1) גיין (מיר גייען), זען (מיר זעען), טון (מיר טוען), שטיין (מיר שטייען); ס'קומט פאָר אויך „גייען, זעען".

2) געבן (מיר גיבן), וויסן (מיר ווייסן), וועלן (מיר ווילן), זיין (מיר זענען).

## 383. סכעמע פון דער יידישער קאָניוגאַציע

### ווערב: מאַכן

אינפיניטיוו: מאַכן פּאַרטיציפּ: געמאַכט

### דירעקטער מאָדוס

געגנוואַרט: איך מאַך

פּאַרגאַנגענהייט: האָב געמאַכט לאַנגאָניקע פּאַרג.: האָב געהאַט געמאַכט

פילמאָליקע פּאַרג.: פלעג מאַכן

צוקונפט: וועל מאַכן צווייטע צוקונפט: וועל האָבן געמאַכט

### השערה-מאָדוס

איינפאַכער מיטן אינפיניטיוו: וואָלט מאַכן פּערפעקטיווער מיטן אינפיניטיוו: וואָלט געווען מאַכן

איינפאַכער מיטן פּאַרטיציפּ: וואָלט געמאַכט פּערפעקטיווער מיטן פּאַרטיציפּ: וואָלט געווען געמאַכט, וואָלט געהאַט געמאַכט

### באַדויער-מאָדוס

איינפאַכער מיטן אינפיניטיוו: האָלט (כאָלט) מאַכן פּערפעקטיווער מיטן אינפיניטיוו: וואָלט (כאָלט) געווען מאַכן

איינפאַכער מיטן פּאַרטיציפּ: האָלט (כאָלט) געמאַכט פּערפעקטיווער מיטן פּאַרטיציפּ: האָלט (כאָלט) געווען געמאַכט

### געמישטער מאָדוס

איינפאַכער: זאָל מאַכן פּערפעקטיווער: זאָל געווען מאַכן

פּאַרגאַנגענהייט: האָב געזאָלט מאַכן פּערפעקט: זאָל האָבן געמאַכט

### באַפעל-מאָדוס

לאָמיך מאַכן, מאַך...

384. די פאָרמעס „האָבן געמאַכט" און „געהאַט געמאַכט" קען מען באַטראַכטן אַלס פּערפעקטיווע אינפיניטיוו און פּערפעקטיוו פּאַרטיציפּ. דעמאָלט קאָן מען פאָרמולירן די בילדונג פון

פערפעקטיווע ציים-פאָרמעס אזוי: זיי בילדן זיך ווי די אנטשפּרעכיקע איינפאַכע צייט-פאָרמע, נאָר אָנשטאָט איינפאכן פּאַרטיציפּ אָדער אינפיניטיוו קומט דער פערפעקטיווער.

385. אין פעריפראַסטישע ווערבן ווערט קאָניוגירט נאָר דער הילפווערב: איך בין זוכה, וועל זוכה זיין, ווער נפטר, בין נפטר געוואָרן, טו אַ וואָרף, וואָלט אַ וואָרף געטון, האָב חרטה, זאָל חרטה האָבן (751).

386. אין ווערבן מיט ווערבאַלן צוגאָב בלייבט אַמאָל דער ווערבאַלער צוגאָב אַליין און דער ווערב ווערט פאַרשפּאָרט: ער דרייט דאָס שיפל אויס רעכטס און וויל צו צום קערפּער (פר.) = וויל צופאָרן; ער איז זיך עטלעכע מאָל דורך די שטוב (אָפ.); אַ יידענע האָט שוין נישט געקאָנט צוהערן, איז זי צו און זיי גענומען זידלען (אָפּ.).

צו באמערקן די אינטאָנאַציע: דער ווערבאַלער צוגאָב בלייבט מיט זיין כאַראַקטעריסטישן אקצענט, און דאָס איז אמאָל דער איינציקער מיטל אונטערצושיידן אים פון אַ פּרעפּאָזיציע.

## 12. בילדונג פון אינוואַריאַנטן

387. די קלאַסיפיקאַציע איז דאָ אַנאַלאָגיש מיט דער קלאַסיפיקאַציע פון סובסטאַנטיוון און אַדיעקטיוון: אייגנטלעכע—נישט-אייגנטלעכע, איינפאַכע—צונויפגעזעצטע, וואָרצלדיקע—מיט אַפיקסן.

388. סופיקסן, וואָס דינען צו אינוואַריאַנט-בילדונג:

—אויס, —איין: וואַלד-אויס, וואַלד-איין, יאָר-אויס, יאָר-איין.

—אויף, —אָפּ: באַרג-אויף, באַרג-אָפּ (פר.).

—ווייז (אָפט מיט אַ מערצאָל פון אַ סובסטאַנטיוו): איינציקווייז, ביסלעכווייז, משוגענערווייז (צוויי אַקצענטן), פּאָרווייז, פונטנווייז, קינדווייז, שעהנווייז.

ס'קומט פאָר „באַזונדערע שטיקערווייז" אדג"ל. צי איז עס איין צונויפגעזעצטער וואָרט? אָדער אפשר פילט זיך נאָר „ווייז" פאַר אַ באַזונדער הילפוואָרט?

—טנס: צווייטנס, דריטנס...

—ערהייט: געזונטערהייט, קליינערהייט, שטילערהייט (צוויי אַקצענטן).

389. פּרעפיקסן, וואָס דינען צו אינוואַריאַנט-בילדונג:

אַ— : אַהיים, אַפּנים, אַקיצור.

אומ— : אומיום-טוב, אומשבת.

אָט— : אָטדאָ, אָטאיצט.

אַמ— : אַמבעסטן, אַמשענסטן.

ב— (הויפּטזאַכלעך ביי סעמיטיזמען) : בתנאי, בפרט, באופן, בזול, בטבע, בכּוח, בלשון, באמת, בערך ; אַזעלכע וואָס עקזיס-טירן נישט אָן דעם פּרעפיקס : בזה-הלשון, בחפזון. דער פּרעפיקס דינט פאַר נייבילדונגען מיט נישט-סעמיטיזמען : באַדאַרף זיין נישט קיין שלעכטע בנאַטור (ש"ע) ; אַלע פונקטן, פונקט בפונקט (פון רייד).

זאַלבע—מיטן סופיקס ט : זאַלבעצווייט.

ל— (ביי סעמיטיזמען) : לדורות, לטובה, לסוף ; עקזיסטירן נישט אָן דעם פּרעפיקס : להבא, לכל-הפחות.

390. צונויפגעזעצטע אינוואַריאַנטן.

ס'איז באַקוועם צו רופן מיט דעם נאָמען נישט בלויז אַזעלכע אינוואַריאַנטן, וואָס אַנטהאַלטן מער ווי איין וואָרצל, נאָר בכלל אַזעלכע, וואָס זענען צונויפגעזעצט פון מער ווי איין וואָרט. אין „אינאָוונט, דער-מיט, צוואָס" איז נאָר איין וואָרצל („אין, מיט, צו" האָבן קיין וואָרצלען נישט), אָבער ס'איז נישט באַקוועם צו גרופּירן זיי צווישן פּרעפיקסירטע אָדער סופיקסירטע.

פּרעפּאָזיציע+(אַרטיקל+)סובסטאַנטיוו : אויסערדעם, איבעראַנייס, אינאָוונט, אינדערהיים, אינדערלופטן, אינדעראמתן, אינדערפרי, אַחוץ-דעם, אָנאַשיעור, אויפאַנאמת, אויפדערפריי, אויפסניי, בייטאָג, ביינאַכט, מיטאַמאָל, מיטאַנאמת, נאָכדעם, פאַרוואָס, פאַרנאַכט, פאַר-שבת, פונמיינעטוועגן, צוואָס, צוקאָפּנס.

פּרעפּאָזיציע+אינוואַריאַנט : איבערמאָרגן, אויפאויסנווייניק.

אָבער „אָפּלייגן אויף מאָרגן" איז אַנאַלאָגיש מיט „זאָרגן וועגן מאָרגן", ווו מיר האָבן צו טון מיט אַ פּרעפּאָזיציע (נישט מיט אַ צו-נויפזאַץ).

„דער"+פּרעפּאָזיציע : דעריבער, דערמיט, דערנאָך, דערפאַר, דערצו.

פּרעפּאָזיציע + „דער" + פּרעפּאָזיציע :ביידערביי, מיטדערמיט, פאַרדערפאַר, צודערצו.

דיאַלעקטיש : פונדערניין, וועגן דערויף אדג"ל.

„סאַ (סאַראַ)״+סובסטאַנטיוו מיטן סופיקס—קייט: סאַ גוטקייט, סאַראַ גוטקייט, סאַ וואַרעמקייט...

וואָרצל-פאַרטאָפּלונג: קוים-קוים, שיר-שיר.

פאַרשידענע: (העברעיזמען:) בעת-מעשה, בלי-גוזמה, חצי-אלול, חוץ לדרך הטבע, מזל-טוב, (נישט-העברעיזמען:) אַזויווי, אַזויפיל, איינמאָל, אינצווייען, אַלדאָסדינג, אַלעמאָל, אַלצדינג, אַלצאיינס, אַנישט, וואָסי, וויפל, זומערלעבן.

391. נישט-אינוואַריאַנטן באַנוצט אַלס אינוואַריאַנטן:

אַ ביסל, אַ מחיה, אַ סך, אַ קאָפּ, אַ רחמנות, אַ שאָד...

בעסער (גיי דו׳ בעסער—ווערט נישט אויפגענומען אַלס אַדווערב).

שפּעטער (כ׳וועל קומען שפּעטער—ווערט נישט אויפגענומען אַלס אַדווערב).

זע! (טראָגט שוין נישט קיין ווערב-כאַראַקטער), דאַכט זיך, ווייזט-אויס (זענען שוין נישט קיין ווערבן, אַסאָצייִרן זיך נישט מיט „איך דוך זיך, דו ווייזט-אויס״ אאַז״וו).

## 13. פּאַרטרעט-ווערטער

392. אַחוצן דירעקטן אָנרוף פון אַ זאַך, טוונג, סימן, קומט נאָך פאָר אַ פּאָרטרעטירונג (רעפּרעזענטירונג), ד. ה. אַ באַנוץ פון אַזאַ וואָרט, וואָס ווייזט נאָר, אַז ס׳רעדט זיך וועגן אַ זאַך, אָדער טוונג, אָדער סימן. ס׳ווייזט אויך, צי ס׳רעדט זיך וועגן אַ באַשטימטער זאַך, אומבאַוווסטער זאַך, אָנגעוויזענער זאַך אאַז״וו, אָבער באַשטימט נישט קאָנקרעט די זאַך, טוונג, סימן. די ווערטער, וואָס דינען צו פּאַרטרעטונג, הייסן געוויינלעך פּראָנאָמען. מע קען זיי רופן גענויער פּאַרטרעט־ווערטער (רעפּרעזענטיר-ווערטער).

דאָס איז גענויער, ווייל „פּראָנאָם״ הייסט „אָנשטאָט אַ נאָמען״ (אָנשטאָט אַ סובסטאַנטיוו, אַדיעקטיוו), אָבער פאַראַן אויך פּאַרטרעטערס פון ווערבן, פון אינוואַריאַנטן און פון גאַנצע פראַזעס.

393. פּאַרטרעט-ווערטער דאַרפן קלאַסיפיצירט ווערן אין צוויי ריכטונגען: לויט דעם, וואָס פאַר אַ ווערטערקלאַס זיי פּאַרטרעטן, און לויט דעם, וואָס פאַר אַן אייגענעם באַטייט זיי טראָגן אַריין (אָנווייזיקייט, פרעגיקייט אדג״ל). ס׳באַקומט זיך אַזאַ טאַבעלע (נישט קיין אויסשעפּיקע) (זייט 144 א״וו). (847).

394. פרעגפּאַרטרעט-ווערטער דינען אויך צו סובאָרדינירן אַ בייזאַץ; דעמאָלט הייסן זיי רעלאַטיווע פּאַרטרעט-ווערטער אָדער קאָניונקטיוון.

פרעגפּאַרטרעט-ווערטער דינען אויך פאַר אויסרופיקע ווערטער: וואָס פאַר אַ שיינקייט!; וויפל טיפע געדאַנקען!

395. נאָענטע אָנווייזיקע „ער, זי, עס, זיי. דאָס, זיין, איר, זייער, דערביי" אאַז"וו, „דער, אַזאַ, אַזויפיל, אַזוי, דערפאַר, צוליב דעם" אאַז"וו, און די ווייטע אָנווייזיקע „דעמאָלט, דאָרטן" אאַז"וו דינען אויך פאַר **אַנאַפאָרישע**, ד. ה. צו פאַרבייטן אַ וואָרט, וואָס איז שוין דערמאָנט געוואָרן פריער אין רייד.

דערביי דינט „דאָס" פאַר אַ פאַרטרעטער פון אַ גאַנצן זאַץ: ער איז סוף-כל-סוף געקומען—**דאָס** פרייט מיך; ער זאָל אַליין עפּעס צוקלערן — **דאָס** נישט (ש"ע); זי דאַרף וויסן, צי האָבן מיר אַ מילכֿיקע סעודה. אַנטקעגן וואָס פרעגט איר **דאָס**?—פרעגט ביי איר די מומע (ש"ע).

396. די ווערטער „ער, זי, עס, זיינער, אירער" שטימען אין מין מיטן סובסטאַנטיוו, וועלכֿן זיי פאַרטרעטן (240). אָפּנייגן קומען-פאָר ביי נעמען פון דריטן מין, וואָס באַטייטן אַ וועזן פון מאַנלעכֿן אָדער ווייבלעכֿן געשלעכט: דאָס מיידל—ווו איז זי?

397. ווייל די אנאפאָרישע פּראָנאָמען „ער, זי, דאָס, זיינער" אאז"וו קענען פארטרעטן גאנץ פאַרשידנארטיקע ווערטער, קומט אמאָל ארויס א פלאָנטער, א צווייטייטיקייט. מע דארף עס אויסמיידן (אין א שפּאס איז אמאָל אזא צווייטייטיקייט דווקא דער צוועק).

ביישפּ. פון שלעכטן פראזעבוי:

אין זיינע (מינסטערס) פיל ווערק וועגן העברעיש זעט זיך כמעט אין ערגעץ נישט ארויס, אז דאָס רעדט ער וועגן דער שפּראך פון א לעבעדיקן פאָלק, וואָס לעבט אין זיין לאנד (ווינרייך).—ווייסט מען נישט, וועמענס לאנד – מינסטערס צי דעם פאָלקס?

אין זיין ארטיקל, וועלכן ראָזאנאָוו ברענגט אין „פּראַוודא", שטעלט זיך מארקס גענוי אָפּ אויף דער עקאָנאָמישער לאגע פון דער דאמאָלס-דיקער כינע („וועקער").—וועמעס ארטיקל: ראָזאנאָווס צי מארקס'?

האָט דער מלך געלאָזט מכריז זיין, אז ווער ס'וועט כאפּן דעם חזיר, אָדער ווער ס'וועט אים טויטן, וועט באקומען זיין איינציקע טאָכ-טער פאר א ווייב (אן איבערזעצונג פון גרימס מעשיות). וועמעס טאָכטער?

398. אַחוץ נאָענטע אָנווייזיקע, זענען פאַראַן נעענטער-אָנווייזיקע, מיטן פּרעפיקס אָט- (אָט-ער, אָט-זי, אָט-דער, אָט-דאָ...).

די פאָרמעס „אויפדערויף, ביידערביי" אדג"ל זענען פונקט אזוי געזעצלעך, ווי „דערויף, דערביי". צי זענען זיי „שיין"—דאָס איז א סוביעקטיווע זאך.

399. אויסשעפיקע גענעראליזיריקע שפילן די ראָליע פון א מערצאָל צו אויסשעפיקע אינדיווידואליזיריקע (יעדערער: אַלע=מענטש: מענטשן).

400. פאראן נאָך אנדערע אינדיווידואליזיריקע פארטרעט-ווערטער: ווו ערגעץ א צרה (=יעדע צרה), וואָס עפעס עס טרעפט (=יעדע זאך, וואָס ס'טרעפט)

401. פאַראַן נאָך אַנדערע גענעראַליזיריקע פאַרטרעט-ווערטער: „ווער ס'זאָל נישט, וואָס ס'זאָל נישט" אדג"ל.

402. די קאָנסטרוקציעס: „כ'האָב קיינעם נישט געזען, כ'בין ערגעץ נישט געווען" אד"גל אַנטהאַלטן „נישט" אַלס נויטווענדיקן טייל: מע זאָגט נישט „כ'האָב קיינעם געזען". און „כ'בין ערגעץ געווען" האָט אַן אַנדער באַטייט. בלויז ביי „גאָרנישט" קען צוקומען נאָך אַ פאַרניינונג: „כ'האָב גאָרנישט נישט געהאַט".

403. דער פראָנאָם „דאָס", אַלס אומבאַשטימיקער, קומט אמאָל מיט אן ארטיקל; דערביי האָט דער ארטיקל די מין-פאָרמע לויט יענעם סובסטאנטיוו, וואָס ווערט פארביטן אויפן פראָנאָם. „זייער פארשידענע געדאנקען קען מען למשל אויסדריקן מיט די ווערטער: „זאָג דער דאָס, זי זאָל אויסדאָסן די דאָס!" דאָס קען הייסן: „זאָג דעם שטובמיידל, זי זאָל אויסקערן די שטוב!", אָדער „זאָג דער גויע, זי זאָל אויסמעלקן די בהמה", אָדער „זאָג דער מחותנתטע, זי זאָל אויסשנייצן די נאָז" (זשיטלאָווסקי).

404. פאַראַן נאָך סאָרטן אומבאַשטימיקע פאַרטרעט-ווערטער, וואָס כ'האָב נישט איינגעשלאָסן אין טאַבעלע, כדי זי נישט קאָמפּליצירן: דער און דער, דאָס און דאָס...; וואָס נישט איז...; ווער-נישט-ווער, ווען-נישט-ווען...

405. די סובסטאַנטיווישע פּראָנאָמען פאַרשפאָרן ביי זיך אַן אַרטיקל („ער", נישט „דער ער", „עמעצער", נישט „אַן עמעצער")· צוזאַמען אַדיעקטיווישע פּראָנאָמען פאַרשפאָרן אַן אַרטיקל ביי יענעם

# פאַרטרעט־ווערטער

| וואָס פאַרטרעטן זיי / וואָס פאַר א ניואַנס טראָגן זיי אַריין | סובסטאַנטיוו | | | | | אַדיעקטיוו | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | נאָמען פון א לעבעדיקן וועזן | נאָמען פון א נישט־לעבעדיקער זאַך | פאָסעסיוו | דאַטיוו מיט א פּרעפּאָזיציע | אייגן־נאָמען אָדער אַן אַנדער באַשטימקער אָנרוף | | נומעראַדיעקטיוו |
| פרעגיקע | ווער | וואָס | וועמעס | אויף וואָס, מיט וואָס, פון וואָס, אאַז״וו | וועלכער, וואָסער | א וועלכער, א וואָסערער, וואָס פאַר א | וויפל(ס)טער |
| אָנווייזיק — נאָענטע | ער, זי, עס, זיי, זיך | דאָס, עס, סע | זיין, איר, זייער, דעמס | (ביי־) דערביי, (אויף־) דערויף, דערונטער, דעריבער, (פאַר־) דערפאַר | דער, דער־דאָזיקער | אַזאַ, אַזעלכער, אַזוינער | |
| ווײַטע | יענער | יענץ | יענעמס | (צו־) דערצו, א״א | יענער | | |
| אונטערשיידיקע | | | | | דער זעלביקער, אַן אַנדער, דער, פאָלגנדיקע(ר) | | |

# („פּראָנאָמען")

| צאָלוואָרט | אַדוו. „אינוואַריאַנט, סובסט. מיט אַ פּרעפּאָזיציע | | | | | ווערב | גאַנצער באַהעפט, האַלבער וואָרט אדג״ל |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אופן | צייט | אָרט | אורזאַך | צוועק | | |
| וויפל | ווי (אַזוי׳), ווי אַרום | ווען, פון ווען (־אָן), ביז וו(אַנ)ען, ווי לאַנג | ווּ, וווהין, פונוואַנען, ביזוואַנען | פאַרוואָס, איבער וואָס | צו וואָס, צוליב וואָס, נאָך וואָס | | וואָס |
| אַזויפיל | אַזוי (אַרום) | ערשט, איצט(ער), פון ערשט (־אָן), ביז ערשט | דאָ, הי, אַהער(צו), פונדאַנען, ביזדאַנען, ביז אַהער | דערפאַר, פאַרדעם, איבער־דעם, דעריבער, על־כּן, לכן | צו(ליב) דעם, דערצו | | |
| | אַנדערש | דעמאָלט, דענסטמאָל, יעמאָלט, פון דעמאָלט אָן, ביז דעמאָלט | דאָרטן, אַהינ(צו), פון דאָרטן, ביז דאָרטן | | | | |

# פאַרטרעט-ווערטער

| | וואָס פאַרטרעטן זיי / וואָס פאַר אַ ניואַנס טראָגן זיי אַריין | סובסטאַנטיוו | | | | | אַדיעקטיוו | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | נאָמען פון אַ לעבעדיקן וועזן | נאָמען פון אַ נישט-לעבעדיקער זאַך | פּאָסע־סיוו | דאַטיוו מיט אַ פּרעפּאָ־זיציע | אייגן-נאָמען אָדער אַן אַנ-דער באַשטי־מיקער אָנרוף | | נומער-אַדיעק־טיוו |
| אויסשעפּיקע | אינדיווידואַ-ליזיריקע | יעדערער, יעטווידער, איטלעכער, יעדער איינ־ציקער | יעדע זאַך, יעט-ווידע זאַך | יעדערנס | | יעדער איט-לעכער, אַ ליאַדער, דער ערשטער בעסטער | | |
| אויסשעפּיקע | גענעראַלי-זיריקע | אַלע | אַלץ (דינג) | אַלע־מענס | | אַלדאָס, דער גאָרער, גאָר דער | אַלערליי, כלערליי | דער לעצטער |
| אויסשעפּיקע | פאַרניינײקע | קיינער (נישט) | גאָרנישט | קיינעמס נישט | פאַר קיין פּאַל נישט | קיין (שום) | | |
| | אומבאַשטי-מיקע I סאָרט | עמעצער, איינער, מע(ן), יענער, אירע | עפּעס | עמעצנס, איינעמס, יענעמס | | עפּעס אַ, איינער אַ, אַ געוויסער | אַזאַ, אַזעל-כער, אַזוינער | |
| | אומבאַשטי־מיקע II סאָרט | דער | דער (די, דאָס), דאָס, אַ דאָס | דעמס, „אימס" | | | דאָסיק | |

(„פּראָנאָמען")

| צאָלוואָרט | אַדוו., אינוואַריאַנט, סובסט. מיט אַ פּרעפּאָזיציע | | | | | ווערב | גאַנצער באַוועגס, האַלבער וואָרט אַדגל. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אופן | צייט | אָרט | אורזאַך | צוועק | | |
| אינגאַנצן, אַלע ביידע | | שטענדיק | אומעטום | | | | |
| קיין איינער נישט | | קיינמאָל (נישט) | ערגעץ (נישט) | פאַר גאָר־נישט, פאַר קיין זאַך נישט | | | |
| אייניקע, עטלע־כע, מערערע, פיל, ווײניק | | אַמאָל | (אין) ערגעץ, פון ערגעץ | | | | |
| | דאָסיק | | | | | דאָסן | דאָס |

סובסטאַנטיוו, צו וועלכן זיי באַהעפטן זיך: „אַזאַ מענטש״ (פאַרשפּאָרט אומבאַשטימיקער אַרטיקל), „יענער בוים״ (פאַרשפּאָרט באַשטימיקער אַרטיקל).

406. פאַראַן גרענעץ- און איבערגאַנג-דערשיינונגען צווישן פּראָנאָמען און פולבאַטייטיקע ווערטער. „אַ געוויסער״ איז פּראָנאָמיזירט געוואָרן פון אַ פולבאַטייטיקן אַדיעקטיוו, דאָס אייגנס „פאָלגנדיקע״ (באַזונדערס, ווען ס׳ווערט נאָך פאַרשפּאָרט דער באַשטימיקער אַרטיקל). „דעפּראָנאָמיזירונג״ (פון אַ פּראָנאָם ווערט אַ פולבאַטייטיקס וואָרט): „זיין איך״ (=זיין פערזענלעכקייט), „אַן ער, אַ זי״ (=אַ זכר, אַ נקבה).

„אין גאָלדינגען ווי[?]צלט מען זיך, אז אין גראָבין זענען פאַראַן צווייגאַסן: די גאַס און יענע גאַס״ (ווײַנרײַך, „שטאָפּלען״. גאָלדינגען און גראָבין—שטעטלעך אין קורלאַנד). דער וויץ איז געגרינדט, גראַמאַטיש רעדנדיק, דערויף, וואָס פּראָנאָמען (סוביעקטיווע ווערטער) ווערן באַנוצט אין דער פונקציע פון פולבאַטייטיקע (אָביעקטיווע) אדיעקטיוון. די זעלביקע דערשײַנונג האָבן מיר אין די אויסדריקן „די וועלט״ און „יענע וועלט״, אָבער קיין קאָמיזם פילט זיך דאָ נישט, ווײַל אַלע, וואָס רעדן, זענען אויף „דער״ וועלט.

# II. סינטאַגמע

## 1. פערזאָנוואָרט

407. אין „קינדער שפּילן״ איז „שפּילן״ אַ פערזאָנוואָרט, אַ באַטייטיקער, אין „קינדער האָבן געשפּילט״ איז דער פערזאָנוואָרט „האָבן״ אַ באַהילפיקער; צוזאַמען מיט „געשפּילט״ גיט עס איין באַטייט און בילדעט אַ צונויפגעזעצטע ווערבפאָרמע. אָפט איז באַקוועם צו פאַראייניקן אַזעלכע פאָרמעס, ווי „שפּילן״ און „האָבן געשפּילט״ אין איין קלאַס, מיט איין נאָמען. מע רופט זיי פרעדיקאַט.

פרעדיקאַט איז אַלזאָ אָדער אַ באַטייטיקער פערזאָנוואָרט, אָדער אַ צונויפגעזעצטע ווערבפאָרמע, ווו ס׳קומט אַריין אַ (באַהילפיקער) פערזאָנוואָרט. קלאָר, אַז דער פרעדיקאַט האָט שטענדיק אַ פערזאָנפאָרמע.

408. די סינטאַגמע, פון וועלכער ס׳איז אָפּהענגיק די פערזאָנפאָרמע פון פרעדיקאַט, הייסט סוביעקט. אין „קינדער שפּילן״ איז דער סוביעקט „קינדער״.

409. דער פרעדיקאַט באַטייט די קאָנסטאַטירונג פון עמעצנס אַ טוונג, דער סוביעקט באַטייט דעם טוער פון דער דאָזיקער קאָנסטאַטירטער טוונג.

410. װי בכלל אין דער שפּראַך, אַזוי קומט אויך דאָ פאָר, אַז דער אמתער (היינטיקער) באַטייט פאַלט נישט צוזאַמען מיטן „אייגנטלעכן״, לכתחילהדיקן. סיי די טוונג, סיי די קאָנסטאַטירונג קען אָפּגעשוואַכט װערן און אפילו װערן פיקטיװ, דהיינו: דער װאַלד גרינט, די זון װאַרימט, דאָס הויז װערט געבויט. דער װאַלד „טוט״ אייגנטלעך גאָרנישט — ער איז נאָר גרין; די זון טוט גאָרנישט — זי איז בלויז די סיבה דערפון, װאָס אונז איז װאַרים; דאָס הויז טוט גאָרנישט — עס נעמט אויף עמעצנס טוונג אויף זיך. גראַמאַטיש אָבער „טוט דער װאַלד גרינען״, די

זון „טוט הארימען", „שיקט" אונז ווארימקייט-שטראלן, אוי דאָס הויז „באַ-קומט" „פון" עמעצן (פון בויער) זיין בויונג.

411. צווישן ווערבן, וואָס באַטייטן אַ פיקטיווע טווּנג, געפינט זיך אַ גרופּע ווערטער, אויפן גרענעץ פון באַטייטיקע און באַהילפיקע, אַז. ג. ווערבן מיט נישט פולער אַרויסזאָגונג: ווערן, קענען, מוזן, דאַרפן אאַז"וו. אין „ער ווערט געזונט" באַטייט „ווערט" אַ טווּנג, אָבער זייער אַן אָפּגעבלאַסטע, קוים צו דערקענען, אַזוי צו זאָגן, עפּעס קאָנ-קרעטס (ער אַנדערשט זיך איבער צו געזונט, ער פאַרוואַנדלט זיך אין אַ געזונטן). די סאַמע „פיקטיווסטע" טווּנג איז יענע, וואָס ווערט באַטייט פונעם ווערב „זיין" (בין, ביסט, איז, זענען, זייט, בין געווען...). דאָ איז געבליבן נאָר די פאָרמע פון פערזאָנוואָרט (אָדער אינפיניטיוו, פּאַרטי-ציפּ), אָן אַ שום אינהאַלט. די פעיקייט „אויסצולייזדיקן" געוויסע ווערטער פון זייער אינהאַלט, לאָזנדיק זיי נאָר ביי דער פאָרמע, איז איינער פון די וויכטיקע שטריכן פון דער שפּראַך-אַנטוויקלונג, וואָס גיט אונז די מעגלעכקייט צו דערהייבן אונזער דענקען צו העכערע שטופעס פון אַב-סטראַהירונג. אָן אַזעלכע ווערטער ווי „זיין" (פּוסטער ווערב), „דער" („פּוסטער אַדיעקטיוו), „אויף" (פּוסטער אינוואַריאַנט) אַד"גל וואָלט אומ-מעגלעך געווען אַ גרויסער טייל פון אונזער גייסטיקער קולטור.

412. ביים פּרעדיקאַט קען קומען דאָס באַהילפיק וואָרט „ני(ש)ט" נעגאַציע). דעמאָלט באַטייט דער פּרעדיקאַט אַ קאָנסטאַטירונג פון אָפּוועזנהייט פון עמעצנס אַ טווּנג.

413. דער סוביעקט קען זיין אַ סובסטאַנטיוו, אינפיניטיוו, אַד-ווערב, אַ סובסטאַנטיווירט וואָרט. ביישפּילן:

1) איך גיי מיט אייך אין געוועט. פּערזאָנוואָרט (פּרעדיקאַט)—גיי, סוביעקט—איך. דערווייזן, אַז דער סוביעקט איז „איך", קען מען עקספּערימענטאַל: אויב מע וועט פאַרבייטן „איך" אויף „ער, מיר" אאַז"וו, וועט זיך „גיי" ענדערן, אויב אָבער מע וועט פאַרבייטן „מיט אייך" אָדער „אין געוועט" אויף אַנדערע ווערטער, וועט זיך „גיי" נישט ענדערן. דערווייזן, אַז „איך" איז אַ סובסטאַנטיוו, קען מען, פּרוּוונדיק צוגעבן צו אים אַן אַדיעקטיוו: איך דער יונגער, איך דער פריילעכער אד"גל.

2) אָט אַזוי האָט אַרויסגעוויזן זיין צופרידנקייט מיטן ערשטן פריילינגס-טאָג פייסי דעם חזנס יינגל. פּערזאָנוואָרט „האָט", פּרעדיקאַט „האָט אַרויסגעוויזן", סוביעקט „יינגל", אַ סובסטאַנטיוו.

3) שרעקן הייסט וועקן (נס). פערזאָנוואָרט (פרעדיקאַט) „הייסט", סוביעקט „שרעקן"—אַן אינפיניטיוו.

4) רויט בלענדט די אויגן (לייוו.), קרום איז נישט גלייך. פערזאָנווערטער „בלענדט, איז", סוביעקטן „רויט, קרום"—אַדוועדבן.

5) איטלעכער מאָרגן ברענגט זיינע זאָרגן. פרעדיקאַט „ברענגט", סוביעקט „מאָרגן"—סובסטאַנטיווירטער אינוואַריאַנט.

6) שוין נישטאָ וואָס צו פאַרקויפן, סיידן די ליידיקע שאַפע? (ש"ע). דאָ איז קיין פערזאָנוואָרט נישטאָ, ממילא איז אויך קיין סוביעקט נישטאָ.

414. א סוביעקט איז נישט דווקא א סובסטאַנטיווירט וואָרט: אין „רויט בלענדט" איז נישטאָ קיין גרונט צו האַלטן „רויט" פאַר סובסטאַנ־טיווירט (מע קען נישט צוגעבן צו „רויט" קיין אדיעקטיוו); אין „לאַכן איז געזונט" קען אויך געמאָלט זיין, „לאַכן" זאָל נישט זיין סובסטאַנטי־ווירט (דהיינו, אויב מע זאָגט „לאַכן הויך איז געזונט", נישט „הויכער לאַכן איז געזונט"). אַן אינוואַריאַנט אָבער קען דינען פאַר א סוביעקט, דאַכט זיך, נאָר סובסטאַנטיווירטערהייט.

פאַרשטייט זיך, אַז „לאַכן, רויט, מאָרגן" זענען נישט קיין אמתע „טוערס" פון די טוונגען—ס'זענען פיקטיווע טוערס.

415. דעם סוביעקט דערקענט מען אַמאָל לויט דער פראַגע „ווער" (זעלטענער „וואָס"), וואָס ווערט צוגעגעבן צום פרעדיקאַט: ווער גייט אין געוועט?—איך. וואָס איז געזונט?—לאַכן.

416. אָפט זאָגט מען, אַז דער סוביעקט ווייזט, וועגן וועמען אָדער וועגן וואָס ס'רעדט זיך אין דער פראַזע. דאָס איז נישט ריכ־טיק. יעדער סובסטאַנטיוו, אפילו בכלל יעדעס באַטייטיק וואָרט, ווייזט, וועגן וועמען אָדער וועגן וואָס ס'רעדט זיך. אין „אָט אַזוי האָט אַרויסבאַוויזן זיין צופרידנקייט מיטן ערשטן פרילינגס־טאָג פייסי דעם חזנס יינגל" רעדט זיך נישט נאָר וועגן יינגל, נאָר אויך וועגן זיין צופרידנקייט, וועגן דעם, ווי ער האָט זי אַרויסגעוויזן („אָט אַזוי"), וועגן ערשטן פרילינגס־טאָג, אפילו וועגן פייסי דעם חזנס רעדט זיך (אַז זיין יינגל האָט אָט אַזוי אַרויסגעוויזן זיין צופרידנקייט). ס'איז קיין וווּנדער נישט, וואָס די שולקינדער, וואָס באַקומען אַזאַ דעפי־ניציע פון סוביעקט, קענען אים אָפטמאָל נישט געפינען. באַקוועמער איז אַ פאָרמאַלע דעפיניציע: די סינטאַגמע, פון וועלכער ס'איז אָפ־הענגיק דער פערזאָנוואָרט.

פאַראַן פאַלן, ווען ס'איז פשוט אומבאַקוועם צו זאָגן, אַז דער סוביעקט ווייזט, וועגן וועמען ס'רעדט זיך, צ. ב. „מע גייט".

417. אין „דאָס איז דער ברודער" קען מען נישט אָנווייזן מיט זיכערקייט, פון וועלכן וואָרט ס'הענגט אָפּ דער פּערזאָנוואָרט. עקספּערימענטן ווייזן פון איין זייט („דאָס בין איך, דאָס זענען די ברידער"), אַז דער סוביעקט איז „דער ברודער" און פון דער אַנדערער זייט („איך בין דער ברודער")—אַז דער סוביעקט איז „דאָס". מע דאַרף נישט זוכן מיט וועלכע ס'איז שפּיצלעך צופּאַסן דאָס צום געוויינלעכן שאַבלאָן „סוביעקט, פּרעדיקאַט", נאָר קאָנסטאַטירן די עקזיסטענץ פון אַ זאַץ-טיפּ „דאָס איז"+סובסטאַנטיוו, וועלכער האָט פאַרשידענערליי אַסאָציאַציעס.

418. די בילדונג פון פּערזאָנפאָרמעס, אַנדערש געזעגט — די קאָניוגאַציע לויט פּערזאָן (צום אונטערשייד פון קאָניוגאַציע לויט מאָדוס און צייט) קומט-פאָר אין אַלע מאָדוס- און צייט-פאָרמעס, אַחוץ באַפעל-מאָדוס, לויט אַזאַ אַלגעמיינער סכעמע:

ערשטע פּערזאָן איינצאָל. . . . . . נול-סופיקס

צווייטע . . . . . . . . . . . . . . -סט (914)

דריטע . . . . . . . . . . . . . . -ט (914)

ערשטע-דריטע פּערזאָן מערצאָל . . . -ן (טראַפּיקער) (907)

צווייטע . . . . . . . . . . . . . . -ט (914)

די ערשטע-דריטע פּערזאָן מערצאָל איז פאָנעטיש ענלעך צום אינפיניטיוו.

419. אין דער דריטער פּערזאָן איינצאָל האָבן עטלעכע ווערבן אַ נול-פאָרמע: ער ברויך (אויך ברויכט), געהער (אויך געהערט), דאַרף, ווייס (אויך ווייסט), וויל (אָבער: ס'ווילט זיך), זאָל, טאָר, טויג, מאָג, מעג, פלעג (אויך פלעגט), קאָן, קען, קער זיך אָן. די זעלביקע ווערבן מיט אַ פּרעפיקס ווערן קאָניוגירט נאָרמאַל: ער פאַרברויכט, דערוויסט זיך, פאַרמאָגט, דערקענט.

420. אייניקע ווערבן קען מען אָנרופן אומרעגלמאָסיקע:

a) איך גיב, דו גיסט, ער גיט, מיר גיבן; האָב, האָסט, האָט, האָבן; וועל, וועסט, וועט, וועלן.

b) איך רעד, דו רעדסט, ער רעדט, מיר רעדן; פאַראַן אויך אַ רעגלמאָסיקע סיסטעם: רעד, רעדסט, רעדט, רעדן.

c) איך בין

דו בי(נ)סט

ער איז
מיר, זיי זיינען, זענען
איר זיי(נ)ט, זענט

דאָ האָבן מיר אַ צונויפפלעכטונג פון טעמעס: 1) איך בין, דו בי(נ)סט באַציט זיך ווי מאַך, מאַכסט אָדער ווי גיב, גיסט; 2) מיר זיינען, איר זיי(נ)ט, ווי מיר גייען, איר גייט; 3) איז—שטייט איזאָלירט. אין פאַרטיציפּ „געווע(ז)ן" האָבן מיר נאָך אַ פערטע טעמע: וועז. די פאָלקסטימלעכע פאָרמע „בינסט" איז רעגלמאָסיקער, ווי די ליטעראַרישע ביסט; מע דאַרף זי נישט האַלטן פאַר אומגעזעצלעך אין ליטעראַרישן באַנוץ.

צווייידייטיקייט: פונזאגנען זײַט איר?—פון פלעשל אין גלעזל.

421. אין צונויפגעזעצטע פאָרמעס און אין פעריפראַסטישע ווערבן ענדערט זיך לויט פערזאָנען נאָר דער הילפוווערב:

איך האָב, דו האָסט (דוסט), ער האָט (ערט), איר האָט (אירט), מיר האָבן (מירן), זיי האָבן געמאַכט.

איך בין, דו ביסט (דוסט), ער איז, מיר—זיי זענען, איר זענט געקומען.

איך וועל (איכל), דו וועסט (דוסט), ער—איר וועט (ערט, אירט), מיר וועלן (מירן), זיי וועלן (זיי עלן) מאַכן.

איך פלעג, דו פלעגסט, ער פלעג(ט), מיר—זיי פלעגן, איר פלעגט מאַכן.

איך וואָלט, דו וואָלסט, ער—איר וואָלט, מיר—זיי וואָלטן מאַכן, געמאַכט, געווען מאַכן, געווען געמאַכט.

כ׳ייוואָלט, כ׳אָלט, האָלט איך, כ׳ייוואָלסטו, כאָלסטו אאַז״וו.

איך זאָל, דו זאָלסט, ער זאָל, מיר—זיי זאָלן, איר זאָלט אאַז״וו.

422. וועגן באַפעל-מאָדוס זע § 344. דיאַלעקטיש קומט אָנשט. מאַכט—מאַכך (מע שרייבט מאַכטס) און אויך אַנדערע מאָדיפיצירונגען.

423. די ווערבן מיט „זיך" קאָניוגירן זיך אַזוי: איך פויל זיך-פויל מיך, דו פוילסט זיך-פוילסט דיך, ער פוילט זיך, מיר—זיי פוילן זיך, איר פוילט זיך-פוילט אייך, איך האָב זיך געפוילט, איך וועל זיך פוילן...

424. די ערשטע פערזאָן פון פערזאָנוואָרט קומט נאָר ביי די סוביעקטן „איך, מיר" און ווייזט, אַז די טוונג ווערט אויסגעפירט פונעם מיטטיילער (ריידער, שרייבער); די צווייטע פערזאָן קומט נאָר

ביי „דו, איר״ און ווייזט, אַז די טוונג ווערט אויסגעפירט פונעם אַד־רעסאַט פון מיטטיילונג (צוהערער, לייענער); די דריטע פערזאָן קומט נישט ביי די סוביעקטן „איך, מיר, דו, איר״; זי ווייזט, אַז די טוונג ווערט אויסגעפירט נישט פונעם מיטטיילער, נישט פונעם אַדרעסאַט. די דאָזיקע דערשיינונג הייסט **מיטשטימונג אין פערזאָן.**

425. נישט ריכטיק איז די באַשטימונג פון דער דריטער פער־זאָן: „יענער, וועגן וועמען מע רעדט״. „ווען איך זאָג „איך גיי״, רעד איך וועגן „מיר״, „דו גייסט״—רעד איך וועגן „דיר״; נישט דווקא די דריטע פערזאָן, נאָר יעדעס באַטייטיק וואָרט אין פּראָזע ווייזט, וועגן וועמען אָדער וועגן וואָס מע רעדט.

426. די צאָלפאָרמע פונעם פּרעדיקאַט שטימט מיט דער צאָל פונעם סוביעקט, דאָס רופט זיך **מיטשטימונג אין צאָל;** איך גיי— מיר גייען; זי שרייבט—זיי שרייבן.

427. אין דער דריטער פערזאָן ווערט אַמאָל די מיטשטימונג אין צאָל פאַרשטערט: מערצאָל ביי איינצאָליקן סוביעקט און פאַרקערט.

428. מערצאָל אָנשט. איינצאָל קומט פאָר דאָס רוב ביי אַ סוב־יעקט, וואָס אַליין איז ער אַן איינצאָל, נאָר ער באַטייט אַ גרופּע. ביישפּ.:

a) חברה האָבן געקוקט (ש״ע); זיין חברה ליגן אויפן גראָז (אָפּ.); זענען שוין פון שטיבל אַרויסגעפלויגן אַ כאַליאַסטרע (רייז.); און אַ טייל אַזוי גאָר זאָגן (נס.); שטייען דאָס פאָרפאָלק ביים פייער־טאָפּ („וועקער״).

b) ס׳גייען אַ פּאָר מענטשן; אַ גרופּע קינדער לויפן ארויס; זענען אריין אַ געוויסער פּראָצענט פרויען („עמעס״).

דער אונטערשיד פון די ביישפּילן a ביז b איז, וואָס אין a איז נישטאָ קיין אנדער וואָרט, וואָס זאָל פּרעטענדירן אויף דער ראָלע פון סוביעקט. ס׳איז קלאָר, אז „האָבן געקוקט״ איז באַהעפט (באַטש אפילו אומנאָרמאַל, מיט נישט פולער מיטשטימונג) צו „חברה״. אין די ביישפּילן b וואָלט מען געקענט פאָרמאַל האָבן, אַז דער סוביעקט איז „מענטשן, קינדער, פרויען״, ווייל מיט זיי שטימט דער פּרעדיקאַט. ווען ס׳זאָלן נישט עקזיסטירן אזעלכע פאָרמעס ווי אין a, וואָלט מען עס טאַקע גע־מוזט אָננעמען. אָבער די עקזיסטענץ פון „חברה האָבן געקוקט״ דער־לויבט אָנצונעמען, אַז אין „אַ גרופּע קינדער לויפן ארויס״, איז דער סוביעקט „אַ גרופּע״.

אָפּט לאָזט זיך אין אַזעלכע פאַלן באַנוצן דעם פּרעדיקאַט אין אײנצאָל. לויט פאָרמאַלער מיטשטימונג: איז פון שטוב אַרויסגעלאָפן אַ באַליאַסטרע, איז אַרײַן אַ געװיסער פּראָצענט פרויען.

װײַטער קומט אַמאָל פאָר מערצאָל אָנשטאָט אײנצאָל, װען ס'איז אַ העפלעכקײט-מערצאָל: דער באַלעבאָס, עוזר ליובער, זענען נישטאָ אינדערהײם (בערג.).

429. אײנצאָל אָנשט. מערצאָל קומט פאָר אין פאַרשידענע פאַלן, װאָס כ'האָב נאָך דערװײַל נישט קלאַסיפיצירט. בײַשפילן: מיר געפעלט בעסער די װערטער „ער האָט אַ טשײַניק" (ש"ע); ס'איז געװען צײַטן (ש"ע); דאַכט זיך שלמהלען גילגולים (אבר.); לערער פעלט אונז („פעד. ביול."); פון דאָרטן האָט זיך מער װי אומעטום געלאָזט הערן װײַ-געשרײען („עמעס"); דרײַ קאָפּיקעס איז װײניקער װי פינף; דרײַ איז אַ העלפט פון זעקס.

430. אין באַפעל-מאָדוס קומט אַמאָל פאָר פאַרשטערטע מיטשטימונג—צװײטע פּערזאָן אָנשטאָט דריטער: גיב גאָט (=לאָז גאָט געבן).

די אינטאָנאַציע לאָזט אונטערשײדן גיב גאָט („גאָט" אַ סוביעקט) און גיב, גאָט („גאָט" אַ װענדונג, און „גיב" אַ פּערזאָנװאָרט אָן אַ סוביעקט) (674).

431. ס'קומען פאָר זאַצן אָן סוביעקטן, „סוביעקטלאָזיקע". מיר באַגעגענען צװײ מינים סוביעקטלאָזיקע זאַצן: אַזעלכע, װו דער טוער פון טוונג איז נישט אָנגערופן, אָבער ער עקזיסטירט, און אַזעלכע, װו קײן טוער פון דער טוונג איז בכלל נישטאָ.

432. אין ערשטן מין (זאַצן מיט פאַרשפאָרטן סוביעקט) קען מען אָנמערקן די דאָזיקע גרופּעס:

1. ס'איז פאַרשפאָרט דער סוביעקט „דו, איר": ליגסט בײַ מיר אין בושה דאָ (נס.); חנפעסט, יעגער (נס.); זעסט?

2. פאַרשפאָרט דעם סוביעקט „איך". דאָס קומט בכלל זעלטן פאָר, און דאַכט זיך נאָר בײַ די װערבן בין, האָב, װעל אדג"ל: בין, דאַכט זיך, אַ ייד װי אַלע (ש"ע), דעם צװײטן מאָל האָב זיך מיטן יעגער אַזוי געטראָפן (נס.).

3. פאַראַן פאַלן, װען דער סוביעקט איז פאַרשפאָרט אין זאַץ, נאָר ער איז אָנגערופן אין אַן אַנדער זאַץ.

4. דער אימפּעראַטיװ קומט נאָרמאַל אָן אַ סוביעקט.

433. אין צװײטן מין (אײגנטלעך „סוביעקטלאָזיקע") קומט דער

פרעדיקאַט, פאַרשטייט זיך (425), שטענדיק אין דער דריטער פערזאָן, און שטענדיק אין איינצאָל. דאָ קאָן מען אָנמערקן די דאָזיקע גרופּעס:

1) דער פרעדיקאַט קען קומען אויך מיט אַ סוביעקט (אָפטמאָל מיט אַן אַנדער באַטייט): מיר שטעכט אין זייט, עס טרייסלט מיך, עס טוט מיר וויי, עס חלומט זיך, מיך הונגערט, עס גייט מיר גוט (פרגל׳ איך שטעך, דער קאָפּ טוט וויי אאַז״וו).

2) דער פרעדיקאַט באַשטייט פון אַ צוגאָב „זיך״ מיט אַזאַ ווערב, וואָס אָן דעם צוגאָב „זיך״ קען ער האָבן אַ סוביעקט, צ.ב. מיר ווילט זיך (פרגל׳ איך וויל), מיר שלאָפט זיך נישט (פרגל׳ איך שלאָף נישט).

3) דער פרעדיקאַט איז אַ ווערב, וואָס קומט קיינמאָל נישט מיט קיין סוביעקט און האָט בלויז איין פערזאָן- און צאָל-פאָרמע — דריטע פערזאָן איינצאָל: עס רעגנט, עס האָט גערעגנט, עס וואָלט גערעגנט, עס אַרט מיך נישט.

אַזעלכע ווערבן רופֿ איך איינפּערזאָניקע*). זיי זענען דעפעק-טיוו לגבי אַלע פערזאָן- און צאָל-פאָרמעס, אַחוץ איינער, אָבער זיי פאַר-מאָגן אַלע מאָדוס- און צייט-פאָרמעס.

434. די סוביעקטלאָזיקע זאצן קענען דינען פאר א באווייז, אז „דריטע פערזאָן" הייסט נישט דער, וועגן וועמען עס רעדט זיך, נאָר פשוט „נישט ערשטע און נישט צווייטע פערזאָן": אין „עס רעגנט" רעדט זיך וועגן קיינעם נישט. פארוואָס-זשע קומט דאָ די דריטע פערזאָן? מא-קע ווייל עס הייסט נישט „איך רעגן" (דער רעדער) און נישט „דו רעגנסט" (דער אדרעסאט פון רייד).

435. מע דארף נישט האלטן פאר א סוביעקטלאָזיקן זאַץ (ווי ס׳טוען אייניקע, באזירקטע פון רוסישער גראמאטיק) אזא ווי „מע גייט": דאָ איז פאראן א סוביעקט „מע", דריטע פערזאָן, איינצאָל (ווי ס׳איז צו זען פון דער מיטשטימונג).

436. דאָס וואָרט „עס (סע, ס)" קען דינען פאַר אַ סוביעקט, אָבער זעלטן, צ.ב. דאָס קינד שרייט, עס (סע, ס) וויל עסן, ווו „עס" אַנטשפּרעכט מיטן רוסישן оно. בכלל אָבער, אין אַזעלכע פאַלן, ווי „עס רעגנט, עס איז גוט, עס גייט אַ חבר", איז „עס" נישט קיין סוביעקט (730).

437. פאראן נאָך א דריטער מין סוביעקטלאָזיקע זאצן: א טוער

*) ס׳איז געניטער ווי „אומפּערזענלעכע".

פון דער טוונג עקזיסטירט, אָבער ער איז נישט אָנגערופן און קען נישט אָנגערופן ווערן אין אַ באַזונדער וואָרט, ווייל ער איז באַצייכנט אין אַ פּראָנאָם, צונויפגעגאָסן מיטן פּערזאָנוואָרט. אַהער געהערן די פאָרמעס: „מאַכסטו, זעסטו, פאָרסטו, וועסטו" אדג"ל, און ווייטער די פאָרמעס „כ'מאַך, כ'גיי, כ'פאָר, כ'האָב, ר'איז" אדג"ל. פון איין זייט איז „מאַכסטו, כ'מאַך" אדג"ל—איין וואָרט, איז, הייסט עס, נישטאָ קיין באַזונדער אָנרוף פון טוער; פון דער אַנדערער זייט לאָזט זיך דאָ נישט צוגעבן קיין סוביעקט: מען קען נישט זאָגן „דו מאַכסטו, איך כ'מאַך". מיר האָבן דאָ, ווייזט אויס, פאַר זיך די אַנטוויקלונג פון אַ אינטערעסאַנטן שפּראַכלעבן פּראָצעס: די פאַרוואַנדלונג פון אַ באַטייטיקן וואָרט אין אַ באַהילפיקער מאָרפעמע. „מאַכסטו" איז אַ פאָרמע מיט אַ נייעם סופיקס —סטו, וועלכן מען קען כאַראַקטעריזירן אַלס אַ סופיקס פון „אומאָפּהענגיקער צווייטער פּערזאָן" (ד.ה. אומאָפּהענגיק פון אַ סוביעקט), „כ'בין" איז אַ פאָרמע מיט אַ פּערזאָן-פּרעפיקס (גאָר אַ נייע דערשיינונג אין יידיש)—פּרעפיקס פון „אומאָפּהענגיקער ערשטער פּערזאָן". (אין „בין דאַכט זיך אַ ייד" איז אויך „בין" אָן אומאָפּהענגיקע ערשטע פּערזאָן, אָבער מיט אַ נול-פאָרמע.) דאָ האָבן מיר אַ געגנגעזעצטע טענדענץ צום איבערגאַנג צו אַנאַליטישע פאָרמעס—דאָ שאַפן זיך נייע סינטעטישע פאָרמעס.

פונוואַנען ווייסן מיר, אַז „מאַכסטו" איז איין וואָרט? אויב מיר האַלטן „מאַכט ער" פאַר צוויי ווערטער, ווייל די עלעמענטן קען מען איבערשטעלן („ער מאַכט"), קען מען דאָך אויך אין „מאַכסט דו" איבערשטעלן די עלעמענטן („דו מאַכסט"). זיך סומך זיין אויף דער שריפט קען מען נישט, דער אויסלייג איז קאָנווענציאָנעל און דינט נישט פאַר קיין קריטעריע וועגן שפּראַך-דערשיינונגען. דאָס, וואָס דער ד' אין „מאַכסטדו" ווערט נישט ארויסגערעדט, איז אויך קיין ראיה נישט, אַז ס'איז איין וואָרט: ס'איז אַן אַסימילאַציע, וואָס קומט פאָר צווישן ווערטער אויך (914). דער איינציקער גרונט צו האַלטן „מאַכסטו" פאַר איין וואָרט (און, הייסט עס, פאַר אַ סוביעקטלאָזיקן זאַץ) איז די אויסשפּראַך (דיאַלעקטישע „מאַכסטע": דער פאַרבייט פון וואָקאַל ו (אָדער אַן אַנדערן) אויף ע קומט פאָר, ווי באַוווּסט, אין לעצטן טראַף פונעם וואָרט, ווען דער טראַף איז נישט אַקצענטירט.

אין מיין דיאַלעקט קומט פאָר נישט נאָר „מאַכסטע", נאָר אפילו „מאַכסטע" (אַקצענטירט דער ע), צ.ב. (פאָנעטיש געשריבן): „וואָס-מאַ'כסטע?—גאָצודיינקען, אונוואָס מאַכסטע'?"

שריפטלעך קומט פאַר, אַחוץ „מאַכסטו״, אויך (זעלטענער) „מאַכסט דו״.

## 2. באַהערשטער בויגפאַל

438. מירן געזען, אַז אַ סובסטאַנטיוו (ד.ה. אַ וואָרט, וואָס קען באַהעפטן צו זיך אַן אַדיעקטיוו) פאָדערט פונעם אַדיעקטיוו די אָדער יענע בויגפאַל-פאָרמע, און לויט דעם ווערט אַ סובסטאַנטיוו פאַררעכנט פאַר אַ נאָמינאַטיוו, אַקוזאַטיוו אָדער דאַטיוו (זעלטן האָט דער סובסטאַנטיוו ספּעציעלע בויגפאַל-סימנים).

די בילדונג פון בויגפאַלן (ביי יענע וויניקע סובסטאַנטיוון, וואָס האָבן סימנים פון בויגפאַלן) הייסט **דעקלינאַציע.**

439. **נאָמינאַטיוו** האָט קיין פאָרמאַלן סימן נישט (נול-סימן).

אַ פאָרמאַלן סימן פון נאָמינאַטיוו קען מען איינזען אין „זיידע״ (אַקוזאַטיוו-דאַטיוו „זיידן״) א״אַ, און דיאַלעקטיש אין „שרה״ (אַקוזאַטיוו-דאַטיוו „שרהן״) אדג״ל.

440. דער גרעסטער טייל סובסטאַנטיוון האָט נישט קיין פאָרמאַלן סימן פאַר אַקוזאַטיוו און דאַטיוו: „ס׳שטייט אַ טיש, כ׳זע אַ טיש, כ׳רעד וועגן אַ טיש״. אמת, אין „ס׳שטייט דער טיש, כ׳זע דעם טיש״ קען אויסווייזן, אַז ס׳איז פאַראַן אַ סימן פון בויגפאַל — „דער, דעם״; אָבער דער סימן געהערט נישט צום סובסטאַנטיוו, נאָר צום אַדיעקטיוו (הילף-אַדיעקטיוו, אַרטיקל) „דער״, וועלכער האָט, ווי אַנדערע אַדיעקטיוון, אַ בויגפאַל-פאָרמע.

אַזעלכע סובסטאַנטיוון, ווי „טיש״, קען מען רופן נישט-דעקלינירלעכע.

441. **דעקלינירלעך** (ד.ה. מיט ספּעציעלע סימנים פאַר אַקוזאַטיוו און דאַטיוו) זענען די דאָזיקע גרופּעס סובסטאַנטיוון:

1) **פּערזאָן־נעמען.** זיי באַקומען אין אַקוזאַטיוו און דאַטיוו (ביידע בויגפאַלן זענען ענלעך) —ן, וועלכער ווערט פאַרביטן אויף —ען לויט אַן אַלגעמיינעם כּלל (907). ביישפּילן: איציקן, אברהמען, אברהמלען, שטיינבערגן, גאָלדמאַנען, רחלען, מאַשען.

ווען מע דעקלינירט אַ כּלל-נאָמען (נישט קיין פּערזאָן-נאָמען), גיט מען אים דערמיט צו דעם כאַראַקטער פון אַ פּערזאָן-נאָמען. ס׳איז אַ סטיליסטישער מיטל צו פּערזאָניפיצירונג, וואָס ווערט אָפט אָנגעווענדט אין קינדער-מעשיות: „פאַרטרייבן פרוי מויזיכען״ (רעזניק).

ווען פאַרן פּערזאָן־נאָמען שטייט „חבר, דאָקטאָר, מיסטער, גענע־ראַל" אדג"ל, ווערט דער פּערזאָן־נאָמען אָפט נישט דעקלינירט: כ'זע חבר ברעגמאַן (—ען), כ'גיי צו מיסטער שוואַרץ (—ן) (565).

442. 2) די ווערטער: דער זיידע, דער טאַטע, דער ייד, דער מענטש, דער רבי, באַקומען —ן (אָפּוואַרפנדיק אין „זיידע, טאַטע" דעם —ע). זיי קומען אָבער פאָר אויך אַלס נישט דעקלינירלע־כע: „זיי רופן אין ציון דעם ייד" (אַנ—סקי), „קום היינט ביינאַכט צו גיין מיטן טאַטע" (אָפּ.).

„די באָבע (באַבע), די מאַמע, די מומע" באַקומען אין דאַטיוו —ן, אין אַקוזאַטיוו—אָן אַ סופיקס.

ס'קומען פאָר דעקלינירלעכע סובסטאַנטיוון אין אייניקע אויסדריקן: אין הארצן (אָבער „מיט הארץ"), ביי לייטן.

443. 3) אייניקע סובסטאַנטיוון־פּראָנאָמען ווערן דעקלינירט:

| | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| נאָמ. | איך | דו | ער | זי | עס | מיר | איר |
| אַקוז. | מיך | דיך | אים (עם) | זי | עס | אונז | אייך |
| דאַט. | מיר | דיר | אים (עם) | איר | אים (עם) | אונז | אייך |

| | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| נאָמ. | ווער | אַלץ | אַלע | ביידע | עמעצער | קיינער | דאָס |
| אַקוז. | ווע מען | אַלץ | אַלע (־מען) | ביידע (ביידן) | עמעצן | קיינעם | דאָס |
| דאַט. | ווע מען | אַלץ (אַלעם) | אַלעמען | ביידע (ביידן) | עמעצן | קיינעם | דאָס (דעם) |

„אַביווער, אַביוואָס",—ווי „ווער, וואָס".

כ'רעד וועגן דאָס (=וועגן דעם); כ'רעד וועגן דאָס אלץ (אָפּטער, דאַכט זיך, ווי „וועגן דעם אלעמ(ען)" אָדער „וועגן דעם אלץ"); גיי איך ארויס אין שטאל צום פערד, דאָס געבן עסן (ש"ע).

444. דעפּעקטיווע פּראָנאָמען (האָבן נישט אַלע בויגפאַלן): מע—בלויז נאָמינאַטיוו, זיך—בלויז אַקוזאַטיוו און דאַטיוו.

„זיך" אַלס אַקוזאַטיוו אָדער דאַטיוו שיידט זיך אונטער פון „זיך" אַלס צוגאָב צו אַ ווערב דערמיט, וואָס ס'ווערט אַרויסגערעדט „זיך" (דיאַלעקטיש זעך) און אַקצענטירט, בעת „זיך" אַלס צוגאָב צו אַ ווערב ווערט אַרויסגערעדט „זעך" אָדער „זאַך" און נישט אַקצענטירט.

445. אייניקע פּראָנאָמען ווערן נישט דעקלינירט, פּונקט ווי

געוויינלעכע סובסטאַנטיוון: וואָס, יענץ, גאָרנישט, עפּעס, אירע (3 אירע=3 פּאַרשוין). „איך, ער, זי", אלס נישט-פּראָנאָמען, ווערן נישט דעקלינירט (בּיים „ער"=בּיים זכר).

446. אַ סובסטאַנטיווירטער אַדיעקטיוו פון דריטן מין מיטן באַשטימיקן אַרטיקל (דאָס גוטע) ווערט נישט דעקלינירט, צ.ב.: פירט ער אונטער דעם סך-הכּל פון דאָס אָפּגעטונענע („פּעד. ביול."); איינס אַקעגן דאָס אַנדערע (אַבּר.); אויסנאַמען — אייניקע אַלטגעזעסענע אויסדריקן: „צום גוטן, צום בייזן". אָבער אָן אַרטיקל ווערן זיי אָפּט דעקלינירט: אויף ווייכן, אויף אַלעם גרייטן, די גריקע האָט געבליט אין ווייסן (אָפּ.) (499).

447. מיר זעען, אַז די איינציקע סובסטאַנטיוון, וואָס שיידן אונטער דעם נאָמינאַטיוו, דאַטיוו און אַקוזאַטיוו, זענען „איך, דו". זענען זיי די איינציקע קריטעריען, אונטערצושיידן לויט אַנאַלאָגיע די בויגפאַלן פון אַ סובסטאַנטיוו (468), ד.ה. מע קען דערקענען, וואָס פאַר אַ בויגפאַל האָט אַ סובסטאַנטיוו אין אַ געגעבענעם טעקסט, ווען מע פּרוּווט אים פאַרבייטן אויפן געהעריקן בויגפאַל פון „איך" אָדער „דו". ביישפּ.: „איך זע אַ טיש", וואָס פאַר אַ בויגפאַל איז „טיש"? — „איך זע דיך", נישט „דו" אָדער „דיר", אַלזאָ — אַקוזאַטיוו.

448. אין געוויסע ליטווישע רעדענישן איז נישטאָ קיין אונטערשייד צווישן דאַטיוו און אַקוזאַטיוו. דאָרטן איז פאַראַן נאָר איין אָביעקטבויגפאַל. אויב אין שול זענען ליטווישע קינדער, מוז מען זיי דעם אונטערשייד פון דאַטיוו און אַקוזאַטיוו לערנען דאָגמאַטיש (אָדער דורך נאָכמערקונג, אָבער נישט איבער זייער אייגענער שפּראַך. נאָר איבער דער שפּראַך פון בוך, וואָס ס'איז שוין כמעט דאָס אייגנס, וואָס דאָגמאַטיש). מע מוז זיי אָנווייזן, אַז אין געוויסע פאַלן, ווו זיי זאָגן „מיר, דיר, איר, דער שוועסטער, דער ווייסער וואַנט" אאַז"וו, זאָגט מען ליטעראַריש „מיך, דיך, זי, די שוועסטער, די ווייסע וואַנט" אאַז"וו, און אויסלערנען זיי דערקענען אָט די פאַלן.

449. אפשר זאָל מען איינזען אין דער פאַרשווינדונג פון אקוזאטיוו א פּראָגרעסיווע טענדענץ און מיטהעלפן איר? איך מיין, אז ניין. נישט יעדע פאַרשווינדונג פון פאָרמעס איז פּראָגרעסיוו. דאָס, וואָס דער ליטווישער דיאַלעקט האָט נישט קיין נייטראַלן מין, שטעלט אים העכער ווי אַנדערע דיאַלעקטן, ווייל דער מין פילט נישט אויס קיין נוציקע ראָליע אין דער שפּראַך. דאָס אָבער, וואָס דער ליטווישער דיאַלעקט האָט

נישט קיין אקוזאטיוו, איז א חיסרון אין פארגלייך מיט אנדערע דיאלעקטן: עס נעמט אָפּ די מעגלעכקייט פון געוויסע פיינהייטן, וואָס זענען מעגלעך אין דער ליטעראַרישער שפּראַך מיט איר אקוזאטיוו. אפילו אין א שול פון גאָלע ליטווישע קינדער דאַרף מען לערנען זיי באַנוצן דעם אקוזאטיוו (נישט נאָר פאַרשטיין אים–דאָס איז דאָך פּשוט נויטיק, כּדי צו לייענען ייִדיש).

450. די באַהעפטונג פון אַ סובסטאַנטיוו-בויגפאַל צו אַ סינטאַגמע הייסט באַהערשונג. אין „כ׳זע אַ מענטשן" באַהערשט דער ווערב „כ׳זע" דעם אַקוזאַטיוו „אַ מענטשן".

451. אַקוזאַטיוו ווערט, אַחוץ זעלטענע פאַלן, באַהערשט נאָר פון אַ ווערב: כ׳זע אַ מענטשן, כ׳האָב געזען אַ מענטשן, זע אַ מענטשן, זען אַ מענטשן, געזען אַ מענטשן, זעענדיק אַ מענטשן. דער פאַקט, וואָס אַלע פאָרמעס, וועלכע מיר האָבן אָפּגעטראָגן צו ווערב, דהיינו פערזאָנוואָרט, אימפּעראַטיוו, אינפיניטיוו, פּאַרטיציפּ, גערונדיום, באַהעפטן צו זיך אַן אַקוזאַטיוו, בעת אַן אַדיעקטיוו, אַדווערב און סובסטאַנטיוו באַהעפטן צו זיך נישט קיין אַקוזאַטיוו,—איז טאַקע איינער פון די גרונטן צו פאַראייניקן אָט די קלאַסן אין איין גרופּע ווערב.

452. ווילכטיק צו נעמען אין אַכט, אַז אַ סובסטאַנטיוו קומט קיינמאָל נישט מיט קיין אַקוזאַטיוו: „אויסאַרבעטן לעדער", אָבער „די אויסאַרבעטונג פון לעדער". אַ סובסטאַנטיווירטער אינפיניטיוו אָבער קען האָבן אי אַ ווערבאַלע, אי אַ סובסטאַנטיווישע באַהעפטונג, ד.ה. קען באַהעפטן צו זיך אי אַן אַקוזאַטיוו (דאָס אויסאַרבעטן לעדער), אי אַ דאַטיוו מיט „פון" (דאָס אויסאַרבעטן פון לעדער).

אנאלאָגיש דערמיט קען א סובסטאנטיווירטער אינפיניטיוו פאָדערן הן (ווי א ווערב) אן אדווערב (דאָס זינגען שיין), הן (ווי א סובסטאַנטיוו) אן אדיעקטיוו (דאָס שיינע זינגען). אָט די צווייענדיקייט לאָזט נישט פארדרעכענען דעם סובסטאנטיווירטן אינפיניטיוו פראָסט און פּשוט פאר אַ סובסטאנטיוו.

453. לויטן באַטייט, און אין אַ געוויסער מאָס אויך פאָרמאַל, שיידט מען אונטער שטאַרק באַהערשטן און שוואַך באַהערשטן אַקוזאַטיוו.

454. שטאַרק באַהערשטער אַקוזאַטיוו באַטייט, בכלל, אַן אָביעקט, אויף וועלכן ס׳פאַרשפּרייט זיך („גייט אַריבער") די טווּנג, וואָס איז באַצייכנט אינעם ווערב, אָדער, ווי מ׳ע רופט עס, אַ „נאָענטן אָביעקט"

זען אַ מענטשן (דער אָביעקט פונעם זען איז דער מענטש, ער נעמט אויף אויף זיך די טוונג פון זען, ער ווערט געזען), שרייבן אַ בריוו, לייענען אַ בוך, אַקערן אַ פעלד, אָרגאַניזירן אַ יאַטשייקע, ענדיקן אַ שול, לייזן אַ פראַגע, האַקן האָלץ, אָנהאַקן שפענדלעך, באַזיגן אַ שונא, פאַרמאָגן אַן אינסטרומענט, האָבן געלט, באַטראַכטן אַן ענין.

455. ביי אַ שטאַרק באַהערשטן אַקוזאַטיוו איז (אַחוץ אויסנאַמען) מעגלעך אַ פאַסיווע קאָנסטרוקציע (311), וועלכע איז ביי אַנדערע בויגפאַלן (ווידער אַחוץ אויסנאַמען) נישט מעגלעך. די פאַסיווע קאָנסטרוקציע באַשטייט אין דעם: אָנשטאָט **נאָמינאַטיוו** A + **פערזאָנ־וואָרט+אַקוזאַטיוו** B (דער אַרבעטער פירט אָן דעם פויער), קומט **נאָמינאַטיוו** B + **הילפפערזאָנוואָרט „ווער" + פאַרטיציפ+„פון" + דאַטיוו** A (דער פויער ווערט אָנגעפירט פון דעם אַרבעטער).

456. שוואַך באַהערשטער אַקוזאַטיוו האָט גאַנץ פאַרשידענע באַטייטן: כ'שרייב אַ גאַנצן טאָג (פרגל' כ'שרייב אַ בריוו—שטאַרקער אַקוזאַטיוו), כ'שפיל פידל (פרגל' כ'שפיל אַ ליד—שטאַרקער אַקוזאַטיוו) א"אַ. פאַרוואָס פאַראייניקן מיר די אַלע פאַלן אין איין גרופּע מיט איין נאָמען? ווייל זיי אַלע כאַראַקטעריזירן זיך, ערשטנס, דערמיט, וואָס דער אַקוזאַטיוו איז נישט אַזוי ענג פאַרבונדן מיטן ווערב, ווי אַ שטאַרק באַהערשטער אַקוזאַטיוו: „כ'שרייב היינט אַ גאַנצן טאָג בריוו"—„בריוו" שיינט אונז דאָ צו זיין נייטיקער, נויטווענדיקער, ווי „אַ גאַנצן טאָג": דער שוואַך באַהערשטער אַקוזאַטיוו מאַכט אַן איינדרוק פון צופעליקייט; צווייטנס, דערמיט (און דאָס איז שוין אַ פאָרמאַלער אונטערשייד), וואָס אַ שוואַך באַהערשטער אַקוזאַטיוו דערלאָזט נישט קיין פאַסיווע קאָנסטרוקציע: כ'שרייב אַ בריוו—אַ בריוו ווערט געשריבן פון מיר; כ'שרייב אַ גאַנצן טאָג—נישטאָ: „אַ גאַנצער טאָג ווערט געשריבן פון מיר"; איך חלש אַ טרונק—נישטאָ: „אַ טרונק ווערט געחלשט פון מיר"; איך שפיל פידל—נישטאָ: „פידל ווערט געשפילט פון מיר".

457. אָט זענען עטלעכע קאַטעגאָריעס פון שוואַכן אַקוזאַטיוו:

1) **צייט־משך**. כ'שרייב אַ גאַנצן טאָג; ער האָט געלעבט 60 יאָר.

2) **צייט**. ווינטער אַרבעט ער; זומער איז הייס. „ווינטער, זומער" זענען דאָ נישט קיין אינוואַריאַנטן, וואָרים מע קען דאָ צוגעבן אַן אַדיעקטיוו, און דווקא אין אַקוזאַטיוו: אַ גאַנצן זומער איז הייס, היינטיקן ווינטער אַרבעט ער.

3) **צייט־מאָמענט.** די רעוואָלוציע איז פּאָרגעקומען דעם פינף־און־צוואָנציקסטן אָקטאָבער; ער איז געקומען פּסח (פּרגל׳ היינטיקן פּסח).

4) **ווייטער אָביעקט.** בכלל ווערט דער ווייטער אָביעקט (ד.ה. אָביעקט, וואָס האָט אַ שייכות צו דער טוונג, אָבער נישט אַזאַ נאָענטע) באַצייכנט מיטן דאַטיוו, דאָס רוב נאָך מיט אַ פּרעפּאָזיציע. פאַראַן אָבער פאַלן (אָפטמאָל נעמט זיך עס פון אַ פאַרשפּאָרטער פּרעפּאָזיציע אָדער אַן אַנדער פאַרשפּאָרטן וואָרט), ווען דער ווייטער אָביעקט ווערט אויסגעדריקט דורך אַ שוואַכן אַקוזאַטיוו: חלשן אַ טרונק (פּרגל׳ חלשן נאָך אַ טרונק, אָדער חלשן געבן אַ טרונק), שטאַרבן אַ גלאָז טיי (פּרגל׳ שטאַרבן נאָך אַ גלאָז טיי, שטאַרבן טרינקען אַ גלאָז טיי), שפּילן פידל, קלאַוויר (פּרגל׳ שפּילן אויף אַ פידל), זיך דערשלאָגן עפּעס (פּרגל׳ זיך דערשלאָגן צו עפּעס), אויפשטיין תחיית־המתים (פּרגל׳ אויפשטיין בעת תחיית־המתים), שטיין שמונה־עשרה (פּרגל׳ שטיין זאַוונענדיק שמונה־עשרה), דאָס גוטע ווערט מען באַלד געוויינט (בערגשטיין) (פּרגל׳ צום גוטן).

5) טאַוטאָלאָגישער אַקוזאַטיוו: לעבן אַ לעבן, גיין אַ גאַנג, שלאָפן אַ רויקן שלאָף.

6) פּיקטיוווער אָביעקט: מיך הונגערט.

458. נישט יעדער ווערב „פאָדערט״ אַ שטאַרק באַהערשטן אַקוזאַטיוו. פאַראַן ווערבן, וואָס פאָדערן דעם דאַטיוו (אָן אָדער מיט אַ פּרעפּאָזיציע) (605). כ׳גלויב דיר (נישט „דיך״), כ׳בין דיר מקנא, כ׳גיי אין שטאָט (נישט „כ׳גיי די שטאָט״), כ׳וווין אין מאָסקווע. פאַראַן ווידער ווערבן, וואָס פאָדערן כלל קיין בויגפאַל נישט: איך זע שלעכט (ד.ה. כ׳האָב אַ שלעכטע ראיה), מע קען נישט צושטעלן קיין בויגפאַל: „כ׳זע אים שלעכט״—ס׳וועט זיך ענדערן דער באַטייט פונעם ווערב. ווערבן, וואָס קענען נישט באַהערשן קיין בויגפאַל (אַחוץ אַ שוואַך באַהערשטן אַקוזאַטיוו), רופט מען **שטייעדיקע**; די איבעריקע—**איבערגייעדיקע**, און מע טיילט זיי אויף **אייגנטלעך־איבערגייעדיקע**—וואָס קענען שטאַרק באַהערשן אַן אַקוזאַטיוו, און **נישט־אייגנטלעך־איבערגייעדיקע**—וואָס קענען באַהערשן אַן אַנדער בויגפאַל.

459. פאַראַן ווערבן, וואָס קענען באַהערשן צוויי אַקוזאַטיוון: בעטן (איך בעט דיך אַ טובה), לערנען, קאָסטן.

460. אַקוזאַטיוו ביי נישט-ווערבן (שטענדיק מיטן באַטייט פון אַ שוואַכן אַקוזאַטיוו) קומט פאָר נישט אָפט. עטלעכע קאַטעגאָריעס:

1) מאָסנעמען ביי גרייסנעמען: דריי אַרשין די לענג, דאָ איז „דריי אַרשין" אַן אַקוזאַטיוו (אַ סימן: אַ גאַנצן אַרשין די לענג) ביים סובסטאַנטיוו די לענג.

2) אראָפּ דעם יאָך! — דער אקוזאטיוו פילט זיך פאר א ווערבאלן (באהעפט צו א ווערב), כאָטש קיין ווערב איז דאָ נישטאָ; ס'אסאציירט זיך מיט „ווארפט אראָפּ דעם יאָך" אדג"ל.

3) פּראָווינציאַליזם: נישטאָ מיך, דיך, אים, זי, אברהמען, שרהן א"א.

461. אומאָפּהענגיקער אַקוזאַטיוו קען קומען, ווען ס'איז פאַרשפּאָרט דער ווערב, פון וועלכן ער וואָלט אָפּגעהאָנגען: „ברויט!" = „גיט ברויט!".

462. דאַטיוו קען באַהערשט זיין אי פון אַ ווערב, אי פון אַן אַנדער וואָרט. זייער אָפט האָט ער נאָך ביי זיך אַ פּרעפּאָזיציע. ער באַטייט בכלל אַ „ווייטן אָביעקט", ד.ה. אַן אָביעקט, וואָס האָט אַ שייכות מיט אַ טוונג (אָדער מיט אַ סימן, אַ געגנשטאַנד), אָבער נישט אַזאַ נאָענטע, ווי עס באַצייכנט אַ (שטאַרקער) אַקוזאַטיוו.

463. עטלעכע קאַטעגאָריעס דאַטיוו ביי ווערב:

1) אָפּזאָגן, באָרגן, ברענגען, גורם זיין, גלויבן, געבן, געהערן, דינען, דערלאַנגען, הייסן, העלפן, ווייזן, ווינטשן, זאָגן, חנפענען, טון, טראָגן, לאָזן, לייען, מוחל זיין, נוצן, ענטפערן, פאַרשאַפן, צאָלן, צוזאָגן, שאָדן, שענקען, שיקן א"אַ.

2) גזלענען, גנבענען, נעמען אדג"ל. ער וויל אים צוגזלענען די בריליאַנטן (פר.); אַ צווייטן נעמט עס יאָרן (אָפּ.); ער האָט מיר שוין געננוג ציגן אויפגעגעסן. אָפט קומט אין אַזאַ פאַל „ביי" (צוגזלענען ביי עמעצן).

3) נייען עמעצן אַ קלייד, האַקן עמעצן האָלץ, אדג"ל.

4) מיר בענקט זיך, גייט גוט, גייט שלעכט, גלויבט זיך, דאַכט זיך (אויס), חלומט זיך, טוט באַנג, טוט וויי, עקלט, שיינט, שלאָפט זיך (433).

5) איך גיי מיר אין גאַס = איך גיי זיך אין גאַס; דער שרייבער שרייבט זיך, דער לייענער לייענט זיך; די יאָרן גייען זיך. ביי יעדן ווערב קען קומען דער דאַטיוו „זיך" (אָדער ביים סוביעקט „איך" — „מיר"), וועלכער גיט דעם ניואַנס פון זאָרגלאָזיקייט, צופעליקייט (?).

אהער אפשר אויך: וואָס טראַכטסטו זיך?

6) זייט מיר געזונט!; עפּעס לאַכט זיך מיר היינט צופיל!; דער דאָזיקער דאַטיוו (בלויז „מיר") קען קומען ביי יעדן ווערב און באַטייט, אַן ערך: לויט מיין ווונטש, לויט מיין מיינונג.

מען דאַרף נישט פאַרמישן דעם דאָזיקן דאַטיוו מיטן געוויינלעכן, פּרגל': עפּעס שווייגט ער מיר היינט אַ גאַנצן טאָג—כ'האָב מורא, ער וועט עס מיר נישט שווייגן.

464. דאַטיוו ביי אַ סובסטאַנטיוו.

1) סובסטאַנטיוו, געבילדעט פון אַ ווערב, וואָס פאָדערט אַ דאַטיוו: אַ גרויסן דאַנק דיר, הילף דעם אַרבעטער.

2) ביי פאַרשפּאָרטן ווערב, וועלכער וואָלט געפאָדערט אַ דאַטיוו: הנחות דעם פויער (פּרגל' מאַכן הנחות דעם פויער), אַ דירעקטיוו דער יאַטשייקע (פּרגל' געבן אַ דירעקטיוו דער יאַטשייקע), אַ גרוס דיר פון א א (פּרגל' דיר איז געשיקט אַ גרוס פון א א).

דערפון אַ הייטערדיקע אַנטוויקלונג: גיין אויף הנחות דעם פויער־טום—„גיין" פאָדערט נישט קיין דאַטיוו, דער דאַטיוו „דעם פויערטום" איז אָפּהענגיק נישט פון „גיין", נאָר פון „הנחות"

3) אַ גוט יום־טוב דיר, אדג"ל.

465. „מען דאַרף זיינער פּטור ווערן" (ש"ע), „ווי אזוי ווערט מען אייערער פּטור?" (ראַוויניצקי). „פּטור ווערן" קומט פאָר מיטן אַמאָליקן בויגפאַל געניטיוו: מיינער, דיינער, זיינער, אירער, אונזערער, אייער. די קאָנסטרוקציע דאַרף מען האַלטן פאַר אַן אָפּשטאַרבנדיקער, אָפּטער קומט „פּטור ווערן" מיטן אַקוזאַטיוו: מע וועט אונז שוין פון דאַנען פּטור ווערן (ש"ע) אָדער מיט „פון": ווי ווערט מען פון אים פּטור?

466. ווי דערקענט מען אַ בויגפאַל פון אַ געגעבענעם סובסטאַנטיוו? פאַראַן עטלעכע מיטלען, און אָנווענדן דאַרף מען אַמאָל דעם, אַמאָל יענעם, וואָרים קיין איינער פון זיי איז נישט גילטיק פאַר אַלע פאַלן.

די מיטלען קען מען איינטיילן אויף צוויי גרופּעס:

A. דערקענען דעם בויגפאַל דורכן געגעבענעם טעקסט גופא.

B. דערקענען אים, פאַרבייטנדיק איין וואָרט אויף אַן אַנדערס.

467. פון טעקסט גופא קען מען דערקענען, אַשטייגער, די פאָר־מעס „איך, מיך, מיר, דו, דיך, דיר", אַ נאָמינאַטיוו פון אַ דעקלינירלעכ

סובסטאַנטיוו פון ערשטן מין (זיידע, יצחק). ווייטער — לויט דער סינ-טאַקסישער פונקציע קען מען דערקענען אַ נאָמינאַטיוו, אַן אַקוזאַטיוו, אַ דאַטיוו; לויטן באַשטימיקן אַרטיקל אָדער אַן אַנדער אַדיעקטיוו קען מען אַמאָל אויך דערקענען די פאָרמע; די אָנוועזנהייט פון אַ פּרעפּאָ-זיציע זאָגט עדות אויף אַ דאַטיוו (605), אַמאָל דאַרף מען אָנקומען צו אַ ווייטער מיטשטימונג—אַדיעקטיוו ביי אַן אַפּאָזיציע (555) אדג״ל.

468. דערקענען דעם בויגפאַל דורך פאַרבייט. מע פאַרבייט דעם סובסטאַנטיוו אויפן אַנטשפּרעכיקן בויגפאַל פון „איך״ אָדער „דו״, אָדער מע פאַרבייט אַ סובסטאַנטיוו פון ערשטן מין אויפן צווייטן און פאַרקערט, אָדער פון מערצאָל אויף איינצאָל, אדג״ל.

אַהער געהערט אויך דער פאַרבייט פונעם סובסטאַנטיוו אויפן פרעגוואָרט „ווער?״ אָדער „וואָס?״ (פּראַגע-מעטאָד), אָבער דווקא דער מיטל איז (אין יידיש) דער ערגסטער, ווייל „ווער״ און „וואָס״ שיידן נישט אונטער אַלע בויגפאַלן.

469, ביישפּ.: און פון יענעם טאָג איז שוין אַ צייט געהאַט אַוועקגעגאַן און איך בין נאָך אַלץ אין וואַלד געגאַנגען, פון אָרט צו אָרט, פון וואַלד אין ווייטערן, קיין טעג און וואָכן נישט געציילט, השבון פון חדשים פאַרלוירן, וואַלד-אויס און וואַלד-איין, אַלץ מער און מער, און צו וואַלד נאָך קיין עק (נס.). „טאָג״—דאַטיוו: 1) ווייל מיט אַ פּרעפּאָזיציע („פון״); 2) די פאָרמע „יענעם״ ווייזט אויף אַ דאַטיוו אָדער אַקוזאַטיוו, און ווען אָנשט. „טאָג״ וואָלט געווען אַ וואָרט פון צווייטן מין, צ.ב. „נאַכט״, וואָלט געווען: „פון יענער נאַכט״, „יענער״ביים צווייטן מין איז דאַטיוו—איז דאָ דאַטיוו. „אַ צייט״—נאָמינאַטיוו: 1) ווייל סוביעקט; 2) ווען אָנשט. „צייט״ וואָלט געווען „איך״ אָדער „דו״, וואָלט דער זאַץ געבויט געווען: „און פון יענעם טאָג בין איך (נישט ,מיך, מיר׳) אָדער ,ביסטו׳ געהאַט צוועקגעגאַן״. „איך -- נאָמינאַטיוו, מע זעט נאָך דער פאָרמע. „וואַלד״ — דאַטיוו: פּרעפּאָזיציע (אין); מע זאָל צוגעבן אַן אַדיעקטיוו, וואָלט געווען „אין ווילדן וואַלד״, און פאַרבייטנדיק אויף אַ וואָרט פון צווייטן מין, וואָלט געווען „אין דער גרויסער שטאָט״, בכן איז עס—דאַטיוו. „אָרט, וואַלד״—דאַטיוון: פּרע-פּאָזיציעס („פון, צו, פון״). „טעג״—אַקוזאַטיוו: 1) דער ווערב „ציילן״ פאָדערט דעם אַקוזאַטיוו; 2) ווען ס׳זאָל זיין אַ וואָרט אין איינצאָל און מיטן באַשטימיקן אַרטיקל, וואָלט געווען: „דעם טאָג נישט געציילט״, און מיט אַ וואָרט פון צווייטן מין: „די נאַכט נישט געציילט״, אויב

ערשטער מין איז „דעם״ און צווייטער מין „די״, איז עס אַקוזאַטיוו. „וואָכן״—דאָס אייגענע. „חשבון״—אַקוזאַטיוו: 1) דער ווערב „פאַרלירן״ פאָדערט דעם אַקוזאַטיוו; 2) „דעם חשבון פאַרלוירן—די רעכנונג פאַרלוירן״—„דעם-די״ איז אַקוזאַטיוו. „חדשים״—דאַטיוו (פרגל׳ אויבן) אאַז״וו.

וואלד (-אויס)—דאָ קען מען דעם בויגפאַל בשום אופן נישט באַשטימען: קיין בויגפאַל-פאָרמע נישטאָ, קיין אדיעקטיוו צושטעלן קען מען נישט (נישטאָ „דעם וואלד-אויס״), פארבייטן אויף איך קען מען נישט (נישטאָ „מיך-אויס״, אָבער „מיר-אויס״); וואָס-זשע איז דערפון געדרונגען?—אז ס׳איז גאָר נישט קיין סובסטאנטיוו — „וואלד-אויס״ איז איין וואָרט, אן אינוואריאנט (388).

470. נאָך ביישפילן: נאָר זיין פאָטער, דוד דעם שניידער, האָט זיך געגלוסט דווקא, אז זיין זון זאָל זיין א דאָקטאָר (ש״ע). ווען מיר הערן (אָדער לייענען) די פראַזע, מיינען מיר פון אָנהויב, אז „זיין פאָטער״ איז א נאָמינאטיוו (ווייל מיר זענען געוווינט, אז דער נאָמינאטיוו קומט אין אָנהויב פראַזע); די אפּאָזיציע—דוד ווערט נאָך אויך אויפגענומען אלס נאָמינאטיוו; קומט אָבער „דעם שניידער״ און צווינגט אונז איבערבויען דעם אויפנעם פון די פריערדיקע ווערטער: ס׳איז גאָר א דאַטיוו אָדער אקוזאטיוו; און ווען ס׳קומט „האָט זיך געגלוסט״ ציינגן מיר זיך איבער, אז דאָרטן איז געווען א דאטיוו. דער דאטיוו פון „פאָטער״ איז אלזאָ אויסגעדריקט אין „דעם״, וועלכער שטימט מיט „שניידער״, וועלכער שטימט מיט „דוד״, וועלכער שטימט מיט „פאָטער״.

מיר קומט געלט — „געלט״ איז א נאָמינאטיוו צי אן אקוזאטיוו? (קיין דאטיוו ליגט זיך דאָ נישט אויפן שכל). פאראַן: אייך קומט א גרויסן, א ברייטן שלום-עליכם—דערפון איז געדרונגען, אז אויך „געלט״ אין „עס קומט געלט״ איז אן אקוזאטיוו.

ווי דערווייזט מען, אז אין „א פלאש וויין״ שטימט-מיט „וויין״ מיט „פלאש״ אין בויגפאל? ס׳שטייט אַ פלאש הויטער וויין — קויפן א פלאש רויטן וויין (580).

471. **דעפינירן די פאַרשידענע בויגפאַלן קען מען אַזוי:**

**נאָמינאַטיוו** איז די פאָרמע (שטענדיק א נול-פאָרמע) פון סובסטאַנטיוו, וואָס קען, אין געגנזאַץ צו אַנדערע בויגפאַלן, באַהעפטן צו זיך אַ פערזאָנוואָרט.

**אַקוזאַטיוו** איז די בויגפאַל-פאָרמע „מיך, דיך״, און יעדערע, וואָס איז אַנאַלאָגיש מיט זיי (לויט דער ראָליע אין באַהעפט).

**דאַטיוו** איז די בויגפאַל-פאָרמע „מיר, דיר" און יעדערע, וואָס איז אַנאַלאָגיש מיט זיי (לויט דער ראָליע אין באַהעפט).

אַנדערש: **דאַטיוו** איז דער בויגפאַל, וואָס קען האָבן ביי זיך אַ פּרעפּאָזיציע (אַחוץ די פאַלן פון § 610).

## 3. פּאָסעסיוו

472. פון אַ סובסטאַנטיוו קען מען אָפטמאָל בילדן אַ פאָרמע מיטן סופיקס —ס (אָדער ענלעכע), וואָס באַטייט אָנגעהעריקייט: אַן אַרבעטערס פאַרדינסט=דער פאַרדינסט פון אַן אַרבעטער. די פאָרמע הייסט **פּאָסעסיוו**.

473. ווען אַ פּאָסעסיוו באַהעפט צו זיך אַן אַדיעקטיוו, באַקומט דער אַדיעקטיוו די דאַטיוו-פאָרמע: דעם נייעם שכנס קינדער, דער קלוגער פרויס ענטפער.

דאָס איז אַ פאָרמאַלער מאָטיוו נישט צו האַלטן פּאָסעסיוו פאַר קיין „בויגפאַל" פון סובסטאַנטיוו (68). פאַראַן נאָך אַנדערע באַזונדערהייטן ביים פּאָסעסיוו, וועלכע שיידן אים אָפּ פון די בויגפאַלן אַקוזאַטיוו און דאַטיוו.

474. ביישפּ. פון פּאָסעסיוון: דעם חברס אַ בוך, די חברימס מעלדונגען, די יינגלעכס שטיפערייען, דעם ווייבס טענות, טוביהס מעשה. די צווייענס געשעפט, די פאַרשוינענס פנימער (בערג.), יענעמס אור-אור-אייניקלעך (שטיף). אַסך סובסטאַנטיוון בילדן נישט קיין פּאָסעסיוו (באַנוצנדיק אָנשטאָט אים דעם דאַטיוו מיטן וואָרט „פון"), באַזונדערס נעמען פון נישט-לעבעדיקע וועזנס און באַזונדערס מערצאָלן מיט אַנ-דערע סופיקסן ווי —ים, —עך, —ער: די פיסלעך פון טיש (אָפטער ווי „דעם טישס פיסלעך"), די טעטיקייט פון די ענציקלאָפּעדיסטן, נישט „די ענציקלאָפּעדיסטנס טעטיקייט", אָבער „די משכּילימס טעטי-קייט" לאָזט זיך גרינג זאָגן. „די ביימערס גערויש" לאָזט זיך גיכער זאָגן, ווי „די בלומענס ריח" (דער ריח פון די בלומען), „דער אָנהויב פון דעם" (מע קען נישט בילדן קיין פּאָסעסיוו פון „דאָס"), דער סוף פון אַלץ" (נישטאָ קיין פּאָסעסיוו פון „אַלץ").

475. ס'קומט אויס אמאָל צו לייענען (אין דער גראַמאַטישער לי-טעראַטור), אַז דער פּאָסעסיוו (גענעטיוו) בילדט זיך אין יידיש דורך דער פּרעפּאָזיציע „פון". ס'איז נישט ריכטיק פאָרמולירט. „פון" קומט מיטן

דאַטיוו. נאָר „פון"+דאַטיוו האָט צחישן אַנדערע באַטייטן אויך דעם באַטייט פון דעם רוסישן, דייטשישן א"אַ גענעטיוו (633).

476. די ווערטער „איך, דו, ער, זי, עס, מיר, איר, זיי" בילדן נישט קיין פּאָסעסיוו און פאַרבייטן אים נישט אויפן דאַטיוו מיט „פון", נאָר באַנוצן אָנשטאָט אים די ווערטער „מיין, דיין, זיין, איר, אונזער, אייער, זייער" אָדער „מיינער, דיינער" אאַז"וו.

„מיין, דיין..." זענען אמאָליקע גענעטיוון און זענען פארבליבן אין דער פונקציע אין די פאַרשטיינערטע אויסדריקן (אינוואַריאַנטן): פון מיי-נ(ע)טוועגן, פון דיינ(ע)טוועגן... געבויט אַנאַלאָגיש מיט „פון די קינדערס וועגן" (465).

477. באַזונדערהייטן אין פּאָסעסיוו-בילדונג:

1) אייניקע סובסטאַנטיוון האָבן אין פּאָסעסיוו—נס: דעם האַרצנס, זיידנס, טאַטנס, יידנס, מענטשנס, רבינס (442).

2) ווער—וועמעס, ווועמענס; עמעצער—עמעצנס; קיינער—קיינעמס.

3) ווען אַ סובסטאַנטיוו לאָזט זיך אויס מיט ז, טש, ס, צ, ש, און האָט דעם אַקצענט נישט אויפן לעצטן טראַף, קומט אין פּאָסעסיוו —עס: אַבראַמאָוויטשעס, בועזעס, דעם פריצעס, פּרצעס (914).

ס'קומט פאָר אויך ביים אַקצענט אויפן לעצטן טראַף: צונצעס, מארקסעס, און אדרבה: „רב גדליה הורוויצס בת-יחידה" נישט „הורוויצעס" (בערג.). פאַראַן אַ פאָרמע „פּרצנס" אדג"ל (ש. בירנבוים).

478. אַ סובסטאַנטיווירטער אַדיעקטיוו בילדט אַ פּאָסעסיוו מיט די סופיקסן —נס (ערשטער און דריטער מין), —ערס (צווייטער מין). אָנשטאָט —נס קומט —עמס אין די זעלביקע פאַלן, ווען אָנשטאָט —ן קומט —עם (495).

ביישפ.: דעם רייכנס פאַרמעגן, דער אַלטערס רייד, דער געשטאָר-בענערס קינדער. (צי קומט פאָר אַ מערצאָל—„די קלוגעס רייד"?)

479. אַ פּאָסעסיוו, אויך די ווערטער „מיין, דיין, זיין, איר, אונזער, אייער, זייער" פאַרשפאָרן דעם באַשטימיקן אַרטיקל ביים סובסטאַנטיוו, וואָס זיי שטייען פאַר אים: דעם שכנס קעלבל (=דאָס קעלבל דעם שכנס); מיין ברודער (=דער ברודער מיינער); אָבער: דעם שכנס אַ קעלבל, מיינער אַ ברודער.

נישט פלאָנטערן די אַרטיקלען פון ביידע סובסטאַנטיוון:

| | אַ קעלבל | דאָס קעלבל |
|---|---|---|
| אַ שכנס | אַ שכנס אַ קעלבל | אַ שכנס קעלבל |
| דעם שכנס | דעם שכנס אַ קעלבל | דעם שכנס קעלבל |

480. אין מערצאָל באַקומט זיך אַ צווייִדייטיקייט:

| | | |
|---|---|---|
| דעם שכנס קעלבל<br>דעם שכנס אַ קעלבל | דעם שכנס<br>קעלבלעך | (=די קעלבלעך דעם שכנס<br>=קעלבלעך דעם שכנס) |
| מיין ברודער<br>מיינער אַ ברודער | מיינע ברידער | (=די ברידער מיינע<br>=ברידער מיינע) |

481. „אַ המנס מפּלה" איז נישט „המנס אַ מפּלה"; דאָ איז ביי־ מפּלה פאַרשפאָרט דער באַשטימיקער אַרטיקל און „אַ" קומט אַלס אַר־ טיקל צום גאַנצן באַהעפט „המנס מפּלה"; אַזוי אויך: אַ גאָטס רחמנות, אַ גאָטס געבאָט (207).

482. די „אָנגעהעריקייט", וואָס ס׳באַטייט דער פּאָסעסיוו אָדער די ווערטער „מיינ(ער), דיינ(ער)" אאַז"וו, קען זיין פאַרשידנאַרטיק:

1) יורידישע אָנגעהעריקייט אַלס אייגנטום: ברעגמאַנס הויז; מיי־ נע ביכער.

2) שייכות פון אַ טייל צו אַ גאַנצן: דעם מענטשנס קערפּער.

3) „בנוגע צו": משהס אַ ברודער = אַ ברודער בנוגע צו משהן, דעם אַרבעטערס אַ פריינט=אַ פריינט בנוגע דעם אַרבעטער, מיינער אַ חבר=מיר אַ חבר.

4) אַרויסברענגער: פּרצעס ווערק = ווערק, געשריבן פון פּרצן; דעם רעדנערס מיינונג.

5) שייכות פון אייגנשאַפט צו איר באַזיצער: דעם מענטשנס קלוגשאַפט.

6) אָנרוף פון אַ פּערזאָן אויף אַ קרובס נאָמען: מאָטל דעם חזנס·

7) שייכות פון אַ גאַנצן צו אַ טייל: אונזער לאַנד (=דאָס לאַנד אין וועלכן מיר זענען בירגער), מיין יאַטשייקע (=די יאַטשייקע, אין וועלכער איך בין אַ מיטגליד), מיין קלאַס, מיין שטאָט אאַז"וו.

8) פאַרשידענע אַנדערע שייכות: לענינס נאָמען, וואָלטערס אַדרעס.

483. דער פּאָסעסיוו באַטייט אָנגעהעריקייט צו אַ פּ ע ר ז אָ ן. ווען דער פּאָסעסיוו איז אַ סובסטאַנטיוו, וואָס באַטייט בעצם נישט קיין פּערזאָן, איז די פּאָסעסיוו-פאָרמע גורם צו פּערזאָניפיצירן דעם געגנ-שטאַנד (פאָרשטעלן אים אַלס פּערזאָן). פרגל׳ דער גערויש פון דיביימער—די ביימערס גערויש; אין לעצטן פאַל דערשיינען די ביימער כמעט אַלס „עמעצער" (אָנשטאָט אַלס „עפּעס").

484. מע באַנוצט אַמאָל אָנשטאָט פּאָסעסיוו פון פּערזאָן-נעמען—דעם דאַטיוו מיט „פון": „די ווערק פון שלום-עליכמ(ען)" אָנשט. „שלום-עליכמס ווערק", „די אַרויסטרעטונג פון טראָצקין" אָנשט. „טראָצקיס אַרויסטרעטונג". איך האַלט עס פאַר נישט יידישלעך.

אמת, פון א ווייטערן שטאנדפונקט מוז מען אָנערקענען, אז דער פאַרבייט פון סינטעטישע פאָרמעס אויף אנאליטישע איז בכלל א פראָגרעס אין דער שפראך, אָבער אין דעם פאל, דאכט זיך, האָבן מיר צו טון נישט מיט קיין נאטירלעכער סטאדיע אויפן וועג פון יידיש צו אנאליטישע פאָרמעס, נאָר מיט א נישט בארעכטיקטער ווירקונג פון רוסיש, ד.ה. מיט אן ענדערונג אין דעם שפראך-באנוץ פון יחידים, וואָס גייט נישט פא-ראַלעל מיט דער אַנטשפרעכיקער ענדערונג אינעם שפראך-חוש פון פאָלק.

485. אָפטמאָל קומט פאָר אַ גאַנצע ריי פּאָסעסיוון, באַהעפט איי-נער צום אַנדערן: דעם קרעמערס זונס מעשים; אין טאַטנס טאַטנס טאַטן אַריין; וואָלט געגנוג געווען דער קליאַטשע ביז קינדס קינדס קינדס קינדער (אַבר.).

486. זייער זעלטן אָבער קומט פאָר, א פּאָסעסיוו זאָל באהערשן א בויג-פאל: מיר דארפן נישט נישט אייערן און נישט קיינעמס פון אייערע קאָ-לעגעס טרויער (לייח.). פאָרמאל קען מען צו אזא זאך גאָרנישט האָבן, אָבער ער לייענט זיך שווערלעך (אפשר איבערן ווערטער-סדר).

487. אַ פּאָסעסיוו ווערט בכלל באַהעפט צו אַ סובסטאַנטיוו און ווערט נישט באַהעפט צו קיין ווערב. אין דעם איז ער דער „היפּוך" פון אַקוזאַטיוו. מיר ווייסן אָבער, אַז אַ סובסטאַנטיווירטער אינפיניטיוו „זאָגט זיך נישט אָפּ" נישט פון ווערבאַלע, נישט פון סובסטאַנטיווע באַהעפט-אופנים (452). ערשט ווערט עס נאָכאַמאָל באַשטעטיקט: דער אינפיניטיוו, כאָטש ער איז אַ ווערב, קען באַהעפטן צו זיך אַ פּאָסע-סיוו. נאָך מער: ער קען איינצייטיק באַהעפטן צו זיך פון איין זייט

אַ פּאַסעסיוו, פון דער אַנדערער — אָן אַקוזאַטיוו (טאַקע „פון איין זייט" און „פון דער אַנדערער זייט" ממש): משהס לייענען אַ בוך, עין זינגען לידער.

## 4. אַדיעקטיוו

488. אַן אַדיעקטיוו (אַ באַטייטיקער) באַצייכנט אַ סימן, אָפּגעטראָגן צו אַ זאַך (צוגעשריבן צו אַ זאַך, אַ סימן מיט אַן אָנווייז אויף זיין געהעריקייט צו אַ זאַך).

489. דער טערמין „סימן" איז גאַנץ עלאַסטיש: „אַ שטאַרקער מענטש" — שטאַרק אַליין פאַר זיך, „אַ געאַכטער מענטש" — געאַכט פון אַנדערע; „אַ רויטע בלייפעדער" — וואָס שרייבט רויט אָדער וואָס איז אָפּגעפאַרבט רויט; „אַן ענגלישע צייטונג"—געדרוקט אויף ענגליש אָדער שטעלט פאָר די ענגלישע אָריענטאַציע; „פאַלשע בריליאַנטן" — נישט קיין בריליאַנטן, וואָס זענען פאַלש, נאָר עפּעס, וואָס איז ענלעך צו בריליאַנטן; פּרגל' אַ באַוווסטזיניקער אַרבעטער—אַ באַוווסטזיניקער שריט.

490. „אַ גרויסער טיש" – שיידט אונטער איין טיש פון אַנדערע, נישט אַלע טישן זענען גרויסע. „הייסער שניי" שיידט נישט אונטער דעם שניי פון קיין אַנדער שניי, נאָר מאַכט אויפמערקזאַם אויף איינעם זיינעם אַ סימן (פּאָעטישער עפּיטעט).

491. דער סימן, וואָס ס'דריקט אויס דער אַדיעקטיוו, קען געהערן נישט נאָר צו דער זאַך גופא, נאָר צו איינעם אירן אַ סימן: „אַ גוטער רעדנער" הייסט נישט, אַ רעדנער, וואָס איז גוט (פּרגל' אַ גוטער מענטש), נאָר—אַ רעדנער, וואָס רעדט גוט, אַ רעדנער, וואָס איז גוט אַלס רעדנער, אַ גוט רעדנדיקער; „אַ שווערער חולה"—נישט אַ חולה, וואָס וועגט אַסך, נאָר אַ שווער קראַנקער מענטש; פּרגל' „אַ גרויסער חזיר" – וועגן אַ חזיר און וועגן אַ מענטשן.

492. פאַראַן סוביעקטיווע אַדיעקטיוון, וואָס באַטייטן אייגנטלעך נישט קיין סימן פון דער זאַך, נאָר דעם רעדערס באַציונג צו דער זאַך. „ער פאַרמאָגט אַ גאַנצן מיליאָן!"—„גאַנצן" כאַראַקטעריזירט דאָ נישט דעם מיליאָן (פּרגל' ער טראָגט אַ גאַנצן מלבוש), נאָר דעם רעדערס עמאָציע (=ער פאַרמאָגט אַזש אַ מיליאָן!).

493. בילדן פון אַן אַדיעקטיוו אַלע זיינע צאָל-, מין- און בויגפאַל-פאָרמעס הייסט **דעקלינירן** (בייגן) אים.

די נאָרמאַלע סכעמע פון אַדיעקטיווישער דעקלינאַציע איז אַזאַ:

| | איינצאָל | | | מערצאָל |
|---|---|---|---|---|
| | I מין | II מין | III מין | |
| נאָמ. | —ער | —ע | נול,—ע(ס) | —ע |
| אַקוז. | —ן | —ע | נול,—ע(ס) | —ע |
| דאַט. | —ן | —ער | —(ן) | —ע |

ביישפּילן:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| נאָמ. | אַ שטאַרקער מאַן | אַ שטאַרקע פרוי | אַ שטאַרק(עס) קינד, דאָס שטאַרק(ע) קינד | שטאַרקע מענטשן |
| אַקוז. | אַ שטאַרקן מאַן | אַ שטאַרקע פרוי | אַ שטאַרק(עס) קינד, דאָס שטאַרק(ע) קינד | שטאַרקע מענטשן |
| דאַט. | אַ שטאַרקן מאַן | אַ שטאַרקער פרוי | אַ שטאַרק(ן) קינד, דעם שטאַרקן קינד | שטאַרקע מענטשן |

494. דער נאָמינאַטיוו-אַקוזאַטיוו פון דריטן מין איז אָפּהענגיק פון דער אָנוועזנהייט פון אַרטיקל:

דאָס גוטע קינד (זעלטן: דאָס גוט קינד).

אַ גוט קינד (זעלטן: אַ גוטעס קינד).

גוט קינד (זעלטן: גוטעס קינד).

—ס, נישט —עס, קומט הויפּטזאַכלעך ביי איינטראַפּיקע אַדיעקטיוון און ביי אַדיעקטיוון מיט —יק, —לעך.

495. נאָך יאָט (דיפטאָנג) ווערט דער סופיקס טראַפּיקער נ פאַרביטן אויף —עם: אַ נייעם, שיינעם (907).

אָבער נאָך מ, טראַפּיקן ל, נג, נק, — בלייבט נ: אַ קרומען (אויך קרומען), איידעלן, יונגן, קראַנקן.

ווען די טעמע לאָזט זיך אויס מיט טראַפּיקע ל, נ, קומט אָפּט (אָבער נישט שטענדיק) אַ קאָמפּענסיר-ע' (905): איידל—איידעלער,

איידעלך, באַהאַלטן — באַהאַלטענער, באַהאַלטענע, אָבער זיל־בערן *) — זילבערנער (נישט זילבערענער).

496. אַ באַזונדער דעקלינאַציע (אומרעגלמאָסיק) האָבן די אַדיעק־טיוון דער, אָט־דער, אַלדער (70).

אָנשט. יענ(ע)ס קומט אַמאָל יענץ

497. ס׳מערקט זיך אַ טענדענץ צו פאַראָרימערונג פון דער דעק־לינאַציע פון אַדיעקטיוו, ד. ה. צו פאַרקלענערונג פון דער צאָל פאָ־בעטיש פאַרשידענע פאָרמעס. ס׳לאָזט זיך קאָנסטאַטירן:

498 a). דער דאַטיוו פון צווייטן מין האָט אָפט דעם סופיקס —ע (ענלעך צום נאָמינאַטיוו—אַקוזאַטיוו). ביישפילן:

אָנשטאָט רויקע פאַרטראַכטקייט (אַבר.); מיט אַ נשמה אַ גאַנצע, אַ געזונטע און אַ ריינע (ש״ע); דאָס זשומען פון אַ געפייניקטע פליג (אָפּ.); מיט אַ שרעקלעכע קוויטשעריי און רציחה (רעזניק); נישט גע־לייגט געגוג אַכטונג אויף די יידישע אַרבעט („עמעס”); נאָך פעטליו־רעס גרויסע מפלה („עמעס”).

צי מערקט זיך עס אויך ביים פאָסעסיוו?

499 b). דער דאַטיוו פון דריטן מין האָט אָפט דעם סופיקס פונעם נאָמינאַטיוו־אַקוזאַטיוו (—עס א״אַ) (446). ביישפּ.:

פול אין איטלעכעס ווינקעלע (אַבר.); ער מוז יעדעס מיידל גע־פעלן (אָפּ.); געוועקט, גערופן און געפירט פון דאָס שיינע בילדערישע וואָרט (דאָבר.).

500. די דערשיינונג פון דעקלינאציע־פאראָרימערונג, ווי יעדע פאראָרימערונג אין סינטאקסישע וואָרטפאָרמעס, איז פּראָגרעסיוו. איך האָב אָבער צו ווייניק פאקטישן מאטעריאַל, אַז איך זאָל קענען מאכן א פּראקטישן (שפּראך־פּאָליטישן און מעטאָדישן) אויספיר.

501. ווי שוין געזאָגט, זענען פאַראַן נישט־דעקלינירלעכע אַדיעק־טיוון. אַהער געהערן:

1) רוסלענדער, ווילנער אדג״ל.

2) וואָס פאַרא, סאַרא (סאַרע), קיין (נישט אַקצענטירט, צ.ב. „קיין געסט זענען נישטאָ”).

„וואָס פאַרא” איז צוויי ווערטער: צווישן „וואָס” און „פאַרא”

*) קיין וואָרט „זילבערן” איז נישטאָ, אָבער די טעמע פון „זילבערנער” איז זילבערן.

קען מען אריינשטעלן אנדערע ווערטער („וואָס איז דעם אינדיק פּאר א חילוק"). צווישן „פּאר" און „א"-נישט.

3) צוויי, דריי אאַז"וו.

4) „גאַנץ, האַלב" ביי געאָגראַפישע נעמען און „גרויס" ביי אַבסטראַקטע נעמען אָן אַרטיקל: גאַנץ מאָסקווע רעדט דערפון; ער איז אויסגעוועז גאַנץ אַמעריקע; האַלב כאַרקאָוו; מיט גרויס פרייד; ער האָט גרויס צער; מיט גרויס אינטערעס.

די דערשיינונג, וואָס ליגט אין גרונט פון די אויסדריקן (פּראָווינציאַליזמען?) א גאַנץ זומער, אַן אַנדער זייט א"אַ, האָב איך נאָך נישט דערלערנט.

502. א וואַקלעניש מערקט זיך בנוגע די אַדיעקטיוון פון געאָגראַפישע נעמען מיט –ער: רוסלענדער, מינסקער...; ס'קומט פאָר: אין מינסקן בונדישן קלוב („וועקער"); אגראַנאָמישע סעקציע ביים מינסקן לאַנדווירטשאַפטלעכן קרייזל („וועקער"); דער אָנפירער פון דעם רוסלענדן פּראָלעטאַריאַט (פון רייד) – ד.ה. א טענדענץ צו בילדן דעם דאַטיוו פון ערשטן מין, ווי ביי א דעקלינירלעכן אַדיעקטיוו, מיטן סופיקס –ן.

צי איז די דאָזיקע טענדענץ פון „נייבילדונג לויט אַנאַלאָגיע" פּראָגרעסיוו? פון איין זייט איז די פאַראָרימערונג אין סינטאַקסישע וואָרטפאָרמעס א פּראָגרעסיווע דערשיינונג; פון דער צווייטער זייט איז אָבער נישט ווייניקער פּראָגרעסיוו די אויסגלייכונג פון די פאָרמעס, ד.ה. די פאַרקלענערונג פון דער צאָל אויסנאַמען. אויף חיפּל די דעקלינאַציע פון אַדיעקטיוו האַלט זיך נאָך פעסט (יעדנפאַלס אין ערשטן מין) איז, ווייזט אויס, פּראָגרעסיוו, ווען אויך די נישט דעקלינירלעכע אַדיעקטיוון (וואָס ווערן אין אונזער שפּראַך-חוש אויפגענומען גלייך ווי אַנדערע אַדיעקטיוון) באַקומען א דעקלינאַציע. דער, וואָס זאָגט „מינסקן קלוב", פילט, ווייזט אויס, א נויטווענדיקייט אין א גענוג שטאַרקן סימן פונעם דאַטיוו, וועלכן ער געפינט נישט אין דער ליטעראַרישער פאָרמע „אין מינסקער קלוב".

503. ווייטער איז פאַראַן אַ גרופּע אַדיעקטיוון, פון סלאַווישן געמען, וואָס ווערן אָפטמאָל באַנוצט אומדעקלינירלעך, מיטן סופיקס —ע אין אַלע פאָרמעס. ביישפּ.: אַ שיינער און אַ טשעפּקע-בחורל (ש"ע); אַ מאָדנע מענטש געווען אָט דער אַרנאָלד (ש"ע); דער בידנע אייזנשטאַט (ש"ע); מיט אַ קאָראַווע פּנים (ש"ע); איינמאָל פאַרגלוסט זיך דעם חתן, אַ טשעפּקע-בחורל, אויספּוצן דעם קאָסטיום (ש"ע); עס איז געשמאַקער דעם מבין פיל מער פון יענער פּריקרע זיסקייט (אַבר.).

אין מיין דיאַלעקט ווערן זיי דעקלינירט: אַ מאָדנער מענטש, אַ מאָדנעם מענטשן, וועגן אַ מאָדנער פרוי, מחיה מתים זיין דעם טויטלעכן לאָקאַרנער גייסט („שטערן", כאַרקאָוו). אין מיין דיאַלעקט ווערט נישט דעקלינירט „סאַמע": דער סאַמע גרעסטער, דעם סאַמע גרעסטן, צום סאַמע ברעג, ביי דער סאַמע וואַנט.

504. אייניקע נישט דעקלינירלעכע אַדיעקטיוון באַהעפטן זיך נאָר מיט אַ סובסטאַנטיוו אין איינצאָל (האָבן נישט קיין מערצאָל): קיין שום, אַזאַ.

אהער געהער אויך דער אומבאַשטימיקער אַרטיקל.

אָנשטאָט דער מערצאָל פון „אַזאַ" קומט „אַזעלכע (אַזוינע, אַזעטיקע)".

505. אויך די ווערטער יעדער, יעטווידער האָבן קיין מערצאָל נישט. אין דער איינצאָל ווערן זיי באַנוצט פאַרשידן—דעקלינירלעך (מיט יעדן מענטשן, יעטווידע פרוי), אָדער נישט דעקלינירלעך (מיט יעדער מענטשן, יעטווידער פרוי).

506. „אַזוינער" ווערט דעקלינירט נאָרמאַל, אָבער אין דער איינצאָל קומט ער בלויז נאָכן סובסטאַנטיוו („אַ מענטש אַזוינער", נישט אַ „אַזוינער מענטש"). דאָס אייגענע איז שייך צו „מיינער, דיינער, זיינער, אירער, אונזערער, אייערער, זייערער" (508).

507. „אַל" האָט די דאָזיקע פאָרמעס: אַל (דער, די, דאָס, דעם), אַלעם, אַלע. צ. ב.: אַלדאָס גוטס, צו אַלדי (אַלדע) שוואַרציאָר, אויף אַלעם גרייטן, פון אַלעם גוטן, אַלע מענטשן.

508. „מיין, דיין, זיין, איר, אונזער, אייער, זייער, איין" ענדערן זיך בלויז לויט דער צאָל: פאַר אַלע מינים און בויגפאַלן פון איינצאָל — מיין, דיין..., פאַר דער מערצאָל—מיינע, דיינע... מע דאַרף אָבער אונטערשיידן „מיין" און „מיינער": מיין א"אַ קומען נאָר פאַרן סובסטאַנטיוו (און פאַרשפאָרן דערביי זיין באַשטימיקן אַרטיקל), מיינער א"אַ קומען נאָכן סובסטאַנטיוו אָדער זעלבשטענדיק.

509. בלייבנדיק ביי אונזער דעפיניציע פון אדיעקטיוו, קען מען נישט האלטן „מיין, דיין..." נישט פאר דעקלינירלעכע אדיעקטיוון, נישט פאר נישט דעקלינירלעכע אדיעקטיוון; ס'איז א באזונדער קלאס „האלב-דעקלינירלעכע אדיעקטיוון".

510. אַן אַדיעקטיוו באַהעפט זיך מיט אַ סובסטאַנטיוו. אַ דעקלינירלעכער אַדיעקטיוו שטימט מיט מיטן סובסטאַנטיוו אין צאָל, מין

און בויגפאַל, ד.ה. באַקומט די אָדער יענע צאָל־פּאָרמע, מין־פּאָרמע און בויגפאַל־פּאָרמע לויט דער צאָל־פּאָרמע, מין־אָנגעהעריקייט און סינ־טאַקסישער ראָליע פונעם סובסטאַנטיוו.

אַ נישט־דעקלינירלעכער אַדיעקטיוו באַהעפט זיך מיט אַ סובּ־סטאַנטיוו, פאַרשטייט זיך, אָן קיין שום מיטשטימונג.

511. דיאַלעקטיש (ליטוויש) קומט ביי אַ שטאָפנאָמען דער אַדיעק־טיוו אין מערצאָל: הייסע מילך, ריינע וואַסער, ווייסע פאַפיר. אַהער געהערן: אייזן, ביר, בלוט, ברויט, גאָלד, געלט, וואַסער, וויין, זאַלץ, זילבער, חלב, מעבל, מעל, פאַפיר, פלייש, צוקער, קופער א״אַ.

דערוויַיזן, אַז ס׳איז טאַקע די מערצאָל, נישט דער צווייטער מין, קען מען דורך דאַטיוו: „מיט פרישער ענערגיע״ (צווייטער מין איינצאָל), „מיט פרישע כּוחות״ (מערצאָל), „מיט פרישע (נישט ,פרי־שער׳) מילך״ (אַלזאָ—מערצאָל).

אָבער לגבי אַ פערזאָנוואָרט זענען די שטאָפנעמען—איינצאָלן („די מילך לויפט״, נישט „לויפן״). ליטעראַריש קומט אָפטער פאָר אַ פשוטער באַנוץ, ווען די שטאָפנעמען באַהעפטן צו זיך אַן אַדיעקטיוו אין דער איינצאָל: מיט הייסער מילך, ריין וואַסער, דאָס ריינע וואַסער.

512. די מערצאָל „אַלע״ קומט באַהעפט צו אַן איינצאָל, וואָס באַטייט אַ צייט: אַלע אָוונט (=יעדן אָוונט), וואָך, ווינטער, זומער, חודש, טאָג, יאָר, מאָל, ניי־יאָר, פסח, פרימאָרגן, שעה אאַז״וו. „קריגט מען זיך אָפּ אַלע יאָרן, בעט מען זיך מחילה אַלע יאָר״ (וואָראָ־בייטשיק).

513. ביי דער העפלעכקייט־מערצאָל „איר, זיי״ (177) קומט דער אַדיעק־טיוו אין איינצאָל (און דער ווערב אין מערצאָל): איר זענט אַ קלו־גער; איר, אַזאַ קלוגער, זאָלט אַזוי רעדן?; זיי זענען אַ רייכער.

514. ס׳קומט פאָר מיינס, דיינס, זיינס אאַז״וו אומאָפּהענגיק פונעם מין, צ. ב. ווערט ווערן זיינס אָן אָרגאַנישער פאָרמעגן (נוסינאָוו). אויף צו קוואַליפיצירן די דערשיינונג האָב איך צו ווייניק מאַטעריאַל.

515. אַ סובסטאַנטיווירטער אַדיעקטיוו האָט, פאַרשטייט זיך, אַ מין־פאָרמע. זי איז אָפּהענגיק אָפּטמאָל פונעם מין פון יענעם סובסטאַנ־טיוו, צו וועלכן ס׳וואָלט געקענט באַהעפט זיין דער אַדיעקטיוו, צ. ב.: די ערשטע, וואָס כ׳האָב דאָרטן געטראָפן (די ערשטע פרוי, בירגערין, חברטע אדג״ל); דער בעסטער איז סוף־כּל־סוף גאָלדבערג (=בעסטער מענטש, דאָקטאָר אדג״ל). אַמאָל קומט אַזאַ אַדיעקטיוו אין דריטן מין—

ווען ער האָט אַן אַבסטראַקטן באַטייט, צ. ב. דאָס ערשטע, וואָס כ׳וועל מאָרגן טאָן... (כאָטש: „די ערשטע זאַך, דער ערשטער אויפטו״).

516. אין אַזעלכע קאָנסטרוקציעס, ווי „איינער פון די מענטשן, איינע פון די פרויען, דער בעסטער פון די שרייבערס, די ערשטע פון די באַזוכערינס״ אדג״ל, קען מען אײנזען, פאָרמאַל, אַ מיטשטימונג אין מין צווישן אַדיעקטיוו (סובסטאַנטיווירטן) מיט דער איינצאָל פונעם סובאָרדינירטן סובסטאַנטיוו (געוויינלעך איז, ווען אַ סינטאַגמע שטימט־מיט, איז מיט דער סובאָרדינירירקער, נישט מיט דער סובאָרדינירטער סינטאַגמע).

517. ווען מיר ווילן אַנאַליזירן דעם באַהעפט: „כ׳האַלט זי פאַר אַ שיינער״, שטויסן מיר זיך אָן אויף אַזאַ שווערקייט: „פאַר אַ שיינער״ שטימט מיט „זי״ אין מין און צאָל (פרגל׳: כ׳האַלט אים פאַר אַ שיינעם, כ׳האַלט זיי פאַר שיינע), אָבער נישט אין בויגפאַל („זי״ — אַקוזאַטיוו, „שיינער״—דאַטיוו). אין בויגפאַל איז „פאַר אַ שיינער״ אָפּהענגיק בלי־ספק פון „כ׳האַלט״ (דורך דער פרעפּאָזיציע פאַר). קומט אויס, אַז „פאַר אַ שיינער״ איז אָפּהענגיק איינצייטיק פון צוויי סינטאַגמעס. אַזאַ דערשיינונג קען מען רופן טאָפּעלע ציונג.

518. אַביסל ווייניקער קלאָר איז די טאָפּעלע ציונג אין אַזאַ פראַזע: כ׳טרעף דעם חבר אַ קראַנקן. ס׳וואָלט זיך געקענט דוכטן, אַז „אַ קראַנקן״ שטימט מיט „דעם חבר״ נישט נאָר אין מין און צאָל, נאָר אויך אין בויגפאַל (אַקוזאַטיוו—אַקוזאַטיוו). אָבער דער אַקוזאַטיוו פון „אַ קראַנקן״ קען דאָך זיין אָפּהענגיק פון „כ׳טרעף״ (ווי דער דאַטיוו „פאַר אַ שיינער״—פון „כ׳האַלט״). מוזן מיר זיך ווענדן צו אַנאַלאָגיע. אויף וויפל די באַציונג פון „אַ קראַנקן״ און „דעם חבר״ איז דאָ אַנאַלאָגיש מיט דער באַציונג פון „אַ שיינער״ און „זי״ אין פריערדיקן ביישפּיל, אויף וויפל, ווייטער, דער באַהעפט „כ׳טרעף דעם חבר אַ קראַנקן״ איז געבויט גאָר אַנדערש ווי „כ׳טרעף דעם קראַנקן חבר״ (וווּ „קראַנקן״ ציט זיך טאַקע בלויז צו „חבר״), אויף אַזוי פיל מעגן מיר אָננעמען, אַז אין „כ׳טרעף דעם חבר אַ קראַנקן״ האָט „אַ קראַנקן״ אַ טאָפּעלע ציונג.

519. מע קען דאָ טאַקע פעסטשטעלן אַ כלל, אַז אַן אַדיעקטיוו מיט טאָפּעלער ציונג האָט דעם אומבאַשטימיקן אַרטיקל (אין מערצאָל— גאָרנישט), אומאָפּהענגיק פונעם אַרטיקל ביים סובסטאַנטיוו.

520. ביישפּילן פון טאָפּעלער ציונג: אַריינטראָגן זאָל מען דיר אַ קראַנקן! אַרויסטראָגן זאָל מען דיר אַ טויטן! (ש״ע). אַן אַדיעקטיוו

מיט טאָפּעלער ציונג דאַרף נישט שטיין דווקא נאָכן סובסטאַנטיוו: „אַ קראַנקן טרעף איך אים“ (מיט אַקצענט אויף „קראַנקן“); אַזעלכן ווי דו ביסט היינט, דערקען איך דיך נישט.

521. אַן אדיעקטיוו מיט טאָפּעלער ציונג קען זיין אין נאָמינאַטיוו: אַ גערירטער ביז צו טרערן, האָט זיך מרדכי אַוועקגעדרייט פון עולם (אָפּ.), דאָס ווייבל, אַ פאַרווײנטע, קלאָגט זיך פאַר ווערען (אָפּ.). אַזאַ פראַזע: זיצן אַלע גליקלעכע אין די ערשטע רייען (גענומען פון אַן אויפזאַץ) איז צווייטייטיק (אויב איגנאָרירן די אינטאָנאַציע): דער סוביעקט קען זיין „גליקלעכע“ און „אַלע“ זאָל זיך ציען צו אים אַלס אדיעקטיוו (אַלע, וואָס זענען גליקלעך, זיצן...), אָדער (ווי ס׳האָט געמיינט דער אויטאָר פונעם אויפזאַץ) דער סוביעקט איז „אַלע“, און „גליקלעכע“ איז אַן אדיעקטיוו אין נאָמינאַטיוו מיט אַ טאָפּעלער ציונג (אַלע זיצן, זייענדיק גליקלעך...). (אין אַזאַ פאַל דאַרף „גליקלעכע“ אויסגעטיילט ווערן אין דער שריפט מיט קאָמעס.)

522. פאַראַן זעלטענע פאַלן, ווען אַן אַדיעקטיוו (אַ נישט-דעקלינירלעכער) איז באַהעפט נישט צו קיין סובסטאַנטיוו, נאָר צו אַן אַדיעקטיוו: אַזאַ גוטער מענטש (דער אוממיטלבאַרער שפּראַך-חוש זאָגט אונז, אַז „אַזאַ“ איז באַהעפט נישט צו „מענטש“, נאָר צו „גוטער“), „אַזעלכע (אַזוינע, אַזעטיקע) גוטע מענטשן, דער סאַמע בעסטער מענטש“. אַהער געהער אויך אַדיעקטיוו ביי צאָל-נאָמען: גאַנצע צען רובל, גאַנצע דריי צעריסענע קליידער, אַ וועלכע פינף הונדערט מאַן.

## 5. אַדוועלרב

523. די נאַטירלעכע שטעלונג פון אַדווערב איז — ביי אַ ווערב, ווו ער שפּילט די זעלביקע ראָליע, ווי אַן אַדיעקטיוו ביי אַ סובסטאַנטיוו, ד.ה. ער באַטייט אַ סימן (פון דער טווּנג). פּרגל׳:

| | |
|---|---|
| שיין זינגען<br>שיין געזונגען<br>ער זינגט שיין | אַ שיינער געזאַנג |
| כ׳הער ווי ער זינגט שיין | כ׳הער זיין שיינעם געזאַנג |

| | |
|---|---|
| ער קוקט פֿאַרוווּנדערט | אַ פֿאַרוווּנדערטער קוק |
| קוקנדיק פֿאַרוווּנדערט | מיט אַ פֿאַרוווּנדערטן קוק |

אויך ביי אַן אַדיעקטיוו און אַדוועבּ קומט אַן אַדווערבּ, צו באַטייטן אַ סימן פונעם סימן:

| | |
|---|---|
| גאַנץ באַלעבאַטיש | אַ גאַנצער באַלעבאָס |
| אַ גאַנץ באַלעבאַטישער | אַ גאַנצע באַלעבאָסטע |
| אַ היפּש גרויסער<br>היפּש גרויס | אַ היפּשע גרייס |

524. אַ סובסטאַנטיווירטער אינפיניטיוו, ווייסן מיר שוין (452, 487), טרעט אַרויס אי אַלס ווערבּ, אי אַלס סובסטאַנטיוו. דאָס אייגענע איז דאָ אויך: ער קען צו זיך באַהעפטן, אַלס באַצייכענונג פון אַ סימן, סיי אין אַדווערבּ, סיי אין אַדיעקטיוו:

| | |
|---|---|
| ער זינגט שיין | דער שיינער געזאַנג |
| דאָס זינגען שיין | דאָס שיינע זינגען |

525. אַ סימן פון אַ זאַך ווערט אַמאָל באַצייכנט, אָנשטאָט אַן אַדיעקטיוו, מיט אַן אַדווערבּ. אַזאַ אַדווערבּ קומט שטענדיק נאָכן סובסטאַנטיוו: אַ רעגן פּערל-ריין = אַ רעגן אַ פּערל-ריינער = אַ פּערל-ריינער רעגן.

באַזונדערס אָפט קומט עס פֿאָר, ווען ס'וואָלט געדאַרפט גיין אַ גאַנצע ריי אַדיעקטיוון, אָדער ווען ביים אַדיעקטיוו (אַדווערבּ) זענען פֿאַראַן נאָך צו אים באַהעפטע סינטאַגמעס, און באַזונדערס, ווען דער אַדווערבּ איז אַ פּאַרטיציפּ. ביישפּ.: און זיי, די קליינע ווערוויקלעך, גוט אָנגעטון און רעכט פֿאַרביסן, זענען געקראָכן גלייך אויף אונז (ש"ע); דער דרייסיק-יאָריקער בורמאַן, אַ געוועזענער סטודענט, געגאָלט ווי אַן אַקטיאָר, איז צופעליק פֿאַרזונקען... (בערג.).

נאָך וועגן אַדווערבּ ביי סובסטאַנטיוו — § 642.

526. פֿאַראַן פֿאַלן, ווען אַן אַדווערבּ ציט זיך איינצייטיק צו אַ ווערבּ און צו אַ סובסטאַנטיוו. פֿאַרשטייט זיך, אַז נישט די, נישט יענע ציונג דריקט זיך נישט אויס אין קיין פֿאָרמע (אַן אַדווערבּ האָט דאָך נאָר איין סינטאַקסישע פֿאָרמע—אַ נול-פֿאָרמע). דערקענען די טאָפּעלע ציונג קען מען נאָר מיטן שפּראַך-חוש, און געוויינטלעך זענען דאָ מעגלעך ספקות. ביישפּילן, ווו איך זע איין טאָפּעלע ציונג: איך

טרעף דעם חבר קראַנק (פרגל׳ „איך געפין דעם בוך גיך״ — ווו דער אַדווערב ציט זיך אויסשליסלעך צום ווערב, און „איך זע אַ רעגן פערל-ריין״—ווו דער אַדווערב ציט זיך אויסשליסלעך צום סובסטאַנטיוו); זיי אָטעמעןביידע אָפּ, מיד פון לאַנגן קריכן אונטער דר׳ערד (לייוו.) — „מיד״ ציט זיך צו „זיי״ און צו „אָטעמען אָפּ״ (ווען דאָ וואָלט געווען אַן אַדיעקטיוו „מידע״, וואָלט מען אויך געדאַרפט איינזען אַ טאָפּעלע ציונג); אָפּגעגעסן, אָפּגעבענטשט, רופט ער די חדר-יינגלעך אַריין (אַש); אויסגעהערט דעם פּאָרטראג, געפינען מיר...

527. אַ גערונדיום, ד.ה. אַ ווערב-טעמע + סופיקס —נדיק (לאַכנ-דיק, גייענדיק) איז אַן אַדווערב. ער האָט געוויסע באַזונדערהייטן. אַ גערונדיום האָט כמעט שטענדיק אַ טאָפּעלע ציונג — דאָס רוב צום ווערב און צום סוביעקט: גייענדיק אין גאַס, האָב איך געטראָפן מיין חבר; צעוויינט זיך די אָרעמע אישה, די ווערטער הערנדיק (פר.); דערציילנדיק, האָט זי זיך און אים טיי אָנגעגאָסן (בערג.).

528. ביישפילן, ווו דער גערונדיום ציט זיך צום ווערב און צו אַ בויגפאַל (נישט צום סוביעקט):

a) איך האָב געטראָפן מיין חבר גייענדיק אין גאַס. דאָס קען זיין צווייטייטיק: געטראָפן, ווען איך בין געגאַנגען, און געטראָפן, ווי ער גייט אין גאַס (פרגל׳ „איך הער אים הוסטנדיק״ – נישט „ווען איך הוסט, הער איך אים״, נאָר „איך הער, ווי ער הוסט״). דאכט זיך, אַז ס׳איז פאַראַן אַן אונטערשייד אין אינטאָנאַציע (וועלכע מע קען באַצייכענען מיטן באַ-נוץ אָדער אויסטיידונג פון אַ קאָמע); איך האָב געטראָפן מיין חבר, גיי-ענדיק אין גאַס (=ווען איך בין געגאַנגען), איך האָב געטראָפן מיין חבר גייענדיק אין גאַס (=ווען ער איז געגאַנגען).

b) וואַרפנדיק פון פענצטערל אַ בליק אין מאַרק אַריין, ווערן אים די אייגעלעך פייכט (פר.) — נישט די אייגעלעך וואַרפן אַ בליק, נאָר ער (דער בעלעמער רב); דו און דיינע האָבן זיך אונטערגענומען איבער זיך אַליין אַריבערשפּרינגען, און שפּרינגענדיק גייט ביי אייך דאָס לעצטע ביסל מזומנים פון די קעשענעס פאַרלוירן (נס.)—„שפּרינגענדיק״ ציט זיך צו „גייט״ און צו „ביי אייך״ (נישט צו „דאָס ביסל מזומנים״).

דער גערונדיום ציט זיך אַמאָל בלויז צום ווערב, ווייל ס׳איז נישטאָ יענער סובסטאַנטיוו, צו וועלכן ער וואָלט זיך נאָך געצויגן: גע-דאַנקען וואָס קומען אַרויף, ליגנדיק אין גאַמאַק („וועקער״). „ליגנדיק״ ציט זיך נישט צו „געדאַנקען״; ס׳וואָלט זיך געצויגן (אַחוץ צו „קומען

א־ױף״)—צו „מיר, עמעצן״ אדג״ל, װען ס'װאָלט געװען „געדאַנקען, װאָס קומען מיר, עמעצן אד״גל ארױף, ליגנדיק אין גאַמאַק״.

אַזאַ גערונדיום, װי אין לעצטן בײַשפּיל און אין די בײַשפּילן *b*, רופֿט מען זעלבשטענדיקער גערונדיום (ד.ה. אָפּגעריסן פֿון סוביעקט).

529. אַן אײנגאַרטיקע קאָנסטרוקציע, װוּ דער גערונדיום ציט זיך נאָר צו אַ סובסטאַנטיװ, קומט פֿאָר בײַ שלום-עליכמען: אַ סוחר, פֿאָרנדיק אױפֿן יאריד, איז נישט גלײַך צו אַ סוחר, פֿאָרנדיק פֿון יאריד.

530. אַן אַדװערב צוזאַמען מיט די סינטאַגמעס, װאָס ציען זיך צו אים, װערט אָפּטמאָל **אָפּגעזונדערט**, ד.ה. אָפּגעטײלט פֿון די שכנותדיקע װערטער מיט קאָמע-אינטאָנאַציעס. אַמאָפּטסטן קומט עס פֿאָר, װען דער אַדװערב איז אַ פּאַרטיציפּ אָדער גערונדיום און װען ער האָט צו זיך נאָך אַנדערע סינטאַגמעס. בײַשפּ.: אַ רעגן, רײן װי פּערל, הױבט אָן גײן (רײן װי פּערל—אָפּגעזונדערט); אַ רעגן פּערל-רײן הױבט אָן גײן („פּערל-רײן״ קען זײַן נישט אָפּגעזונדערט—ס'איז אײן װאָרט).

זע אױך די בײַשפּילן אין די § § 525 ביז 528.

531. די אָפּזונדערונג איז אָפּטמאָל פֿאַרבונדן מיט דער טאָפּעלער ציונג: זײ אָטעמען בײדע אָפּ מיד („מיד״ נישט אָפּגעזונדערט, ציט זיך נאָך צום װערב), זײ אָטעמען בײדע אָפּ, מיד פֿון לאַנגן קריכן — אָפּגעזונדערט און ציט זיך שױן צום װערב און צום סוביעקט.

אין דעם טעקסט פֿון „גולם״, װאָס איך האָב געלײענט, איז פֿאַר „מיד״ קײן קאָמע נישטאָ. צי האָט דער אױטאָר געמײנט, אַז „מיד״ זאָל זיך ציען נאָר צום װערב און נישט זײַן אָפּגעזונדערט? אָבער װען בײַ „מיד״ איז נאָך פֿאַראַן „פֿון לאַנגן קריכן אונטער דר'ערד״, לאָזט זיך, דאַכט זיך, אַזאַ אױפֿפֿאַסונג נישט.

מיטן געשניצטן זילבערנעם קרוג אין זײַן ציטערדיקער האַנט איז ער געשטאַנען, איבערגעבױגן איבער זײַן קראַנקן פֿרײַנט (קאַצ.). די קאָמע (אַלס אָרטאָגראַפֿישער צײכן פֿון אָפּזונדערונג) װײַזט, אַז „איבערגעבױגן״ ציט זיך, לױטן אױמאָרס כּװנה, אי צו „געשטאַנען״ אי צו „ער״ (=זײענדיק איבערגעבױגן); אָן דער קאָמע-אינטאָנאַציע װאָלט „געשטאַנען״ געװען פּשוט אַ קאָנקרעטע בינדונג בײַ „איבערבױגן״ (=האָט ער זיך איבערגעבױגן) (651).

532. אַ פֿאַרשפּרײטע דערשײנונג איז אַדװערב אין דער ראָליע פֿון אַ סובסטאַנטיװ (סײַ פֿון אַ סוביעקט, סײַ פֿון אַ בױגפֿאַל, אפֿילו

מיט אַ פּרעפּאָזיציע): רויט בלענדט די אויגן; ס'לויפן אַלט און יונג; ער מאַכט פון שוואַרץ ווייס (פּרגל' פון טאָג נאַכט); אָט האָסטו דיר שוואַרץ אויף ווייס; עסן אָן געוואַשן; און זיי לויפן זיי אַנטקעגן אין איין אָטעם זיך דערפרעגן: פון געווען און פון געשעען, פון געהערט און פון געזעען (נס.); געפּילט פּאַסקודנע אין מויל (אָפּ.).

כ'רוף עס נישט „סובסטאַנטיווירטער אדווערב", וואָרים סובסטאַנטיווירט רוף איך יענע נישט־סובסטאַנטיוון, וואָס באַקומען די פעיקייט צו באַ־העפטן צו זיך אַן אַדיעקטיוו (צ.ב. דעם באַשטימיקן אַרטיקל); דאָ איז עס נישט שייך.

533. אַן אַדווערב קומט אַמאָל אַלס אַ באַזונדער באַהעפט: קורץ, איך האָב געהאַלטן ביי אָפּזאָגן די עטלעכע גילדן (ש"ע); דעם אמת זאָגנדיק, ווילט זיך מיר ערשט נישט שרייבן. אפילו אַלס באַזונדערע פראַזע: גוט!

534. וועגן בילדונג פון אַדווערבן איז גילטיק דאָס, וואָס איז געזאָגט אין § 251 א"אַ (און דאָרטן זענען טאַקע פיל ביישפּילן אַדווערבן).

מע דאַרף אָבער צוגעבן, אַז נישט יעדער אַדיעקטיוו האָט צו זיך אַן אַדווערב. ס'זענען נישטאָ קיין אַדווערבן צו די דאָזיקע אַדיעקטיוון:

1) מיט —ן, —ען, —ערן פון שטאָפּנעמען.

קינסטלעך בילדעט מען: גאָלדן און גרינג (האָט די לבנה) איר שיין אויף פעלד און אויף וועג אין פעלד צו זייען געגומען (נס.), האָט הילצערן געשוויגן (גאָד.).

2) מיט —ט, —סט, וואָס באַטייטן אַ נומער; אָנשטאָט אַן אַדווערב קומט אַן אינוואַריאַנט מיט —טנס, —סטנס: צווייטער—צווייטנס.

3) פאַרצויגענע מיט —ינק א"א. דאָך קומט פאָר: פיינטשיק אויס־געקליידט (ש"ע).

4) סופּערלאַטיוון. אָנשטאָט אַן אַדווערב קומט אַן אינוואַריאַנט מיטן פּרעפיקס אַמ— און סופיקס —סטן: דער העכסטער — אַמהעכסטן, דער בעסטער—אַמבעסטן. פאַראַן „העכסט" (=זייער).

5) אייניקע אַנדערע („הייַנטיקער", נישטאָ „הייַנטיק"), צווישן זיי דער באַשטימיקער אַרטיקל „דער". נעאָלאָגיזם: אינעם עלעקטריש־באַלויכטענעם וואַנע־צימער (בערג.).

די אַדיעקטיוון ביטרע, מאָדנע אדגל' בילדן אַדווערבן מיט סופיקס

—ע: כיטרע, מאָדנע... דער צדווערב „משונע" שיידט זיך אונטער פונעם דריטן מין פון אַדיעקטיוו „משונען". צו די צונויפזאַצן „אומגעוואַזן, אומגענעסן" אדנ"ל איז קיין אַדיעקטיוו נישטאָ.

## 6. אינפיניטיוו

535. אינפיניטיוו קען באַהעפט זיין צו אַלערליי סינטאַגמעס: צו ווערב, סובסטאַנטיוו א"אַ. אינפיניטיוו אַליין באַהעפט צו זיך אויך פאַרשידענע סאָרטן סינטאַגמעס (452, 487, 524).

536. אָפט קומט ביים אינפיניטיוו אַ הילפוואָרט „צו".

דעם „צו" דאַרף מען נישט רעכענען פאַר קיין פּרעפּאָזיציע, נאָר פאַר אַ באַזונדער מין פּאַרטיקל; פּרגל': ער איז אויף דער עלטער אָנגעקומען צו בעטן נדבות (פּרעפּאָזיציע), ער הייבט אָן צו בעטן (פּאַרטיקל); חשק צו שרייבן (פּאַרטיקל), אַ טיש צו שרייבן (פּרעפּאָזיציע); שרייבן צו שרייבן איז נישט גלייך (פּרעפּאָזיציע).

דער וואָרט „צו" קומט נאָרמאַל אוממיטלבאַר פאַרן אינפיניטיוו, אפילו נאָכן וואָרט „זיך" און נאָכן ווערבאַלן צוגאָב (אויך נאָכן באַטייטיקן טייל פון פּעריפראַסטישן ווערב): ער האָט איבערצולעבן, ער האָט זיך צו דערוואַרטן, ער האָט גובר צו זיין.

דער באַנוץ פון „צו" איז וואַקלדיק: איך באַדאַרף אָנהייבן — איך באַדאַרף אָנצוהייבן, איך וויל גיין (אין קיין שום דיאַלעקט, דאַכט זיך, נישטאָ: איך וויל צו גיין); דער חשק צו אַרבעטן (דאַכט זיך, אין אַלע דיאַלעקטן).

537. ווערב + אינפיניטיוו:

a) נישט-פולבאַטייטיקער ווערב + אינפיניטיוו: כ'וויל גיין, כ'קען שרייבן, דו מעגסט קוקן.

b) קאָניוגאַטיווער הילפווערב + אינפיניטיוו בילדעט אַ צונויפגעזעצטע ווערבאַלע פאָרמע: כ'וועל גיין, דו וואָלסט זען, האָלט ער קומען.

c) ווערב + אינפיניטיוו מיטן באַטייט פון צוועק: קום עסן, וואַש זיך עסן, ער גייט לערנען, כ'בין געווען קויפן זאַלץ (פּר.), וועמען אַנדערש האָבן מיר געקענט אויסקלייבן, דערמיט זיך מתעסק צו זיין? (אַבר.).

d) ווערב + אינפיניטיוו מיט פאַרשידענע באַטייטן: ער חלשט אים הערן, ער שטאַרבט טרינקען, ער זאָל וויסן גליקלעך זיין.

e) ווערב + אַקוזאַטיוו + אינפיניטיוו, דער אינפיניטיוו באַטייט עמעצנס אַ טוונג: כ׳זע אים לויפן, כ׳האָב דיך געזען אַרבעטן.

f) קומען צו גיין, ברענגען צו פירן (307).

אַ ווערב שלעפּט אַמאָל נאָך זיך אַ גאַנצע קייט אינפיניטיוון: כ׳וועל דאַרפן גיין הייסן געבן עסן.

538. סובסטאַנטיוו + אינפיניטיוו:

חשק צו אַרבעטן, כ׳האָב אַן אַרבעט צו גיין אַלע טאָג אין מאַרק, אַ ליבהאָבער אַריינצוגיסן.

539. אַדווערב + אינפיניטיוו:

ער איז צו אויסגערעכנט צו מאַכן אַזאַ שריט; ס׳איז ערשט צו הייס אָנצוטון דעם מאַנטל; ביסט נישט קראַנק עסן הערינג מיט ברויט; ס׳איז שווער צו ענטפערן באַלד אויפן אָרט.

540. אינפיניטיוו ביי בינדונג (643).

541. דעם אינפיניטיוו אין אַזאַ פראַזע: „קומען קום איך פון נישט נאָענט״, רוף איך אויסגעטיילטער אינפיניטיוו. דעפינירן קען מען אים אַזוי: אין אַ באַהעפט קומט אַמאָל פאַרן פרעדיקאַט (דאָס רוב אויפן ערשטן אָרט) אַן אינפיניטיוו פון דער זעלביקער טעמע ווי דער פרעדיקאַט; ער טראָגט נישט אַריין קיין נייעם מאַטעריעלן אינ-האַלט אין באַהעפט, נאָר דינט צו פאַרשטאַרקן דעם באַטייט פון פרע-דיקאַט. ביישפּ.: ווילן וויל איך, איר זאָלט אויסהערן מיך אַליין (ש״ע); אין חדר גיי איך נישט, לערנען לערן איך נישט, דאַוונען דאַוון איך נישט, זינגען זינג איך נישט, פּטור פון אַלצדינג (ש״ע); דאַכטן דאַכט זיך, אַז זי ווייסט גאָרנישט.

542. אייניקע באַזונדערהייטן פון אויסגעטיילטן אינפיניטיוו:

1) ספּעציעלע פאָרמעס, וואָס קומען אין אַנדערע פאַלן נישט פאָר: איזן איז עס רב יחזקאל גאָמבינערס שטיבל (אַש), (אָבער אויך „זיין בין איך אַ קירזשנער״—פר.); ווילן וויל איך (נישט „וועלן וויל איך״); ווייסן ווייס איך (פר. נישט „וויסן ווייס איך״).

אין די אַלע פאַלן האָט זיך דער אינפיניטיוו אויסגעגליכט אין דער טעמע מיט דער געגנוואַרט.

2) אַמאָל פאַלט אָפּ אין איבערגעחזרטן אינפיניטיוו דער ווער-באַלער צוגאָב און אפילו דער פּרעפיקס: אַ שטים, וואָס הייבן הייבט

זי זיך אָן דין... (ש״ע) אָנשט. „אָנהייבן הייבט זי זיך אָן דין...״; דאַרפן האָב איך לאַנג באַדאַרפט שוין שלאָפן (לייוו.) אָנשט. „באַ-דאַרפן״, אָבער אויך „אַרויסקומען קום איך אַרויס״ (ש״ע).

3) דער צוגאָב „זיך״ ווערט, דאַכט זיך, שטענדיק פאַרשפאָרט: הייבן הייבט זי זיך אָן דין (ש״ע), שלאָגן מיט די ים-קאָטערס האָבן מיר זיך אייגנטלעך קיינמאָל נישט געשלאָגן (ש״ע).

543. אויסגעטיילטער אינפיניטיוו ביי פאסיווער קאָנסטרוקציע מוז זיין א זעלטענע דערשיינונג: ציען ווערט מען צוגעצויגן צו אים (פר.).

זעלטן קומט דער אויסגעטיילטער אינפיניטיוו נישט אין אָנהויב זאַץ: שטאַרק בענקען האָט מען נאָך זיי נישט געבענקט (ש״ע).

544. אָפענער באַהעפט מיט אינפיניטיוו:

1. באַפעל: שווייגן!

2. פראַגע וועגן דערלויבעניש אָדער וועגן פאַרלאַנג: גיין?

3. ווונדער, אויפרעגונג: שלאָגן אַ טאַטן!?

א״אַ.

## 7. פאַראַלעליזם און ענלעכע קאָנסטרוקציעס

555 *). ווען מיר באַטראַכטן די באַהעפטן: אין דער מדינה האָ-לאַנד האָט געוווינט אַ שטומע נשמה—אַ יידישער פישער (פר.); קלאַפט זיי, די ווערגעלעסן מיט די לאַנגע פיס (ש״ע); מאָטל פייסי דעם חזנס יינגל; רב שלמה נגיד; דאָס אָנשיקעניש פון גאָט — די שדכנים האָבן זיך אַ לאָז געטון... (אבר.), — זעען מיר, אַז דאָ קומען פאָר צו צוויי סובסטאַנטיוון, וואָס באַטייטןביידע איין און דעם זעלביקן געגנ-שטאַנד: די „נשמה״ און דער „פישער״ זענען איין און די זעלביקע פערזאָן, אָנגערופן מיט צוויי פאַרשידענע נעמען, „זיי״ און די „ווער-געלעסן״ זענען די זעלביקע חדר-יינגלעך, אאַז״וו. די באַציונג צווישן אַזעלכע צוויי סובסטאַנטיוון איז גאָר אַן אַנדערע ווי ווען צו אַ סוב-סטאַנטיוו איז באַהעפט אַ בויגפאַל אָדער אַ פאָסעסיוו.

*) דער מחבר האָט אין זיין כ״י בטעות דאָ געשטעלט 555 שטאָט 545. ס׳איז אָבער אוממעגלעך אויסצובעסערן די ווייטערדיקע נומעראַציע איצט, ווייל אינעם ווערק ביז אַהער, וואָס איז שוין מאַטריצירט, איז דאָ פיל פאַרגלייכן און מראה-מקומס אויף די שפע-טערדיקע פאַראַגראַפן (באַמערק. פון קאָרעקטאָר).

**אַזעלכע סובסטאַנטיוון הייסן פּאַראַלעלע סובסטאַנטיוון. אַמאָל קומט פאָר, אַז דווקא איינער פון זיי באַהעפט צו זיך אַנדערע ווער־טער פון דעם באַהעפט, צ.ב.: דאָס אָנשיקעניש פון גאָט—די שדכנים האָבן זיך אַ לאָז געטון צו מיין מאַמע אויך פאַר מיר פּאָרצושלאָגן איר שידוכים (אַבר.). דאָ ציט זיך דער פּרעדיקאַט צו „די שדכנים", נישט צו „דאָס אָנשיקעניש" (קלאָר פון דער מיטשטימונג). אין אַזאַ פאַל רופט מען „דאָס אָנשיקעניש" אַפּאָזיציע צו „די שדכנים".**

ווען מע קען אָבער נישט אָנווייזן, אַז דווקא איינער פון די צוויי פּאַראַלעלע סובסטאַנטיוון באַהעפט צו זיך אַנדערע ווערטער (צ.ב. „האָט געוווינט אַ שטומע נשמה—אַ יידישער פישער"), וואָלט געווען נאָר אַ סכאָ־לאַסטישער פּילפּול צו זוכן, וועלכער סובסטאַנטיוו צו וועלכן איז דאָ אַן אַפּאָזיציע—דעמאָלט רעדן מיר פשוט וועגן פּאַראַלעליזם צווישן צוויי סוב־סטאַנטיוון, וועלכע בילדן צוזאַמען דעם סוביעקט אדג"ל.

**556. לויט דער באַציונג צווישן די צוויי פּאַראַלעלע סובסטאַנ־טיוון, לויט דער אינטאָנאַציע און לויט אַנדערע סימנים קען מען אויסטיילן צווישן פּאַראַלעלע סובסטאַנטיוון עטלעכע טיפּן:**

**557 1). כּלל־נאָמען+פּרט־נאָמען (דאָס רוב אייגן־נאָמען): די שטאָט כּאַרקאָוו, אין דער מדינה האָלאַנד, דער פּאָעט לייוויק, די צייטונג „שטערן", דער בחור הזעצער.ביידע סובסטאַנטיוון האָבן די זעלבי־קע אינטאָנאַציע.**

ס'קומט פאָר, זעלטן, אַ פאַרקערטער ווערטער־סדר (ארכאיש?): ליטע די מדינה.

**558 2). פּשוטער נאָמען פון אַ זאַך+ספּעציפישע כאַראַקטעריס־טיק: אַ טאָג אַ שונא (=אַ טאָג, וועלכער איז אַ שונא); אַ ווונק אַ באַפויל (נס.).**

**די אינטאָנאַציע, ווי אין פּריערדיקן** טיפּ.

**אַהער געהערן אפשר אויך „מיר ביידע, איר אַלע" אדג"ל.**

**559 3). נאָמען+פאַמיליע־נאָמען: לייב קוויטקאָ.**

**פערזאָן־נאָמען+פּראָפעסיע־נאָמען אָדער אַנדער צונאָמען: יענקל דער שמיד, רב שלמה נגיד, מענדל־דלות.**

**ביים צווייטן סובסטאַנטיוו קען פאַרשפּאָרט ווערן דער באַשטי־מיקער אַרטיקל: יענקל־שמיד.**

**אינטאָנאַציע ווי אין די פּריערדיקע טיפּן.**

**560 4). קרובהשאַפט־נאָמען+פערזאָן־נאָמען: די מומע רחל, דער**

פעטער משה. דער ערשטער סובסטאַנטיוו פאַרלירט זיין אַקצענט, ד.ה. ווערט אַרויסגערעדט צוזאַמען מיטן צווייטן ווי איין וואָרט.

אַהער געהער אויך „טיטל״+פערזאָן-נאָמען: (דער) ח׳ ברעגמאַן, ד״ר (דאָקטאָר) שוואַרץ, (די) פרוי ווילענטשיק. ביים „טיטל״ קען פאַר-שפּאָרט ווערן דער באַשטימיקער אַרטיקל.

561 5). פרט-נאָמען+כלל-נאָמען, ביים לעצטן אָפטמאָל נאָך אַנ-דערע סינטאַגמעס: מיין מאַמע, אַ פראָסטע, נאָר אַ קלוגע יידענע, איז געווען אַן אַלמנה (אַבר.); זי, רב גדליה הורוויצס בת-יחידה, מירעלע, האָט אים סוף-כל-סוף די תּנאים אָפּגעשיקט (בערג.); און זיין מוטער— אַ נידעריקע, שטאַרק גראָבע יידענע... איז וועגן די אָפּגעשיקטע תנאים געוואָר געוואָרן ערשט העט שפּעטער (בערג.); דער דרייסיק-יאָריקער בורמאַן, אַ געוועזענער סטודענט, געגאָלט ווי אַן אַקטיאָר, איז צופעליק פאַרזונקען אין פוסטן, צו דער גרענעץ פאַררוקטן דובראָוויטש (בערג.).

ס'קומט-פאָר אויך אַ פאַרקערטער חערטער-סדר: דאָס אָנשיקעניש פון גאָט — די שדכנים האָבן זיך אַ לאָז געטון (אבר.); דער שוסטער, אברהם-בער דער געלער, האָט מיר שלעכט אויפגענייט די שיך.

די אַפּאָזיציע (דער כלל-נאָמען) קומט אָפּגעזונדערט, ד. ה. אָפּ-געטיילט פון ביידע זייטן דורך קאָמע-אינטאָנאַציעס (אַמאָל מיט טירע-אינטאָנאַציעס). פאַרשטייט זיך, אויב די אַפּאָזיציע איז אין אָנהייב אָדער אין סוף פראַזע, קומט אַ קאָמע-אינטאָנאַציע נאָר פון איין זייט.

562 6). פערזאָן-פראָנאָם+כלל-נאָמען. דער לעצטער קומט נישט בשכנות מיטן ערשטן, אָפּט איז ער אָפּגערוקט אויפן סוף פראַזע; אַן אייגנאַרטיקע אינטאָנאַציע פון „דערגאַנצונג״: ער געפעלט מיר, דער יונגאַטש; זיי זענען דוכט זיך גלאַנציקער, די אויגן (גראָדז.)*); זיי האָבן זיך שוין אים צוגעגעסן, די גרויע שפּיטאָל-ווענט (גראָדז.)*). אַהער אויך: קלאַפּט זיי, די ווערגלעסן מיט די לאַנגע פיס.

563 7). אַ באַזונדער טיפּ איז, חייזט אוים: מענטש דו איינער, גזלן דו אדג״ל (נאָר מיט „דו״ און נאָר אלס חענדונג).

564. ווען די פאַראַלעלע סובסטאַנטיוון פאַרנעמען דאָס אָרט פון אַ נאָמינאַטיוו (סוביעקט אדג״ל), קומען זיי ביידע אין נאָמינאַטיוו. ווען זיי פאַרנעמען אָבער דאָס אָרט פון אַן אַנדער בויגפאַל, קומען זיי ביידע נישט שטענדיק אין דער זעלביקער פאָרמט

*) ביי גראָדזענסקין זענען דאָ קיין קאָמעס פאַר די אַפּאָזיציעס נישטאָ.

דאָ דאַרף מען אָנמערקן די דאָזיקע כּללים:

565 1). אין איניקע פאַלן פאַרשפּאָרט איינער פון די פּאַראַלעלע סובסטאַנטיװן זיין בויגפאַל־סופיקס (פאַרשטייט זיך, אויב ער איז אַ דעקלינירלעכער סובסטאַנטיװ). דאָס קומט פאָר:

a)ביים ערשטן סובסטאַנטיװ אין דריטן טיפּ (נאָמען פאַר אַ פאַמיליע־נאָמען): איך זע לייבן—איך זע לייב קוויטקאָן (נישט „לייבן קוויטקאָן").

b) בייביידע סובסטאַנטיװן אין פערטן טיפּ (קרובהשאַפט־נאָמען מיט אייגן־נאָמען): כ'גיי צו דער מומען — כ'גיי צו רחלען — כ'גיי צו דער מומע רחל; כ'רעד מיט ברעגמאַנען — כ'רעד מיטן חבר ברעגמאַן.

אָבער: „כ'רעד מיט ח' ברעגמאַנען", ווען דער אַרטיקל איז פאַרשפּאָרט.

566 2). דאָס איז שייך נאָר צום סופיקס פון בויגפאַל, אָבער נישט צו דער פעיקייט צו פאָדערן אַ בויגפאַל־פאָרמע ביים אַדיעקטיװ— די דאָזיקע בלייבט שטענדיק: כ'גיי צו דער מומע רחל, צו דער אַלטער מומע רחל (נישט „צו די, צו די אַלטע").

567 3). אַ סובסטאַנטיווירטער אַדיעקטיװ פאַרשפּאָרט קיינמאָל נישט זיין בויגפאַל־סופיקס: איינער אלי'—איינעם אלי' (לויטן טיפּ 4).

568. אַן אַדיעקטיװ נאָך אַ פערזאָן־נאָמען איז אַנאַלאָגיש מיט אַן אַפּאָזיציע פון דריטן טיפּ: פישקע דער קרומער—מיט פישקע דעם קרומען (נישט „מיט פישקען").

אויך ביי אן אדיעקטיװ פאר א פערזאָן־נאָמען קען דער לעצטער פארשפארן זיין בויגפאל־סופיקס: די בלאסע רחל – צו דער בלאסער רחל (אויך רחלען?).

569. פערזאָן־נאָמען + פּאָסעסיװ איז אויך אַנאַלאָגיש מיט אַן אַפּאָזיציע פון דריטן טיפּ: מאָטל דעם חזנס — מיט מאָטל דעם חזנס (נישט „מיט מאָטלען דעם חזנס").

570. דער פּאָסעסיװ פון פּאַראַלעלע סובסטאַנטיװן בילדעט זיך אויף די דאָזיקע אופנים:

1) ביידע סובסטאַנטיװן באַקומען דעם פּאָסעסיװ־סופיקס. אויב איינער פון די סובסטאַנטיװן איז אַ פערזאָן־פּראָנאָם, קומט אָנשטאָט זיין פּאָסעסיװ דער אַדיעקטיװ „מיין, דיין...". דאָס קומט פאָר אין די טיפּן 5 און 6 (אָפּגעזונדערטע אַפּאָזיציע): זיין פאָטער, אַן אויפגעקומענער

גביר... זיין פּאָטערס, אַן אויפגעקומענעם גבירס, מסחרים... לייוויקס, דעם באַקאַנטן שרייבערס, רייזע; מיר געפעלן זיינע שטיק, דעם יונגאַטשס; זי, מירעלע—איר, מירעלעס, פירונג—אירע, מירעלעס, טרוימען.

דער פּאָסעסיוו פון „מיר ביידע, איר אלע" אדג"ל איז: „אונזער(ע) ביידנס, אייער(ע) אלעמענס" אאז"וו.

2) דער פּאָסעסיוו-סופיקס קומט נאָר ביים צווייטן סובסטאַנטיוו. דאָס קומט פאָר אין אַלע איבעריקע טיפּן, אַחוץ 5 און 6 (אויב זיי קענען בכלל בילדן אַ פּאָסעסיוו): דעם פּאָעט לייוויקס, דעם בחור הזעצערס, לייב קוויטקאָס, יענקל (דעם) שמידס, רב שלמה נגידס, דער מומע רחלס, (דעם) חבר ברעגמאַנס.

571. אַן אַדיעקטיוו נאָך אַ פּערזאָן-נאָמען באַקומט אויך (צו זיין נאָרמאַלן דאַטיוו-סופיקס) דעם פּאָסעסיוו-סופיקס —ס: פּישקע דער קרומער—פּישקע דעם קרומענס (נישט „פּישקעס דעם קרומען"), יענטע די שוואַרצחנעוודיקע—יענטע דער שוואַרצחנעוודיקערס.

572. די דאָזיקע דערשיינונג—אָפּגעטראָגן דעם פּאָסעסיוו-סופיקס פון אַ סובסטאַנטיוו צו די וויטערדיקע ווערטער, וואָס זענען מיט אים פאַרבונדן—באַקומט אַ פאַרשפּרייטונג אויך אויסער די גרענעצן פון פּאַראַלעלע סובסטאַנטיוון. ביי פּרצן קומט פאָר „דעם רבין זכרונו-לברכהס", כאָטש „זכרונו לברכה" איז כלל קיין סובסטאַנטיוו נישט.

573. דער פּאָסעסיוו פון „מאָטל דעם חזנס" איז „מאָטל דעם חזנס"; „מאָטל" באַקומט נישט קיין פּאָסעסיוו-סופיקס, — ווייל דער סופיקס וואָלט געדאַרפט קומען נאָר ביים צווייטן וואָרט, און דאָס צווייטע וואָרט („דעם חזנס") האָט שוין זיין אייגענעם פּאָסעסיוו-סופיקס.

574. „מאָטל דעם חזנס" האָט דריי באַטייטן:

1) מאָטל דעם חזנס שטיפּט—נאָמינאַטיוו

2) מאָטל דעם חזנס רייד—פּאָסעסיוו:

a) די רייד פון מאָטל דעם חזן

b) די רייד פון מאָטל דעם חזנס.

575. ס'קומט פאָר אַן אַפּאָזיציע מיט טאָפּעלער ציונג: ער האָט זיך דערזען אַן אַלטן בחור (אָפּ.)—„בחור" איז אַן אַפּאָזיציע צו „זיך" און ציט זיך אויך צום ווערב.

576. אַן אַפּאָזיציע האָט אָפטמאָל אַ באַהילפיקן וואָרט (פּאַרטיקל), וואָס באַהעפט זי צום סובסטאַנטיוו: אָדער, אַלס, ד.ה. (דאָס הייסט), צ.ב., נעמלעך. ביישפּ.: די משכילים, אָ ד ע ר אויפקלערערס, האָבן

איינגעזען אין בילדונג דעם איינציקן מיטל...; אין 18. יאָרהונדערט איז די בורזשואַזיע, אַלס אויפקומענדיקער קלאַס געווען רעוואָלוציאָנעריש; אינעם לאַנד פון פרייהייט, ד. ה. אין אַמעריקע, איז די פרייהייט ווייט נישט פאַר אַלעמען.

577. די דאָזיקע פּאַרטיקלען האָבן אַ ברייטערן אָנווענד ווי נאָר ביי אַן אָפּאָזיציע. „אַלס" דערלאָזט זייער אַ פרייע וואָרט-שטעלונג: פיניע, אַלס קענער פון רוסיש, האָט געגומען רעדן; אַלס קענער פון רוסיש, האָט פיניע גענומען רעדן; פיניע האָט גענומען רעדן, אַלס קענער פון רוסיש. אין דער לעצטער פראַזע האָט שוין „אַלס קענער" טאָפּעלע ציונג.

„רעדן אַלס קענער", דאָ איז שוין „אַלס קענער" נישט קיין אָפּאָזיציע, ווייל נישטאָ יענער סובסטאַנטיוו, צו וועלכן ס'האָלט געקענט זיין אַן אָפּאָזיציע. אָפטמאָל פאַראָנטערט מען „אַלס" און „ווי" (ווירקונג פון רוסיש). מע דאַרף אונטערשיידן: ער רעדט אַלס קענער=זייענדיק אַ קענער, ער רעדט ווי אַ קענער=אַזוי ווי עס רעדט אַ קענער.

578. די באַהעפטן „אַ פונט גרויפּן, אַ שטאָט מענטשן, אָנהייב זומער" זענען לויטן בוי ענלעך צו פּאַראַלעלע סובסטאַנטיוון. דער אונטערשייד איז אָבער, וואָס די צוויי סובסטאַנטיוון באַטייטן דאָ נישט צוויי אידענטישע געגנשטאַנדן (ד.ה. איין און דעם זעלביקן געגנשטאַנד אונטער פאַרשידענע נעמען), נאָר צוויי פאַרשידענע געגנשטאַנדן, וואָס געפינען זיך אין אַ געוויסער באַציונג.

579. דער וויכטיקסטער טיפּ פון אַזעלכע פּאַראַלעל-ענלעכע סובסטאַנטיוון איז מאָס־נאָמען + שטאָף־נאָמען: אַ שטיקל ברויט, אַ פערטל פוטער, אַ מעטער געוואַנט, אַ טוץ לעפל, קיין גראָשן געלט נישט, די מערהייט איינוווינער, די גאַנצע שטאָט טעפּלעך („שטאָט"— אַלס מאָס פון דעם סכום טעפּלעך), אַ בלאַט גמרא, אַ טשאַטע בחורים, אַ קאָפּ האָר („קאָפּ" אַלס מאָס פון סכום האָר), אַ האַלז פערל.

די דאָזיקע קאָנסטרוקציע איז זייער פּרודוקטיוו אַלס מוסטער פאַר נייבילדונגען. ביישפּ.: פינף יאָר מלוכישער יידישער קאַמער-טעאַטער (=פינף יאָר עקזיסטענץ פון מלוכישן...), אַ וואָך באָברויסק (=אַ וואָך פאַרברענגונג אין באָברויסק), דורך לאַנגע דורות פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן („דור"—אַלס מאָס פון לעבן-דויער).

580. וועגן דעקלינאַציע פון מאָסנעמען + שטאָפנעמען איז נישט שייך רעדן – דאָס זענען אַלץ נישט דעקלינירלעכע סובסטאַנטיוון (און

האָבן אויך קיין פּאָסעסיוו נישט). אָבער דער אדיעקטיוו ביי אזאַ סובּסטאַנטיוו דעקלינירט זיך: ס'שטייט אַ פלאַש רויטער וויין—קויפן אַ פלאַש רויטן וויין. און דעריבער טאַקע דאַרף מען אָננעמען, אַז ביידע סובּסטאַנטיוון האָבן דעם זעלביקן בויגפאַל, ד.ה. זיי זענען פּאַראַלעל-ענלעך.

ס'קומען פאָר אָפּנייגונגען פון בויגפאַל-מיטשטימונג: ווי שטיקער אָנגעפליקטער כמאַרע קומען זיי (מאַרקיש); איז געבליבן נאָר אין לייב אַ ווייסער פראָסט און דער זאַק פאַרבליבענעם טוטין (פּעפּער).

581. דער צווייטער סובסטאַנטיוו קומט אָן אַן אַרטיקל, דער ערשטער קען האָבן סיי דעם באַשטימיקן, סיי דעם אומבאַשטימיקן, סיי דעם נעגאַטיוון אַרטיקל. אָפט קומט אַן אַדיעקטיוו באַהעפט צום מאָסנאָמען, כאָטש לויטן אינהאַלט באַציט ער זיך צום שטאָפנאָמען: אַ זיס גלאָז טיי (זיס איז נישט דאָס גלאָז, נאָר די טיי), אַ געדיכטער קאָפּ האָר.

דער פּאַראַלעליזם דערנענטערט זיך שוין דאָ צו צונויפזאַץ.

582. נאָך אַ טיפּ פּאַראַלעל-ענלעכע סובסטאַנטיוון—ווען ס'איז פאַרשפּאָרט די פּרעפּאָזיציע „פון" (אמאָל איז עס שווער אונטערשיידן פון ערשטן טיפּ): ביידע זייטן שטוב (=פון שטוב), אָנהייב מאַי, סוף יאָר; צ. ק. אַל. ק. פּ. (=צ. ק. פון אַל. ק. פּ.). גובּבּיוראָ יידסעקציעס. טראַגעדיע מאָרים ראָזענפעלד.

583. נאָענט צו פּאַראַלעליזם שטייט פאַרגלייך—„ווי" מיט אַ וועלכער ס'איז פאָרמע.

584. מיט אַ נאָמינאַטיוו: ער פליט ווי אַ פויגל; שטיפן ווי אַ מזיק; כ'האָב אים ליב ווי דו; כ'האָב געשפּילט ווי קיינער (=ווי קיינער שפּילט נישט); ער לעבט ווי גאָט אין אַדעס; ער קלאָגט ווי אַ הונט אין די ניין טעג; מיט אַ בענקעניש זיך פאַרגאַנגען, ווי דאָס זשומען פון אַ געפייניקטע (sic!) פליג (אָפּ.); אַ מענטש ווי אַלע מענטשן; אויף מענטשן פאַלט אָן אַ מהומה, אַ לויפעניש ווי די דולע (אַבר.); גוט ווי די וועלט; גרעסער ווי ער; מער פּובליציסט ווי דיכטער; מע איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש.

585. מיט אַ בויגפאַל: כ'ליב אים ווי דיך; ציין ווי ביי אַ שעפּס (אָפּ.); שטיל ווי פאַר שופר-בלאָזן.

586. מיט אַן אַדווערב: ברייטער ווי לענגער; מער קלוג ווי אָרנטלעך; גיכער קלוג ווי אָרנטלעך; זענען מיר מיטן תנ"ך הייסט עס אַזוי גרויס ווי פאַרטיק (ש"ע).

587. מיט אַ פּאַרטיציפּ: שטאַרבט מען אין דער יוגנט, איז עס אויף דער עלטער ווי געפונען.

588. ביי דער פאַרגליכענער סינטאַגמע קען קומען אזוי: „אין קיין טום אראבישן לאנד טרעטן נישט ארויס אזוי בולט די אימפּעריאליסטישע גוואלדטאטן איבער דער אראבישער באפעלקערונג, ווי אין פּאלעסטינע („עמעס"); ווי בליץ אזוי קורץ און ווי שפּיז אזוי שטעכיק דורך טאָג און דורך נאכט די קאָמאנדע זיך עגבערט אין אייזערנעם חילן (טײַטש).

ביי דער פאַרגליכענער סינטאַגמע קען קומען נישט אזוי: נישט אזוי די גאָלדענע פעדער, ווי די פּאַווע אליין.

## 8. אינוואַריאַנט

589. אַן אינוואַריאַנט ווערט באַהעפט צו אַ סינטאַגמע, פאַרשטייט זיך, אָן דער הילף פון פאָרמעס.

590. אַן אינוואַריאַנט קומט אָפט ביי אַ ווערב, און ער באַטייט צייט, אָרט, אופן, אורזאַך, אדג"ל. צ.ב.: עד-היום, אומשבת, איבער-אַיאָר, מאָרגן, קינדווייז; אַהער, אינדערהיים, אַראָפּ, וווּהין? ; אַזוי, אַליין; אַ מחיה, אַ שרעק, אויף צולהכעיס, בידיים, דערפאַר, פאַרוואָס? א"אַ.

אַזאַ אינוואַריאַנט קומט אַמאָל אויך ביי אַ סובסטאַנטיוו—ווען דער סובסטאַנטיוו איז אַ ווערבאַלער, אָדער ווען ביי אים איז פאַרשפּאַרט אַ ווערב: אַ בילעט אַהין און צוריק; אַ שמועס שטילערהייט; אַ שווערע גאַנז ביי דיר, מענטש דאָרט (נס.) (=מענטש, וועלכער איז דאָרט).

591. אַ באַזונדער קאָנסטרוקציע: דער ערשטער פונאויבן, דער צווייטער (פון) רעכטס, אדג"ל.

592. פאַראַן אינוואַריאַנטן, וואָס באַטייטן צאָל, מאָס, נומער. זיי באַהעפטן זיך מיט אַדיעקטיוון, מיט ווערבן א"אַ: אַ מער נאָענטער; זייער הויך; זי איז דאָך זיינע. ווי, ווען ער זאָל וויסן, ווי זיינע זי איז (קאַצ.); אַ חסרון — די כלה איז צו שיין; ביי אונז איז געווען אַ יינגעלע, איז ער געווען זייער אַ שטיפער (פון רייד); ער איז מער דערציִער ווי לערער; ס'זענען געווען ערשטנס בערמאַן, צווייטנס קאַהאַן... ער איז ערשטנס אַ קלוגער, צווייטנס אַ טיפער; ער

דאַרף ערשטנס קומען צו פאָרן, צווייטנס זיך באַקאָנען. מיטן גאַנצן ענין...

593. ביי אַ קאָמפּאַראַטיוו קען קומען: אַסאַך, אַפּולע, ווייט, נאָך, נישט אין אַן ערך, נישט אין פאַרגלייך, פיל. צ.ב. אַסאַך רייכער, נאָך רייכער („נאָך" האָט אַ סוביעקטיוון בייבאַטייט—באַוווּנדערונג).

594. נישט צו רעקאָמענדירן איז „מער" ביי אַ קאָמפּאַראַטיוו: מער באַוווּסטזיניקער (אָנשט. באַוווּסטזיניקער אָדער מער באַוווּסטזיניק).

595. צו אינוואַריאַנטן געהערן אויך די באַטייטיקע טיילן ביי אַסאַך פּעריפראַסטישע ווערבן: עוקר מן השורש, מוחל, מתפּלל, נתגדל אאַז״וו. זיי באַהעפטן זיך, ווי באַוווּסט, נאָר מיט „זיין, ווערן".

596. אינוואַריאַנטן זענען אויך די ווערבאַלע צוגאָבן. זיי קענען אָבער קומען נישט נאָר אַלס באַהילפיקע ווערטער (ווערבאַלע צוגאָבן), נאָר טאַקע אַלס באַטייטיקע אינוואַריאַנטן (באַטייטן זאָרט אדג״ל). דער-פון באַקומען זיך צווייטייטיקייטן, ווו נאָר די אינטאָנאַציע און אַמאָל דער ווערטער-סדר העלפט אויסצוגעפינען דעם מיין; פרגל׳: ער קוקט אַראָפּ („קוקט"—אָן אַקצענט)—ער קו׳קט אַראָ׳פּ (ביידע ווערטער אַק-צענטירט); אין פאַרגאַנגענהייט וועט עס זיין: ער האָט אַראָפּגעקוקט— ער האָט געקוקט אַראָפּ; אין אינפיניטיוו: אַראָפּקוקן—קוקן אַראָפּ.

597. פאַראַן אינוואַריאַנטן מיט אַ סוביעקטיוון באַטייט:

1) וואָס דריקן אויס די גראַד פונעם רעדערס זיכערקייט: אַפּנים, געוויס, דאַכט זיך, ווייזט-אויס, מסתמאָ, אפשר, כלומרשט.

2) וואָס דריקן-אויס די אָדער יענע עמאָציאָנאַלע באַציונג צו דער זאַך אָדער פאַקט, וועגן וועלכע מע רעדט: אָן עין-הרע, ברוך השם, ליידער, להבדיל, מחילה, נישקשה, נעבעך. ביישפּ.: אַ בעל-עגלה זאָל פאַרגלייכן דעם מענטשן צו להבדיל אַ פערד (ש״ע); זיי זענען מחילה געוועזן אונטערן גלעזל (ש״ע); זיי וועלן נישקשה נישט שטאַרבן פאַר הונגער.

3) וואָס באַצייכענען דעם אופן פון רעדן: אקיצור, אכלל, הייסט עס.

598. די סוביעקטיווע אינוואַריאַנטן קען מען רופן באַמערק-ווערטער (вводные слова). אָפט ציען זיי זיך צום ווערב אָדער צו אַן אַנדער סינטאַגמע, אַמאָל—צום גאַנצן באַהעפט. אָפטמאָל, אָבער נישט שטענדיק, ווערן זיי אויסגעטיילט מיט קאָמע-אינטאָנאַציעס.

599. צו אינוואַריאַנטן דאַרף מען אויך פאַררעכענען „סאַ גוט-קייט! סאַ וואַרימקייט! סאַ קאַלטקייט!" אדג״ל (מיט וואַריאַציעס:

סאַראַ גוטקייט! א״אַ). ביי די ווערטער „גוטקייט״ אדג״ל קען דאָ קיין אַדיעקטיוו נישט קומען, זענען עס שוין אויס סובסטאַנטיוון. זיי קומען שטענדיק אומאָפּהענגיק (נישט סובאָרדינירט צו קיין אַנדער סינטאַגמע).

600. לסוף, פאַראַן אינוואַריאַנטן, וואָס באַהעפטן זיך גאָרנישט מיט קיין אַנדערע ווערטער—זיי בילדן אַליין אַ באַזונדער באַהעפט. דאָס זענען די אינטעריעקציעס („אויסרוף-ווערטער״): אוי! איי! אַך! בע! היי! טע! זע! אדג״ל, און די ווערטער: יאָ, יע (אַלס ענטפער אויף אַ פראַגע), ניין, כ׳ווייי, וואָסי? ניטע, און אייניקע אַנדערע.

601. אַחוץ אָט די אַלע גאַנץ פאַרשידנאַרטיקע גרופּעס בלייבן נאָך נישט ווייניק אינוואַריאַנטן, וואָס גייען אין די רעמלעך נישט אַריין. שאַפן פאַר יעדע עטלעכע צי פאַר יעדן אינוואַריאַנט אַ באַזונדער רובריק איז נישט ראַציאָנאַל.

ביישפּ.: מזל-טוב, נאַ, פונמיינעטוועגן, אַזייגער (אין די אויסדריקן „צוויי אַזייגער״ אדג״ל).

602. אַסאַך אינוואַריאַנטן וואָלטן געדאַרפט לויטן באַטייט פאַררעכנט ווערן צו צוויי רובריקעס אײנצייטיק: אויס כלה, ווידער מויד („אויס״=שוין נישט, אַ פאַרבינדונג פון צייט-באַטייט מיט נעגאַציע); אַ פייג האָסטו אַזאַ שיינע צאַצקע! (אין קינדער-לשון; „אַ פייג״—פאַרבינדונג פון נעגאַציע מיט עמאָציאָנאַלער באַציונג); אוי ליגט מען אין דר׳ערד! („אוי״ — פאַרבינדונג פון אופן-באַטייט מיט עמאָציאָנאַלער באַציונג; „אוי״ איז דאָ נישט קיין אינטעריעקציע, ווייל ס׳באַהעפט זיך מיט אַן אַנדער וואָרט; „אוי״ ווירקט דאָ אפילו אויפן ווערטערסדר (727); אָבער אין דער אינטאָנאַציע און אין סוביעקטיווקייט פונעם באַטייט פילט זיך אַ שטיק אינטעריעקציע); איי, זינגט ער!, קענסט נאָך אַמאָל כאַפן אַ קלאַפּ („אַמאָל״—פאַרבינדונג פון מעגלעכקייט, געוויסער זיכערקייט-גראַד און, דוכט זיך, אויך אַ צייט-ניואַנס).

סט׳קייפן אזוי: דריי פונט ברויט, א פונט הערינג... („אזוי״ = אָט האָס, אָבער עפעס א ניואַנס שיידט זיי אונטער).

603. אינטערעסאַנט איז דער באַטייט פון אומשבת אדג״ל. דער פּרעפיקס אום— ביי א צייט-נאָמען (אומשבת, אומפּסח) באַטייט (אין מיין דיאַלעקט) נישט פּשוט א צייט-מאָמענט, נאָר דווקא פאַרבונדן מיט א רעליגיעזן פאַרבאָט אָדער באַפעל. פאַרגל׳ „שרייבן אומשבת״ און „גיין שבת צוגאַסט״ (נישט „אומשבת״, וואָרים די יידישע רעליגיע

רעגלאַמענטירט נישט דעם צו-גאַסט-גיין לגבי שבת); מע קען נישט זאָגן „אומפּסח האָב איך איבערגעלייענט אַ נייעם בוך"; אַז מע זאָגט „עסן חמץ אומפּסח" באַטייט עס, אַז דער רעדער—אָדער ער האַלט עס פאַר אַן עבירה, אָדער יעדנפאַלס, בעת ער זאָגט עס, האָט ער אין זינען, אַז לויט דער יידישער רעליגיע איז עסן פּסח-צייט חמץ—אַן עבירה. ווען מע זאָל באַנוצן אַ וואָרט „אומדינסטיק", וועט מען דערמיט צוגעבן דעם דינסטיקדיקן טאָג עפּעס אַ קוואַזי-רעליגיעזן כאַראַקטער.

אַזאַ באַטייט, ווי אין „אומשבת", איז זייער אַ ספּעציעלער, אַן ענגער; און דאָך געהערט ער צו גראַמאַטיק (כאָטש בכלל פאַרנעמט זיך גראַמאַטיק מיט אַלגעמיינערע באַטייטן, און מיט ענגערע, ספּעציעלערע באַטייטן פאַרנעמט זיך לעקסיק). דאָס איז דערפאַר, וואָס דער דאָזיקער באַטייט ווערט געשאַפן דורך אַ פאָרמאַלן עלעמענט — דורך אַ פּרעפיקס (אום-), ד.ה. „אָפיציעל", אַזוי צו זאָגן, איז עס אַן אַלגעמיינער באַטייט, נאָר פאַקטיש ווערט ער אָנגעווענדט בלויז ביי געציילטע ווערטער.

604. אַחוץ די ביז איצט באַטראַכטע באַטייטיקע אינוואַריאַנטן, זענען נאָך פאַראַן באַהילפיקע: פּרעפּאָזיציעס, בינדווערטער און פאַרשידענע פּאַרטיקלען. זיי וועלן באַטראַכט ווערן צוזאַמען מיט יענע באַטייטיקע סינטאַגמעס, וועלכע זיי באַדינען.

## 9. פּרעפּאָזיציע

605. פּרעפּאָזיציע—דאָס איז אַ באַהילפיק וואָרט, וואָס קען דינען אויף צו באַהעפטן אַ סובסטאַנטיוו צו אַ וועלכער ס'איז סינטאַגמע און קומט שטענדיק מיטן דאַטיוו.

606. פּרעפּאָזיציעס זענען: אויסער, אונטער, איבער, אין, אין—אַרום, אין—אַריין, אינמיטן, אָן, אַנטקעגן (אַנקעגן, אַקעגן, קעגן), אַנשטאָט (אָנשטאָט), אַף (אויף), באַ (ביי), ביז (ביסקל), בעת, בשעת, במקום, בנוגע, דורך (אַדורך), הינטער (אַהינטער), וועגן, זינט (זייט, צייט), חוץ (אַחוץ), טראָץ, לויט, לעבן (לעם, אָבער נישט „נעבן"), לגבי, לטובת, לכבוד, לשם, מחמת, מיט, מצד, מכוח, נאָך, על-פּי, ערב, פאַזע, פאַר, פאַרביי, פון, פון — אויף, פון — אָן, פון — אַראָפּ, פון — אַרויס, פון — וועגן, צו, צווישן (צווישן), צוליב, קיין, קעגן-איבער א״אַ.

607. אַ פּרעפּאָזיציע באַדינט אַ סובסטאַנטיוו (אין דאַטיוו), אַן

אינפיניטיוו, אַן אַדוועֶרב, אַן אינוואַריאַנט און איז לדיפּוך צום אַרטיקל אָפּטמאָל נישט קיין סובסטאַנטיוויר-מיטל: אין „ער האַלט אין רעדן" איז „רעדן" נישט קיין סובסטאַנטיוו. ביישפּ.:

1) מיט סובסטאַנטיוון:

די ערשטע שטראַלן פון דער וואַרימער זון—„פון" באַהעפט „דער (וואַרימער) זון" צו „די (ערשטע) שטראַלן"; אַרויסגעכאַפּט זיך אויף גאָטס פרייער ליכטיקער וועלט—„אויף" באַהעפט „(גאָטס פרייער ליכ-טיקער) וועלט" צו „אַרויסגעכאַפּט זיך".

2) מיט אינפיניטיוו: ער האַלט אין גיין; אַ טאָג האַלט ביי זינ-קען; דער טערמין פון אָקופּירן; זאָגן צו זאָגן איז נישט גלייך; דאָך האָט זי זיך אָפּגעווײנט פון אויף מיר די אויגן צו גלאָצן (נס.); זי האָט זיך דערביי געהאַלטן אין איין שאָקלען (בערג.).

3) מיט אַדוועֶרב: די שמאַטעס, וואָס שעמערירן אין די אויגן מיט ראָז און גרין און בלוי (טייטש); דאָס איז געווען פאַר אים ערגער פון ערגער (ש"ע).

608. א פרעפּאָזיציע קען אויך דינען צו באהעפטן א סובסטאנטיוו, וואָס האָט שוין א פרעפּאָזיציע: ער קריכט פון אונטערן טיש, ד.ה. ער איז געווען „אונטערן טיש" און קריכט „פון" דאָרטן. איבעריקס, מע קען עס אויפנעמען אנדערש—אלס צונויפגעזעצטע פרעפּאָזיציע „פון אונטערן".

609. פאראן פאלן, ווען א פרעפּאָזיציע דינט נישט צו באַהעפטונג, נאָר פילט-אויס א וואָרטבילדנדיקע פונקציע: „אנטקעגן, ארום, ביי"—מיט אַ צאָל-נאָמען באטייט בערכדיקייט: אַנטקעגן הונדערט, ביי עטלעכע און זיבעציק, ארום 5 אזייגער.

אויך „פאר" אינעם אויסדריק „וואָס פאר א" האָט א וואָרטבילדנ-דיקע פונקציע.

610. אַלע פרעפּאָזיציעס קומען, ווי שוין געזאָגט, מיטן דאַטיוו. די פרעפּאָזיציעס „פון—וועגן, פאַר—וועגן" קומען אָפּט מיטן פּאָסעסיוו (וועלכער שטעלט זיך צווישןביידע טיילן פון דער פרעפּאָזיציע): פון די קליינע קינדערס וועגן. ס'מערקט זיך אָבער אַ טענדענץ אויסצו-גלייכן דעם באַנוץ פון די צוויי פרעפּאָזיציעס מיט אַנדערע, ד.ה. באַ-העפטן זיי מיטן דאַטיוו, צ.ב. „ספּעציעל פון קינדער וועגן" (ש"ע). אַזאַ טענדענץ איז, פאַרשטייט זיך, פּראָגרעסיוו (ווי יעדער טענדענץ צו פאַרקלענערן די צאָל אויסנאַמען) און דאַרף געשטיצט ווערן.

פונעם כלל וועגן פרעפּאָזיציע מיט דאטיוו איז ממילא קלאָר, אז

אין יידיש איז נישטאָ דער אונטערשייד, וואָס אין רוסיש (און אין דייטש), צווישן בויגפאַל אויף דער פראגע „וווּ?" און „וווּהין?": ער זיצט אויפן בוים—ער קריכט אויפן בוים—אין ביידע פאַלן דער זעלביקער בויגפאַל.

611. ס'זענען פאַראַן ווערבן (א"אַ ווערטער), וואָס פאָדערן אָפּט·מאָל די אָדער יענע פּרעפּאָזיציע: האָפן אויף, וואַרטן אויף, לאַכן פון אאַז"וו. דאָס רוב אָבער קען דער זעלביקער ווערב קומען מיט פאַר·שידענע פּרעפּאָזיציעס: שרייבן צו (אַ חבר), שרייבן מיט (טינט) שרייבן אויף (פּאַפּיר), שרייבן אין (קיעוו), שרייבן וועגן (זיך) אאַז"וו.

612. מיטשטימונג אין פּרעפּאָזיציע קען מען אָנרופן די דערשיינונג, וואָס אַ ווערב מיט אַ ווערבאַלן צוגאָב פאָדערט אָפטמאָל אַ געוויסע פּרעפּאָזיציע, וואָס אַנטשפּרעכט מיטן ווערבאַלן צוגאָב: אַרויף — אויף (אַרויפגיין אויפן בוידעם, אַרויפקוקן אויפן שפּיץ טורעם, אַרויפקומען אויפן געדאַנק), אַרויס—פון, מיט—מיט, אָפּ—פון אאַז"וו.

613. ווען אַ ווערב פאָדערט אַן אַקוזאַטיוו, פאָדערט דער אַנט·שפּרעכיקער ווערבאַלער סובסטאַנטיוו די פּרעפּאָזיציע „פון": אויסאַר·בעטן לעדער—די אויסאַרבעטונג פון לעדער, אַן אויסאַרבעטער פון לעדער; דער סובסטאַנטיווירטער אינפיניטיוו קען קומען סיי, ווי אַ ווערב, מיטן אַקוזאַטיוו, סיי, ווי אַ סובסטאַנטיוו, מיט „פון" (452).

ווען אַ ווערב פאָדערט נישט קיין אַקוזאַטיוו, פאָדערט דער ווער·באַלער סובסטאַנטיוו אַמאָל די זעלביקע קאָנסטרוקציע, וואָס דער ווערב, אַמאָל אַן אַנדערע: זיך באַגעגענען מיט עמעצן—אַ באַגעגעניש מיט עמעצן, פאָדערן ביי (פון) עמעצן—אַ פאָדערונג צו עמעצן (לויט אַנאַ·לאָגיע מיט „שטעלן אַ פאָדערונג צו עמעצן").

614. אַ פּרעפּאָזיציע שיידט זיך אונטער פון אַ ווערבאַלן צוגאָב, ערשטנס, דערמיט, וואָס אַ ווערבאַלער צוגאָב בייט זיין אָרט אין אָפּ·האַנג פון מאָדוס· און צייט·פאָרמע פון ווערב: כ'נעם·מיט אַ לעפל — כ'האָב מיטגענומען אַ לעפל, כ'נעם מיט אַ לעפל—כ'האָב גענומען מיט אַ לעפל. צווייטנס, דערמיט, וואָס אַ ווערבאַלער צוגאָב איז אַקצענטירט, אַ פּרעפּאָזיציע נישט.

615. פּרעפּאָזיציע און בינדוואָרט (668) שיידן זיך אונטער דער·מיט, וואָס בינדוואָרט קען זיך באַהעפטן מיט יעדן בויגפאַל: „איך און דו, מיר און דיר, מיך און דיך", אָבער: איך מיט דיר, מיך מיט דיר; אַ פּרעפּאָזיציע פאָדערט דווקא אַ דאַטיוו.

616. פּרעפּאָזיציע איז אַ באַהילפיקער אינוואַריאַנט; אונטערשייד

זי פון אַ באַטייטיקן אינוואַריאַנט, אין פאַל אויב יענער פאָדערט אויך אַ דאַטיוו, קען מען אָביעקטיוו נישט: דאָ שפּילט אַ ראָלע די גראַד באַטייטיקייט, וואָס ס'שטעלט-פאָר דער אָדער יענער אינוואַריאַנט. בייַשפּ.: „ער גייט פונדערווייטנס" איז געווים נישט קיין פּרעפּאָזיציע, ווייל ס'פאָדערט נישט קיין דאַטיוו; „ער גייט פאַרביי" איז אויך נישט קיין פּרעפּאָזיציע, ווייל ס'איז (אין דעם טעקסט) אָן אַ דאַטיוו; „ער גייט פאַרביי דער שטוב"—קען שוין אַרויסרופן אַ ספק: צי איז עס פּשוט אַן אינוואַריאַנט, וועלכער פאָדערט אין דעם פאַל אַ דאַטיוו (פּונקט ווי „מזל-טוב דיר", וואָס ס'איז אויך אַן אינוואַריאַנט מיט אַ דאַטיוו), אָדער ס'איז דווקא אַ פּרעפּאָזיציע. פּראַקטיש איז די פראַגע נישט וויכטיק. אין „נאָך דעם מאַן אירן צוליב... האָט זי זיך גענויט" (אבר.) וועלן מיר אָננעמען „צוליב" פאַר אַ באַטייטיקן אינוואַריאַנט בלויז איבערן ווערטער-סדר; מיר האָבן נישט קיין ביישפּילן, די פּרעפּאָזיציע זאָל שטיין נאָכן סובסטאַנטיוו. אין „די צוויי קלויסטערשפּיצן מיט דער שול-יאַרמלקע האָבן געשטעקט העכער די דעכער, העכער אַלע שטאָטישע געשטאַלטן" (בערג.) זענען מיר גענייגט אָנצונעמען „העכער" פאַר אַ מין פּרעפּאָזיציע, פאַר אַ „פּרעפּאָזיטירטן אַדווערב".

617. אַסאַך פּרעפּאָזיציעס קענען זיך צונויפגיסן מיטן באַשטימיקן אַרטיקל פון דער איינצאָל דעם, דער, וועלכער ווערט דעמאָלט רעדוצירט (פאַרקירצט) צו —ן אָדער —ם: אויף דעם, אויף דער=אויפן, צו דעם, צו דער=צום. ביישפּ.: אויפן באַרג=אויף דעם באַרג, מיטן האַנט=מיט דער האַנט.

אָט זענען די פּרעפּאָזיציעס, וואָס זענען מסוגל צו אַזאַ צונויפגוס: אויסער—אויסערן; אונטער—אונטערן; איבער—איבערן; אין—אינעם; אָן—אָנעם; אנשטאָט—אנשטאָטן; אויף—אויפן; ביי—באַם, ביים ביין; ביז—ביזן; בעת—בעתן; בשעת—בשעתן; דורך—דורכן; הינטער—הינטערן; חוץ—חוצן; לויט—לויטן; מיט—מיטן; מצד—מצדן (?); נאָך—נאָכן; פאַר—פאַרן; פון—פונעם; צו—צום; צוליב—צוליבן.

618. די פאָרמעס „אונטערן, צום" אאַז"וו קומען-פאָר אָפטער ווי „אונטער דעם, צו דעם"; אָבער ביידע זענען אַלצאיינס „געזעצלעך". וואָס איז שייך דעם פאַרבייט פון „אונטער דער" אויף „אונטערן", „אויף דער" אויף „אויפן" אדג"ל, האָב איך די דאָזיקע דערשיינונג נאָך ווייניק דערלערנט. דאַכט זיך, אַז זי קומט פאָר נאָר ביי געוויסע סובסטאַנטיוון.

עטלעכע ביישפּילן פון צונויפגוס פון פּרעפּאָזיציע מיט „דער": ... עס איז דאָ אַ גרויסע אָזערע... אין דער אָזערע שווימען... קומט ארויס אַ קליין מיידעלע אין גאָרטן צום אָזערע... (רעזניק); ... די טײַכל... בײַם טײַכל זיצט אַ פּאַסטעכל (קאַפּלאַנס איבערזעצונג פון קרילאָווס משלים); ווי קינדער בײַם מאַמען אין שויס (אבר.); די דאָרף — פונם דאָרף (פּערסאָוו); טוט אַ קוק אויפן שיקסעלע... אַ ווינק געטון דער שיקסעלע (קיפּנים).

619. די פּרעפּאָזיציע „על-פּי" מאַכט איבעריק („פאַרשפּאָרט") דעם באַשטימיקן אַרטיקל: על-פּי דין, על-פּי פיזיק. אין מײַן דיאַלעקט, און מיילוויז אויך אין אַנדערע, געהערן אַהער: אין („אינעם" איז נישטאָ), אינמיטן, אַנטקעגן, אַרום („אַרום וואָקזאַל"), וועגן, לעם, פון („פונעם" — נישטאָ); אָבער דעם אַרטיקל פון צווייטן מין „דער" פאַרשפּאָרן זיי נישט שטענדיק. „קיין" קומט נאָר מיט אַ געאָגראַפישן נאָמען.

620. אין אייניקע אויסדרוקן, ווו ס'קומען פאָר אין אַ געוויסן פאַראַלעליזם צוויי סובסטאַנטיוון מיט איינער אָדער צווײ פּרעפּאָזיציעס, ווערט פאַרשפּאָרט דער אַרטיקל: פון יאָר צו יאָר.

621. בכּלל באַטײַט אַ פּרעפּאָזיציע, ווי דער דאַטיוו אַליין, אַ „ווייטן אָביעקט", אַן אָביעקט, וואָס האָט אַ שייכות צו אַן אַנדער אָביעקט, צו אַ טוונג, צו אַ סימן, נישט אַזאַ נאָענטע (שייכות) ווי ס'באַצייכנט אַן אַקוזאַטיוו.

622. אַמאָל איז אַ פּרעפּאָזיציע (מיטן דאַטיוו) כּמעט עקוויוואַלענט מיט אַ בלויזן דאַטיוו: זאָג אים-זאָג צו אים, קויף מיר—קויף פאַר מיר.

623. אין אייניקע שפּראַכן איז פאַראַן מער בויגפאַלן, ווי אין יידיש, און דאָס, וואָס ווערט אין יידיש אויסגעדריקט דורך אַ פּרעפּאָזיציע, ווערט דאָרטן אָפטמאָל אויסגעדריקט דורך אַ בויגפאַל אַליין: „די ווירקונג פ ו ן שול"—влияние школы, „שרייבן מיט אַ פּענע" — писать пером. יידיש טרעט דאָ אַרויס אַלס אַ מער אַנאַליטישע (ווייניקער סינטעטישע) שפּראַך ווי רוסיש.

624. יעדע פּרעפּאָזיציע האָט דאָס רוב פאַרשידענע באַטײַטן. אייניקע באַטײַטן זענען אָרטעדיקע: קריכן אויפן בוים, אַנדערע צײַטעדיקע: אָפּלייגן אויף אַ צווייטן מאָל, אַנדערע אורזאַכעדיקע: קלאָגן אויפן מזל, א"אַ.

625. מע האַלט, אַז דער גרונט-באַטײַט פון אַלע פּרעפּאָזיציעס איז אַן אָרטעדיקער, אַלס דער סאַמע קאָנקרעטער. אין אייניקע פאַלן

קען מען נאָך היינט כאַפּן דעם איבערגאַנג פון אָרטעדיקן באַטײַט צו אַן אַבסטראַקטערן: זיך געפינען אונטער דער ווירקונג — די ווירקונג ווערט פאָרגעשטעלט, אַלס עפּעס אַ זאַך איבערן מענטשן און ער געפינט זיך אונטן.

626. אָט זענען עטלעכע ביישפּילן, וואָס ווייזן די באַטייטן-פאַרשידנאַרטיקייט פון די פּרעפּאָזיציעס:

**אונטער**: אונטערן טיש; האַלט אַ פּעקל אונטערן אָרעם; אונטערן ווירקונג; אונטערן וואָרט גראַמאַטיק פאַרשטייט מען די לערע פון שפּראַכפאָרמעס (יידישלעכער אָבער: „מיטן וואָרט גראַמאַטיק מיינט מען...").

627. **איבער**: שפּאַנט זיך איבערן זאַמד; הערשט איבערן פאָלק; מע זאָל דאַרפן גיין איבער די הייזער איבער דיר (ש"ע)—צוויי מאָל „איבער" מיט פאַרשידענע באַטייטן; איך זיץ איבער אַ בוך, זאָגט אַ גנב, וואָס איז פאַרזעצט פאַר גנבענען אַ בוך.

628. **אין**: געלט אין די טאַשן, מעד אין די פלאַשן; ווי מיר זאָגן אין דער הגדה; קוקט מען נישט אָן אַ שטיקל פלייש אין די אויגן; איך האָב זיי אין דר'ערד; אין איינעם אַ פרימאָרגן; אַריין אין בעס; גלייבן, לייקענען אין גאָט; קרוזע האָט אַריינגעטענעט אין ראַבינאָוויטשן (אָפּ.); אין אַסאַך פאַבריקן גיט מען די אַרבעטער די שכירות אין קאָנווערטן — בעסער וואָלט געווען מע זאָל זיי געבן די שכירות אין דער צייט (אַ וויץ פון אַ צייטונג); אין דער הייליקער גמרא געפינט מען אַלץ, אפילו אַ דאַרע וואַנץ (בערנשטיין)—ווערטער-שפּיל מיט „אין".

629. **אָן**: 1) ער איז געבליבן אָן געלט.

2) זיך דערמאָנען אָן עמעצן; זיך קלאַפּן קאָפּ אָן וואַנט; שטיין אָן אַ זייט.

630. **אויף**: זיצן אויף אַ בענקל; אויפגעטראָגן אויף די נגידים; וואָס זאָגסטו אויף אים; מע זאָגט אויף אים, אַז ער איז געוואָרן אַ גביר; כ'מיין אויף אַ געלעכטער; אַ פערטל אויף דריי.

631. **מיט**: קום מיט מיר; גאָט איז מיט דיר!; דאָס לאָזט מען אים איבער אַליין מיטן מיידל (אָפּ.); זאָלן זיי זיין מיט יאָרן (ש"ע); רעדן מיט עמעצן; גייט טענעט מיט אַ יידענע! (ש"ע); לערנען מיט עמעצן; מיט די אייגענע אויגן געזען; אָפּגעווישט מיט אַ טיכל דעם שטערן; טרעפן מיט אַ שטיין; מע זאָל מיך נישט שטאָפּן מיט קיין קאַרטאָפלעס; גיין

מיטן וועג; מיט ראָזינקעס אַרומגעשטעקט; ענטפערט ער מיט אַ גלייכ-ווערטל; האַנדלען מיט באַקאַליי; זיך באַרימען מיט עשירות; זיך באַ-וועגן מיט דער גיכקייט פון 100 מעטער אין אַ סעקונדע; ליבן מיטן גאַנצן האַרצן; אויפגעשטאַנען מיטן טאָג-ליכט; וואָס מיט מיר האָט געטראָפן; איך מיט אים; לאָזן זיי אייך גיין אין דער ערד אַריין ביידע, דער פריסטאַוו מיטן אוראַדניק (ש״ע) — „מיטן״ — אַקצענטירט; איך וועל מיך פאַר אייך נישט גיין באַרימען, אַז איך בין דער גרויסער למדן, מיטן גרויסן עושר, מיטן גרויסן פילאָזאָף (ש״ע); אַ מענטש מיט אַ קאָפּ; חומש מיט רש״י; אַ שטאָט מיט יידן; אַסאַך מיט יאָרן; אַ מעשה מיט אַ בער; מזל-טוב דיר מיט דיין באַקאַנטשאַפט (ש״ע); פול מיט שאָטנס; צופרידן מיטן וואַרעמען נאָך-פסח; דוסט האָבן אַ חלק גלייך מיט מיר; מיט דריי יאָר צוריק; איינס מיט איינס איז צוויי; מיט די פיסלעך קליאַטש-קליאַטש.

צוויי באַטייטן איז אין פראַזע: איך וויל מיט רויטע בליטן טענען מיט גרויסער וועלט (האָפ.); מיט וואָס האַנדלט ער? — ער האַנדלט מיטן טאַטן (ד.ה. צוזאַמען מיטן טאַטן, נישט האָבנדיק נאָך קיין אייגן געשעפט).

632. פאַר: ס'איז געווען פאַר דער מלחמה; מורא האָבן פאַר עמעצן; זיך איינשטעלן פאַר עמעצן; קויפן פאַר געלט; באַשטראָפן פאַר אַ זינד; דו ביסט בעסער פאַר אים; זיך נעמען פאַר דער אַרבעט.

צווייִדייטיקייטן: פאַרוואָס קויפט אַ גלח אַ שטעקן מיט אַ זילבער-נער גאַלקע? — פאַר געלט; פאַר וועמען האַלטסטו מלחמה? — האָט מען געפרעגט אַ יידישן סאָלדאַט. — פאַר באַראָן גינצבורגס זון (ד.ה. יענער האָט געזאָלט גיין פאַר אַ סאָלדאַט, האָט מען אים באַפרייט און מיך אָפּגעגעבן); אַ חזן עסט פאַרן דאַוונען (פאַר דעם געלט, וואָס ער נעמט פאַרן דאַוונען).

נישט-גלאַטקייט אין סטיל: בעסער פאַרן קינאָ (קעפל פון אַ נאָטיץ אין „העקער״) – צי הייסט עס „בעסער פון קינאָ״ אָדער „לאָז עס זיין בעסער פאַרן קינאָ איידער פאַר עפּעס אַנדערש״? ; מלך איז פאַרן טויט גע-בליבן דער זעלבער, וואָס פאַרן לעבן (בערג., אין שפּעטערדיקער רע-דאַקציע פאַרבעסערט: וואָס אין לעבן).

633. פון: איך פאָר פון בויבעריק; ער איז פון וואַרשע; לאָז מען פון אייך פּטור ווערן (465); אַמענטש איז שוואַכער פון אַ

פליג און שטאַרקער פון אייזן; איינער פון זיי; אַ כּלי פון ווײַן; די פאַרשפּרייטונג פון בילדונג; דער בוך ווערט פון מיר געלייענט; ער איז שוין דאָ פון אַ שעה צייט; דער קרעמער האָט זיך נישט געקאָנט אָפּיאָגן פון די ייִנגלעך (אָפּ.); רעכטס פון טיש; נישקשה פון אַ פערד; אַן אַנטיק פון ווישניק (ש״ע); אַ דריטל פון 12 איז 4; חתונה געהאַט פון ווילנע; נאָך פון פאַר דער מלחמה.

וועגן „פון״ ז׳ נ. שטיפס אַרטיקלען אין זשורנאַל „די ייִדישע שפּראַך״, קיעוו 1927.

634. גרופּעס מיט די פּרעפּאָזיציעס „אויסער, אַחוץ״, אָפּטמאָל אויך מיט אַנדערע, ווערן אָפּגעזונדערט (אויסגעטיילט מיט קאָמע-אינטאָנאַציעס): אַחוץ אים, זענען אַלע געקומען; קיינער וואָלט עס נישט געטון, אויסער דיר; אַ פערד, אויף פיר פיס, ספּאָטיקעט זיך; די ייִדן, אין שבתדיקע מלבושים..., זענען געשטאַנען אין קופּקעס (אָפּ.).

פּרגל׳: צום גליק, איז ער שוין געקומען (צום גליק שפּילט די ראָלע פון אַ באַמערק-וואָרט, ד.ה. האָט אַ סוביעקטיוון בײַבאַטײַט), צום גליק איז ער שוין געקומען, צו רײַכקײַט–נישט. אין ערשטן פאַל איז דער בױגפאַל מיט דער פּרעפּאָזיציע אָפּגעזונדערט.

## 10. בינדונג

635. אין אַזאַ באַהעפט ווי „ער איז אַ גוטער״, האָבן מיר אַ סוביעקט „ער״ און אַן אַדיעקטיוו „גוטער״, וואָס שטימט-מיט מיטן סוביעקט. אָבער דער אַדיעקטיוו ציט זיך צום סוביעקט נישט אוממיטל-באַר—פאַראַן נאָך אַ הילף-פּערזאָנוואָרט „איז״, וועלכער בילדעט צוזאַמען מיט אַ „גוטער״ איין סינטאַגמע. אַזאַ סינטאַגמע — הילף-פּערזאָנוואָרט+באַטײַטיקער וואָרט — רופט מען צונויפגעזעצטער פּרעדיקאַט, כּדי באַצייכענען דערמיט איר אַנאַלאָגיע מיט אַ באַטײַטיקן פּערזאָנוואָרט. דאָס הילף-פּערזאָנוואָרט אַליין רופט מען בינדונג (קאָפּולע).

636. אין „ער איז געקומען״ איז „איז״ נישט קיין בינדונג, נאָר אַ קאָניוגאַטיווער הילפֿווערב, ווײַל מיר באַטראַכטן „איז געקומען״ צוזאַמען אַלס אַ ווערב. פאַרוואָס איז „איז געקומען״ איין ווערב (אַלזאָ אַן „איינ-פאַכער פּרעדיקאַט״) און „איז אַ גוטער״–אַ ווערב (הילפֿווערב)+אַדיעקטיוו –דאָס לאָזט זיך נישט גענוג מאָטיווירן: אַמאָל איז די גרענעץ

קאָנווענציאָנעל; פרגל׳: ער איז חולה (איינפאכער פּרעדיקאַט)—ער איז אַ חולה (צונויפגעזעצטער).

אין „ער איז אינדערהיים״ איז „איז״ נישט קיין בינדונג, נאָר אַ באַטייטיקער פערזאָנוואָרט (=געפינט זיך אינדערהיים).

637. פאַר בינדונגען נעמען מיר אָן די הילפווערבן: „זיין״ (בין, ביסט..., בין געווען, וועל זיין, וואָלט זיין...) און „ווערן״ (ווער, ווערט, ווערט, ווערן, בין געוואָרן...).

638. דער באַטייטיקער טייל פונעם צונויפגעזעצטן פּרעדיקאַט קען זיין:

1) נאָמינאַטיוו פון אַ סובסטאַנטיוו (פּרעדיקאַטיווער נאָמינאַטיוו): ער איז אַן אַרבעטער; ווער איז ער? (מע קען אָננעמען „ער״ פאַרן סוביעקט און „ווער איז״ פאַרן פּרעדיקאַט, פרגל׳ „ווער זענען זיי״, ווו ס׳איז קלאָר, אַז דער פערזאָנוואָרט שטימט מיט „זיי״, נישט מיט „ווער״); וואָס וועט זיין פון דיר דער תּכלית?

מיטשטימונג אין מין איז נישט אָבליגאַטאָריש: זי איז אַ שרייבער(קע); זי איז אַ חולה מסוכּן; זי איז אַ גוטער דאָקטאָר.

639 2) בויגפאַל פון אַ סובסטאַנטיוו: ער איז פון גרויסן יחוס.

640 3) פּאָסעסיוו: די שטעלונג איז א. גראַנאָווסקיס („עמעס״).

641 4) אַדיעקטיוו, מיטשטימיק מיטן סוביעקט: ער איז אַ גוטער; דיין האַרץ איז אַ קלוגס און אַ קאַלטס.

דאָ ווערט קלאָר, אַז „מען״, וועלכער קען נישט סובאָרדינירן אומ־מיטלבאר קיין אדיעקטיוו, איז פונדעסטוועגן אַ סובסטאַנטיוו (און געהערט, אגב, צום ערשטן און צווייטן מין): מע איז אַ שיינער, מע איז אַ שיינע.

די גאַנצע וועלט איז מיַין; זינט זיין קרענק בין איך אינגאַנצן זיין (קאָרנבלום). „מיין, זיין״ זענען דאָ נישט קיין אדווערבן, נאָר נול־פּאָרמעס פון אדיעקטיוו.

642 5) אַדווערב: ער איז געזונט; דער בריוו איז אָנגעשריבן.

מע דאַרף עס נישט האַלטן (ווי אין רוסיש) פאַר אַן אַדיעקטיוו.

אין רוסיש זענען פאַראַן צוויי קלאַסן ווערטער, וואָס מע רופט „אַדיעקטיוון״: אַזעלכע, וואָס האָבן פּאָרמעס פון צאָל, מין און בויגפאַל („פולער אַדיעקטיוו״), און אַזעלכע, וואָס האָבן פּאָרמעס פון צאָל און מין („קורצער אַדיעקטיוו״); חוצדעם איז פאַראַן אַדווערב, וואָס האָט בכלל אַזעלכע פּאָרמעס נישט. אין יידיש איז נישטאָ אַזאַ קלאַס, וואָס זאָל לויט דער פּאָרמע אַנטשפּרעכן מיטן רוסישן „קורצן אַדיעקטיוו״:

ער איז געזונט — זי איז געזונט — דאָס קינד איז געזונט. האָט נישט קיין זינען דעם אַדווערב „געזונט״ אָנרופן „אַדיעקטיוו״ דערפאַר, וואָס ער ווערט אויף רוסיש פּאַרטייטשט מיט אַן אַדיעקטיוו.

דאָס, וואָס דער אדוערב קען באהעפט זיין אמאל צו א באטייטיקן ווערב, אמאל צו א באהילפיקן, איז, פארשטייט זיך, נישט גענוג צו צע־שפּאַלטן אדוערב אויף צוויי קלאסן.

ווען דער אַדווערב איז אַ פּאַרטיציפּ, און ס׳איז פאַראַן אַזאַ מין אַנטשפּרעכונג:

דער בריוו איז אָנגעשריבן = עמעצער האָט דעם בריוו אָנגע־שריבן, — הייסט דער צונויפגעזעצטער פּרעדיקאַט (מיט דער בינדונג בין, ווער) פּאַסיוו (311).

„ער איז שטארק געלערנט״ איז נישט קיין פאסיוו-נישטאָ קיין אַנט־שפּרעכונג מיט אן „אקטיווער״ קאָנסטרוקציע; „ער איז געבליבן אויסגע־זידלט״ רופט מען אויך נישט „פאסיוו״, הייל די בינדונג איז דאָ „בלייבן״.

643 6) אינפיניטיוו: דיין אַרבעט איז — לערנען.

644 7) אינוואַריאַנט. צאָלנאָמען: זיי זענען צוויי; דער זייגער איז פיר; וויפל איז דער זייגער?; די טיר איז צו; מיר זענען קוויט; טפו זאָל ער ווערן.

645 8) דאָס זעלביקע וואָרט, וואָס דינט פאר א סוביעקט: „צופוס איז צופוס״ (ש״ע), ד.ה. כמעט: „אויב צופוס – זאָל זיין צופוס״ (אפשר דארף מען דאָ גאָר באטראכטן „איז״ פאר אן אייגנארטיקן בינדוואָרט?).

646. „זיין, זייענדיק, ווערן, ווערנדיק״ ווערן אויך באנוצט „קאָפּו־לאטיוו״ (אזוי צו זאָגן, אינפיניטיווישע און גערונדישע בינדונגען).

647. אַ צונויפגעזעצטער פּרעדיקאַט באַטייט אַ קאָנסטאַטירונג, אָבער נישט פון קיין טוונג, נאָר פון אַ סימן אָדער פון דער אָנגע־העריקייט פונעם סוביעקט צו אַ וועלכע ס׳איז גרופּע (אין לאָגישן זינען): „אברהם איז אַ גוטער״ — ווערט קאָנסטאַטירט אברהמס גוטסקייט; רחל איז אַ בלאָנדינקע—ווערט קאָנסטאַטירט, אַז רחל געהערט צו דער גרופּע בלאָנדינקעס.

648. ביישפּילן פון בינדונג און סוביעקטלאָזיקע זאַצן.

די ווערבן „איז, ווערט״ מיט אַן אַדווערב אָדער אינוואַריאַנט: ס׳איז באַשטענדיק דאָרטן שטיל (נס.); זאָל זיין אַביסעלע שטיל; ס׳איז גוט, וואַרעם, שפּעט אַזוי; מיר איז גוט, וואַרעם אַזוי; זאָל שוין זיין גענוג געשפּילט זיך (גאָד.); ס׳ווערט שטילער; ס׳איז פאַראַן;

ס׳איז נישטאָ; ס׳איז געווען ליהודים; עס איז פּרייטיק; ס׳איז געוואָרן פאַרנאַכטלעך; ס׳איז נישט אַמאָל; וועגן דעם אינטערעס פון קיעווער פּראָלעטאַריאַט צו דער קאָנפערענץ איז אָפּגערעדט („עמעס“).

דער ווערב „זאָל ווערן“ (געמישטער מאָדוס) מיט אַ פּאַרטיציפּ און מיט „נישט“: נישט געווינט זאָל מיר דאָ באַלד ווערן!

צי קומט פאָר אזא קאָנסטרוקציע אָן „נישט“ („געגעבן זאָל ווערן!“)?

649. אַ צונויפגעזעצטער פּרעדיקאַט באַהערשט אַמאָל אַ דאַטיוו אין אַזעלכע פאַלן, וואָס קומען ביי איינפאַכן פּרעדיקאַט נישט פאָר:

1) ער איז מיר אַ ברודער, פריינט, קרוב, שונא; זיי מיר אַ גאָלדענע, זיי מיר אַ קינד (פּעפּער).

2) ער איז מיר אומדערטרעגלעך, איינגענעם, באַהילפיק, באַוווּסט, באַקאַנט, גלייך (ער איז לייטן גלייך), געטריי, ווייט, וויכטיק, נאָענט, נוצלעך, נייטיק, עקלהאַפט, פאַרדעכטיק, פרעמד, שולדיק אדג״ל.

3) מיר איז איינגענעם, באַוווּסט, ביטער, גוט, וואַרעם, פינצטער, ליכטיק, קלאָר; מיר ווערט איינגענעם, באַוווּסט...; וויי (און ווינד) איז מיר, אַ קלאָג איז מיר.

650. אַ פולבאַטייטיקער ווערב באַטייט, ווייסן מיר, (אַלס פּערזאָנוואָרט), די קאָנסטאַטירונג פון אַ טוונג. וואָס-זשע באַטייט אַ בינדונג, ד.ה. אַ באַהילפיקער ווערב? ביי אים איז געבליבן נאָר די ווערבאַלע פאָרמע, אָן דעם ווערבאַלן אינהאַלט, ד.ה. ער באַטייט בלויז אַ קאָנסטאַטירונג, אָבער נישט קיין טוונג. די ווערבן „זיין, ווערן“ זענען די סאַמע וויינִיק-באַטייטיקע. פאַראַן אָבער איבערגאַנג-סטאַדיעס צווישן „עכטע“, פולבאַטייטיקע ווערבן (ווי „אַרבעטן, שרייבן, עסן“) און אַזעלכע „פּוסטע“, אויסגעליידיקטע ווערבן, ווי „זיין“, „ווערן“. ביישפּ.: ער גייט אַהיים; ער גייט אין אַ נייעם אָנצוג. אין צווייטן באַהעפט האָט „גייט“ אַ ווייניקער קאָנקרעטן באַטייט, ווי אין ערשטן.

651. די „האַלב-באַטייטיקע“ ווערבן ווערן אַמאָל באַנוצט אַלס קאָנקרעטע בינדונג (קאָנקרעטע קאָפּולע). אַזוי הייסט אַ פּערזאָנוואָרט, וואָס שפּילט די ראָלע פון אַ בינדונג (אַלס באַהעפט-מיטל צווישן סוביעקט מיט אַן אַדיעקטיוו, אַדווערב אאַז״וו), זייענדיק אין דער זעלביקער צייט נישט אינגאַנצן פּוסט פון אַ קאָנקרעטן באַטייט, צ.ב. ער ליגט קראַנק. דאָ דערציילט זיך נישט וועגן דעם, אַז „ער ליגט“ (נישט „זיצט, שטייט“), נאָר אַז ער איז קראַנק, און דאָך

איז אין „ליגט קראַנק” דער פּערזאָנוואָרט אַ באַטייטיקער (סטיליסטיש גערעדט — בילדערישער) ווי אין „איז קראַנק”.

ביישפּילן פון קאָנקרעטע בינדונגען: פּאַרציטערט בלייבט דער עולם (פּר.) — פרגל׳: פּאַרציטערט ווערט דער עולם; פאַרשטיינערט זיצט דער עולם (פּר.) — פרגל׳: פּאַרשטיינערט איז דער עולם; בין איך איבערגעבליבן איין איינציקער בחור (אַבר.); אין יענער נאַכט בין איך... ביי דער באָבע אין איר שטיבעלע אַן אורח געזעסן (נס.).

652. די בינדונג ווערט אַמאָל פּאַרשפּאָרט, באַקומט זיך אַ נייער טיפּ באַהעפט: סובסטאַנטיוו + סובסטאַנטיוו (אָבער נישט אַפּאָזיציע), סובסטאַנטיוו + אַדווערב אדג״ל; אָפּט (נישט שטענדיק) קומט אָנשטאָט דער פּאַרשפּאָרטער בינדונג אַ טירע-אינטאָנאַציע. ביישפּ.: פרום דער טאַטע, פרום די מאַמע (פּר.); ריין דער הימל, ריין דאָס וואַסער, ריין דאָס זאַמד, ריין די לופט און שטיל (ש״ע); סע איך, באָבע! (האָפּ.); מיר זענען שמידן, אַ פּריינט דער האַמער; ער פון בערלין, זי פון ווין; ער אַ חתן, זי אַ כּלה (ש״ע); זאָגט מען: ס׳אַן אוצר (נאַד.); איי-רע שבחים — נישט איבערצודערציילן (וואָראָבייטשיק).

אַהער געהער אויך: ווי געזאָגט, ווי באַוווּסט אדג״ל (=ווי ס׳איז געזאָגט, ווי ס׳איז באַוווּסט).

## 11. גלייכאַרטיקע סינטאַגמעס

653. אָפט טרעפט מען אין רייד דעם וואָרט „און”. וואָס באַטייט ער? ס׳איז אַ באַהילפיקער וואָרט, וואָס באַהעפט אַזעלכע צוויי סינ-טאַגמעס, וואָס שטייען ביידע אין דער זעלביקער באַציונג צו אַ דריי-טער סינטאַגמע: אָדער ביידע זענען צו איר באַהעפט („איך עס ברויט און קעז”), אָדער ביידע באַהעפטן זי צו זיך („ס׳לויפן אַלטע און יונגע”), אָדער אי דאָס, אי דאָס („כ׳האָב געקויפט פרישע צייטונגען און זשורנאַלן”).

654. די באַציונג, וואָס ווערט אין אַזאַ פאַל אויסגעדריקט דורך „און”, וועלן מיר רופן קאָאָרדינירונג („ברויט” און „קעז” זענען קאָאָרדינירט צווישן זיך), אין געגנזאַץ צו די ביזאַהעריקע באַהעפ-טונגען — **סובאָרדינירונגען**. אַזעלכע סינטאַגמעס, וואָס ווערן אָדער קענען ווערן קאָאָרדינירט, וועלן מיר רופן **גלייכאַרטיקע**. אַחוץ די אָנגעוויזענע באַציונגען צווישן גלייכאַרטיקע סינטאַגמעס, קענען זיין:

נאָך אַנדערע: איינפּאַכערע, דהיינו: בלויזע קאָאָרדינירונג (אָן סובאָרדינירונג), צ.ב. „עס און טרינק״; אָדער, אַדרבאָ, קאָמפּליצירטערע, אַשטייגער: מיר שפּילן און טאַנצן אין פעלד און אין וואַלד.

655. גלייכאַרטיקע סינטאַגמעס קענען זיין קאָאָרדינירט אויך אָן דעם בינדוואָרט „און״ — בלויז דורך דער אינטאָנאַציע, ווערטער-סדר און דורך גראַמאַטישער אַסאָציאַציע, ד.ה. דער מעגלעכקייט פונעם בינדוואָרט „און״. ביישפּ.: פאַר וועמען נייגן זיך עפּעס די ביימער אין וואַלד, די זאַנגען אין פעלד? (אַש); און מע קלערט נאָר וועגן דער נסיעה, וועגן דניעפּער, וועגן פאַראָם (ש״ע); זון שטייט אין זעניט און שיינט שטום, שניידנדיק העל (גאָד). אויב נאָר מיר פאַרשטייען די לעצטע פראַזע ריכטיק, פילן מיר (אגב, ווייזט עס די אינטאָנאַציע), אַז צווישן „שטום״ און „שניידנדיק העל״ וואָלט מען געקענט אַריינשטעלן „און״, נישט ענדערנדיק ראַדיקאַל דעם מיין פון דער פראַזע. מע קען אָבער נישט אַריינשטעלן „און״ צווישן „שניידנדיק״ און „העל״ (כאָטשביידע זענען אַדווערבן). הייסט עס, „שניידנדיק איז סובאָרדינירט צו „העל״, און „שטום״ איז קאָאָרדינירט מיט „שניידנדיק העל״, קאָאָרדינירט אָן דער הילף פון אַ בינדוואָרט.

656. אין אַ באַהעפט קען זיין מער ווי צוויי גלייכאַרטיקע סינטאַגמעס. אַזאַ ריי האָט אָפּטמאָל דעם בינדוואָרט „און״ בלויז פאַר דער לעצטער סינטאַגמע: בין איך אין געוויסן, גרויסן און ווילדן וואַלד געווען (נס.); טראָגן זיי זיך ברומענדיק איבער דער קאַרפּאַטן-קייט, דרייען זיך, קוקן אויס און פאַרשווינדן צוריק אין די וואָלקנס אַריין (גאָד.). זי קען אָבער האָבן דעם בינדוואָרט פאַר יעדער סינטאַגמע, אַחוץ דער ערשטער: זון ציט זיך צום זעניט אַרויף און בלייבט אַ רגעלע דאָרט שטיין און באַשיינט ערד צעריסענע (גאָד.); דער זשיראַף, און די אַנטילאָפּע, און דער הירש, און דער ווילדער אייזל, און אַלע איבעריקע האָבן שוין פשוט נישט געהאַט ווהין אַהינצוטאָן זיך פון זיי (קאַצס איבערזעצונג פון קיפּלינגס „וואונדערלעכע מעשהלעך״).

657. קאָמבינירונג פון בינדוואָרטלעכער און בינדוואָרטלאָזיקער קאָאָרדינירונג און פון עלעמענטאַרע (פון צוויי סינטאַגמעס) און לענגערע רייען ברענגט צו גאַנץ פאַרשידנאַרטיקע, „קאַפּריזפולע״ קאָנסטרוקציעס. ביישפּילן: אין שטיבעלע האָט אַ קאַניצל געברענט, שוואַך און צוגעשלאָגן אויף די ווענט אָפּגעשיינט און שטיל און אומעטיק די באָבע אין איר אַלטקייט באַלויכטן (נס.); בלייבן נאָר סקעלעטן פון מאַשין און מענטש,

געקנייטשטע, שווארצע און צעדרייטע (גאָד.); פלינק און ערדיש, פיצל און באנומען איז דאָס בריאָהלע געלאָפן (נס.); דאָ האָבן מיר אַ „רייען־ריי": „פלינק" איז קאָאָרדינירט מיט „ערדיש", „פיצל" — מיט „באנומען", און די ריי „פלינק און ערדיש" איז קאָאָרדינירט (אָן אַ בינדוואָרט) מיט דער ריי „פיצל און באנומען".

658. באַזונדער דאַרף מען דערמאָנען אַזאַ קאָנסטרוקציע: בליש־טשען נאָך ערגעץ ווו אויסגעשטשירעטע ציין, פאַרבלוטיקטע און אָפענע (גאָד.); דער ווערטער־סדר (און אין שייכות דערמיט די אינטאָנאַציע) צווינגט אָנצונעמען, אַז דאָ זענען נאָר „פאַרבלוטיקטע" און „אָפענע" קאָאָרדינירט צווישן זיך, אָבער נישט „אויסגעשטשירעטע".

659. גלייכאַרטיקע סינטאַגמעס האָבן דאָס רוב אַ פאַראַלעלע אינטאָנאַציע פון קאָמעס. ווען צוויי גלייכאַרטיקע סינטאַגמעס האָבן דעם בינדוואָרט „און", איז קיין קאָמע נישטאָ, ווען אָבער מער ווי צוויי, הערט זיך אַ קאָמע אויך פאַרן „און", כאָטש ס'איז אָנגענומען נישט צו שרייבן זי. אין קאָמפליצירטע קאָנסטרוקציעס איז אויך די אינטאָנאַציע קאָמפליצירטער.

660. מע קען קלאַסיפיצירן די גלייכאַרטיקע סינטאַגמעס לויט ווערטער־קלאַסן און פאָרמעס: פערזאָנוואָרט + פערזאָנוואָרט, סובסטאַנטיוו + סובסטאַנטיוו (אין זעלביקן בויגפאַל), אאַז"וו. איך וועל זיך דאָ דערויף נישט אָפשטעלן.

661. אָפט קומען אַלס גלייכאַרטיקע נאָר באַטייטיקע ווערטער, וואָס זענען באַדינט פון איין און דעם זעלביקן באַהילפיקן: ער האָט באַטראַכט און געענטפערט (=און האָט געענטפערט); כ'וועל צוגיין און אַ פרעג טון (=און וועל אַ פרעג טון); כ'וואָלט בעסער גענומען און אָנגעשריבן (=און וואָלט אָנגעשריבן); זאָלן באַלויכטן און באַהאַנדלט ווערן אַזעלכע פראַגן.

אין אַזעלכע פאַלן קען „האָב" ביי דער פאַרגאַנגענהייט פאַרבייטן „בין" און פאַרקערט: אין יענער נאַכט בין איך אין געוויסן, גרויסן און ווילדן וואַלד געווען, ביי דער באָבע אין איר שטיבעלע אַן אורח געזעסן און שטיל און שווייגנדיק אינאיינעם מיט איר אין אָוונט און אין שטילקייט אויף איר אַלטן געוואַרט (נס.) (=בין געזעסן, האָב געוואַרט); האָט פון וועג דאָרט אָפגעקערט זיך און געקומען אין אַ מיטן (נס.) (=און איז געקומען).

אדרבאָ, אזא קאָנסטרוקציע, ווי „האָט דאָס פערד געטון א צאפל,

און אַ ריס געטון פון אָרט זיך און גענומען האָט זיך טראָגן"—איז קינסט-לעך (נאַטירלעך: „און גענומען זיך טראָגן").

אַ שפּיל און אַ לאַך טון (=אַ שפּיל טון און אַ לאַך טון); איך האָב ליב געשיכטע און פּיינט מאַטעמאַטיק (פון רייד); מיטן טאָג און ליכטיק ווערן, מיטן וואַלד און באַגינען... (נס.) (=מיטן טאָג און מיט ליכטיק ווערן, מיטן וואַלד און מיט באַגינען).

662. זעלטענער טרעפט זיך, אַדרבא, אַז אַלס גלייכאַרטיקע זאָלן אַרויסטרעטן צוויי באַהילפיקע ווערטער, וואָס באַדינען איין און דעם זעלביקן באַטייטיקן:

1) פּרעפּאָזיציע: אין און אַרום דער ליטעראַטור (=אין דער ליטעראַטור און אַרום דער ליטעראַטור); די אויפפירונג פון אַלערליי ציוניסטן אַרום און אויף דער קיעווער קאָנפערענץ („עמעס"); צו און פון דער אַרבעט (טייטש). די קאָנסטרוקציע פאָדערט אַן אומנאַטיר-לעכע אינטאָנאַציע — אַקצענטירונג פון דער פּרעפּאָזיציע.

2) הילפוורב (אָדער הילפווערב און מאָדאַלער ווערב): אייביק וועל איך, וויל איך עס נישט פאַרגעסן (אַבר.).

3) ווערבאַלער צוגאָב: אויף און צוגעצויגן זיך (פּר.).

663. מע באַנוצט אויך, אַלס גלייכאַרטיקע, די ערשטע טיילן פון צונויפזאַצן, ווען דער צווייטער טייל איז ביי זיי דער זעלביקער: פון דער אַלטער ווערטער- און ביכער-שול („פעד. ביול."); האָבן זיי אַ בהמה- און עופה-רופא באַגעגנט (נס.).

שפּאַסיק ביי נאַדירן: אַלע זיינע סים- און אַנטי-פּאַטיען.

חיבאַלד אַזוי, פאַרוואָס-זשע האַלטן מיר ווערטערשול, ביכערשול אדג"ל פאַר איין וואָרט? די פראַגע פאָדערט נאָך אַ ווייטערדיקע דערלערנונג.

664. דער נאָרמאַלער באַטייט פון „און" איז, ווי געזאָגט, — אָנ-ווייזן, אַז צוויי עלעמענטן פון געדאַנק שטייען אין איין און דער זעלביקער באַציונג צו אַ דריטן, צ.ב.: איך עס ברויט און קעז = איך עס ברויט, איך עס קעז; פרישע צייטונגען און זשורנאַלן = פרישע צייטונגען, פרישע זשורנאַלן. פאַראַן אָבער אויך אַנדערע באַטייטן:

1) „A און B זענען פריינט" הייסט נישט: „A איז אַ פריינט און B איז אַ פריינט", נאָר A איז אַ פריינט B און B איז אַ פריינט A"— געגנזייטיקייט. „בערל און משהל שלאָגן זיך" קען באַטייטן: „בערל

שלאָגט משהלען און משהל בערלען״ (און ס׳קען אויך באַטייטן: „בערל שלאָגט זיך און משהל שלאָגט זיך״).

2) „צוויי און דריי איז פינף״ הייסט נישט: „צוויי איז פינף״ און „דריי איז פינף״, נאָר: „די סומע פון צוויי און דריי איז פינף״.

„צוזאָגן און נישט טון איז נישט אָרנטלעך״; נישט „צוזאָגן״, נישט „נישט טון״ איז „נישט אָרנטלעך״, נאָר די „סומע״ פון „צוזאָגן״ און „נישט טון״ גיט „נישט-אָרנטלעכקייט״

3) האָט דער וואַמפּיר אַ מיליאָן און מער קעפּ (גאָד.)=אַ מיליאָן אָדער מער.

4) שפּעט און שפּעטער; עס ווערט זומער און זומערדיקער (נאַד.).

5) גייט די לינקע האַנט און טוט אַ פּאַטש דער רעכטער האַנט; נעמט די רעכטע האַנט און טוט אַ פּאַטש דער לינקער האַנט (ש״ע). „גייט, נעמט״ זענען דאָ כמעט באַהילפיקע ווערטער. נאָענט דערצו: כאַפּ אַריין און שרייב; זעט, מאַכט נישט קאַליע.

6) אַ סטאָליער לעבט און לעבט; איך האָב געקויפט אַ פלאַש טינט, וועל איך האָבן און האָבן (ש״ע); זון שווימט אַלץ העכער און העכער (גאָד.); זייער און זייער.

אהער געהער אויך „אדרבא ואדרבא״ אדג״ל; נאָענט אהער: חייט-חייט, קוים-קוים (390).

7) מיין פאָטער און חבר (אַלס נעמען פון איין פּערזאָן) — אויפן גרענעץ פון פּאַראַלעליזם (255).

8) מאַרקסיזם און רעליגיע=מאַרקסיזם אין באַצוג צו רעליגיע.

9) געברענט און געבראָטן, אין עסיק און אין האָניק אדג״ל — אויפן גרענעץ פון צונויפזאַץ.

10) צווישן דניעפּער און צווישן דניעסטער (=צווישן דניעפּער און דניעסטער).

665. ווען אַ ווערב אָדער אַדיעקטיוו איז סובאָרדינירט צו אַ ריי גלייכאַרטיקע סינטאַגמעס, קומט דער ווערב אָדער אַדיעקטיוו אָפט אין מערצאָל, אומאָפּהענגיק פון דער צאָלפאָרמע פון יעדערער פון די גלייכאַרטיקע סינטאַגמעס: איך און דו גייען.

ס׳קומט אָבער פאָר אַמאָל מיטשטימונג מיט איינער פון די גלייכאַרטיקע סינטאַגמעס: ברענט דאָרטן האָלץ, בענזין, לאַנדקאַרטעס, פלענער און געדאַנקען (גאָד.) (=ברענען דאָרטן...).

אַמאָל קומט דאָס אייגענע פּאָר ביי דער פּרעפּאָזיציע „מיט״ (מיטן באַטייט פון „און״).

666. אַמאָל פאַרשפּאָרט „און״ דעם באַשטימיקן אַרטיקל נאָך זיך: די סאָלדאַטן און מאַטראָסן (=די סאָלדאַטן און די מאַטראָסן); אַלע וואָקזאַלן, דער טעלעפאָן, טעלעגראַף, עלעקטרישע סטאַנציע, וואַסער-לייטונג האָבן זיך שוין געפונען אין אונזערע הענט.

667. אַ ריי קאָאָרדינירטע סינטאַגמעס קען אַרויסטרעטן אַלס אַפּאָזיציע צו אַ סובסטאַנטיוו; זי טיילט זיך אויס מיט אַ באַזונדער אינטאָנאַציע (צווייפּונקט, אַמאָל טירע): אַלע דריי—אַבראַמטשיק, מויסיי-טשיק און דבורקע, זענען געבאָרן... (ש״ע); עס זינגען ביי מיין פענצטערל צוויי פייגעלעך גאָר שיין: דער ליבער וואָראָביטשיקל, אַ שוועלבעלע אַ קליין; און דער טאַטע מיט דער מאַמע, חנהלע מיט מיר—שוין אַ לאַנגע צייט צוזאַמען ווינען מיר אַלע פיר (די ערשטע פערזן—אַפּאָזיציע צו „מיר״).

668. אַחוץ „און״, זענען פאַראַן נאָך באַהילפיקע ווערטער, וואָס באַהעפטן גלייכאַרטיקע סינטאַגמעס. זיי הייסן (ווי אויך „און״) בינד-ווערטער (קאָניונקציעס). אָט זענען אייניקע: אָבער, אָדער, אויך, אי—אי (אי — און אי), ווי—אַזוי אויך, נישט — נאָר (נייערט), נישט נאָר—נאָר אויך (אָנשטאָט ערשטן „נאָר״ קען קומען „בלויז״, אָנשטאָט צווייטן „נייערט״), סיי—סיי (סיי—און סיי).

669. אהער געהער אויך פּלוס, מינוס, קאָניונקטיווער פּרעפיקס וו-. אָפטמאָל ווערט באַנוצט „ני(ש)ט״ איינצייטיק אַלס בינדוואָרט און נעגאַציע: האָבן געוועלטיקט אויף אונז די באַהעלפערס, נישט דער רבי (ש״ע). די אינטאָנאַציע לאָזט נישט אנאַלאָגיזירן עס פּשוט מיט „זון שיינט שטום, העל״ אָנשט. „שטום און העל״. מע באַנוצט אָבער אויך „און נישט״: די פּאָליטיק איז אַ נאַציאָנאַלע און נישט קיין נאַציאָנאַ-ליסטישע („עמעס״).

670. אַ פאַל פון פאַרפעלטן בינדוואָרט „אָדער״ האָבן מיר אין באַצייכענונג פון בערלדיקע צאָלן: דריי פיר (=דריי אָדער פיר).

671. „און״ אָדער אַן אַנדער בינדוואָרט קען קומען אַמאָל צווישן פאָרמאַל נישט גלייכאַרטיקע סינטאַגמעס און צוגעבן זיי אין אַ געווי-סער מאָס אַ כאַראַקטער פון גלייכאַרטיקייט.

1) אַדיעקטיוו און אַדוועֶרב: גרויסע און פיל פויזן (פון רייד); ליפּע-ראובנס איז געווען אַ דאַרער, אַ קורצזיכטיקער, מיט אַ בלייך פּנים,

אַ שטילער, אַ גוטער און זייער באַליבט ביי איטלעכן אין דעם שטעטל (אַבר.).

2) „מיין, דיין"... און פּאָסעסיוו: פון מיין און אַלטנס קוקן באַגלייט (נס.).

3) אדיעקטיוו און דאטיוו מיט א פּרעפּאָזיציע: די זיצונג פון מינסקער היסטאָרישער און פון אלטערטימלעכקייט געזעלשאַפט („וועקער"). אזא פארבינדונג איז נישט צו רעקאָמענדירן.

4) אדיעקטיוו און טייל פון א צונויפזאץ: פארטייִשע און ראטן-אנשטאלטן; נאציאָנאלע אָדער קלאַסן-צייטונגען („קאָמפּאָן"); פארטייִשע און קאָמיוג-קעמערלעך („עמעס"); מיט א פּאָליטישער, ליטערארישער און קאָנצערט-אָפּטיילונג („עמעס"). אזעלכע פארבינדונגען לייענען זיך שווער.

672. ס'ווערן אמאל קאָאָרדינירט אין סינטאגמע מיט א גאנצן זאץ: א מענטשן מיט פארשטאנד, מיט געפיל, און ווייסט וואָס גוט איז, איז אזא אָרט שלעכט (אבר.); און זיי לויפן זיי אנטקעגן אין איין אָטעם, זיך דערפרעגן: פון געווען און פון געשעען, פון געהערט און פון געזעען, און אויף ים וואָס האָט געטראָפן (נס.); גלייכצייטיק האָט דער גובויספירקאָם באשטימט שאפן נייע דריי שטעטלדיקע ראטן אין יידיש און אז אלע וויכטיקערע מאטעריאלן צו די איבערוואלן פון די ראטן זאָלן געדרוקט ווערן אויך אין יידיש („עמעס"); נאָך אלע אויס-געשטאנענע צרות און וואָס עס שטייט נאָך פאָר צום אויסשטיין (פון א בתב-יד); ארבעטן, און דו זאָלסט זיצן ליידיק—וויל איך נישט; הערסט וואָס ער לייגט מיר פאָר? ארבעטן, און ער זאָל זיצן ליידיק.

וועגן קאָאָרדינירונג ז. מיינע אַרטיקלען אין „יידישער שפראך" קיעוו N 4-3 1927 און אין די שריפטן פון דער יידישער קאטעדער אין קיעוו, I.

## 12. נאָמינאַטיוו

673. די נול-פאָרמע פון נאָמינאַטיוו דינט אין אייניקע פאַלן פאַר אַ סינטאַקסישן מיטל. מיר ווייסן שוין, אַז דער נאָמינאַטיוו קען זיין אַ סוביעקט, ד.ה. אַ וואָרט, צו וועלכן ס'ציט זיך אַ פּערזאָנוואָרט; ווייטער קומט דער נאָמינאַטיוו ביי פּאַראַלעליזם און ביי בינדונג. ערשט וועלן מיר דערלערנען נאָך עטלעכע פונקציעס פונעם נאָמינאַטיוו.

674. דער נאָמינאַטיוו דינט אויף אָנצורופן דעם אַדרעסאַט פון

דער רייד (נישט נאָר אַלס סוביעקט, נאָר אפילו דאַן, ווען דער סוביעקט איז אַן אַנדערער). ביישפּ.: שטאָט! דו האָסט מיר פון ווייטן גערופן... (האָפּ.) — דאָ איז „דו“ דער סוביעקט, און „שטאָט“ (אַ באַזונדער באַהעפט, אפילו אַ באַזונדער פראַזע)—אַ ווענדונג (וואָקאַטיוו).

העלפט מיר, קינדער, אונטער (וואַרשאַווסקי) — קיין סוביעקט נישטאָ (ווי בכלל ביי אימפעראַטיוו), „קינדער“ אַ ווענדונג.

„קינדער“ איז נישט קיין סוביעקט, ערשטנס, ווייל די אינטאָנאַציע איז אַן אַנדערע, צווייטנס, ווייל דער פּערזאָנוואָרט איז אין צווייטער פּערזאָן. איבעריקנס, דער לעצטער מאָטיוו איז נישט אַנטשיידעוודיק: אין „גאָט באַהיט“ (=זאָל גאָט באַהיטן) איז קיין מיטשטימונג נישטאָ, אָבער צוליב דער אינטאָנאַציע האַלטן מיר דאָ „גאָט“ פאַרן סוביעקט, אַ ווענדונג וועט עס זיין אין „גאָט, באַהיט!“.

„שטייט־אויף, איר קליינע קינדער“: דאָ דאַרף מען האַלטן „איר קליינע קינדער“ פאַר אַ ווענדונג, וואָס באַשטייט פון פּאַראַלעלע סובסטאַנטיוון. אָפּטראָגן „איר“ צו דער ווענדונג צווינגט די אינטאָנאַציע און אין שייכות דערמיט דער ווערטער־סדר.

אין די אַלע ביישפּילן איז דער טוער פון דער טוונג געווען דער אַדרעסאַט פון רייד. אָט איז אַ ביישפּיל פון אַ ווענדונג, ווען דער טוער פאַלט נישט צוזאַמען מיטן אַדרעסאַט: איז מען, מיין זון, אַ נגיד (רייז.).

אַ ווענדונג ביי אַן אָפּענעם באַהעפט: לולינקע, מיין פויגעלע; היי, חברה! אַ ווענדונג קומט שטענדיק אָן דעם אַרטיקל. ביי אַ ווענדונג קומט אַמאָל אַ באַזונדער פּאַרטיקל „אָ“ מיט אַ ספּעציפישער אינטאָנאַציע.

675. זייטיקע ווענדונג קען מען אָנרופן די דערשיינונג, ווען די ווענדונג איז געווענדט נישט צום אדרעסאַט פון דער גאַנצער רייד, נאָר צו עמעצן אַנדערש. צ.ב.: דו זאָלסט אַזוי כוח האָבן צו לעבן, רבונו־של־עולם, ווי איך האָב כוח צו שרייבן דיר אַ בריוול (ש"ע). די גאַנצע פראַזע איז געווענדט צו מנחם־מענדלען, אָבער דאָס וואָרט „רבונו־של־עולם“ (וועלכער איז לויט דער לאַגע אין פראַזע און לויט דער אינטאָנאַציע, בלי־ספק, אַ ווענדונג) איז געווענדט צום רבונו־של־עולם. נאָך אַ ביישפּיל: ס'זאָל דיך אָנכאַפּן, רבונו־של־עולם, אַ שטעכעניש און אַ ברעכעניש, אַ רייסעניש און אַ ביסעניש... (ש"ע).

676. דאָרטן, ווו מיר וואָלטן דערוואַרט אַן אָפּגעזונדערטע

אַפּאָזיציע (561), קומט אַמאָל אַן אָפּגעזונדערטער נאָמינאַטיוו. ביישפּ.: צווישן דעם רינג הייזער אויפן מאַרק, דער שענסטער פּלאַץ אין דעם שטעטל ק..., שטייט אַ הילצערנע שטוב (אַבר.)—אָנשט. „דעם שענסטן פּלאַץ"; ...און גיי מיר אַזוי איינגעהויקערט אין צענטן צו שלמה רב חיימס—מיינער גאָר אַן אַלטער באַקאַנטער (אַבר.)—אָנשט. „מיינעם גאָר אַן אַלטן באַקאַנטן"; אָט בין איך אַנומלטן געווען ביי איינעם אַ דאָקטאָר, טאַקע אייערער אַ באַקאַנטער (ש"ע); דאָס איז געשעען אין דער זאָפּגעשטאַנענער פּאַנאַטישער ראָמאַנאָווער גאַס, די זעלבע גאַס, וועלכע איז... („וועקער") – אָנשט. „דער זעלבער גאַס, וועלכע איז"; ...אַ רובע פון גרינע קאַפּלעס, אַ הויכע, אַ לאַנגע, מיט צוויי בענק: די פליישיקע און די מילכיקע באַנק (אַבר.).

די דאָזיקע פאַרשטערונג פון אַפּאָזיטיוון פּאַראַלעליזם איז אַ סימן (און אַ פאַקטאָר) פון אַ געוויסער ווייטלעכקייט אין פאַרבינדונג צווישן די צוויי באַגריפן: אַז מע זאָגט „איך גיי מיר צו שלמה רב חיימס—מיינער גאָר אַן אַלטער באַקאַנטער", איז עס כמעט ווי: „איך גיי מיר צו שלמה רב חיימס, דאָס איז מיינער גאָר אַן אַלטער באַקאַנטער", ד.ה. שוין צוויי באַזונדערע באַהעפטן. באַזונדערס פילט זיך אַזאַ ווייטקייט, ווען די אַפּאָזיציע באַשטייט פון גלייכאַרטיקע סינטאַגמעס, ווי אין לעצטן ביישפּיל.

677. נאָמינאַטיוו אָנשטאָט מיטשטים-בויגפאַל קומט אפילו ביי אַן אַדיעקטיוו, ווען עס שטייט נאָכן סובסטאַנטיוו און איז אָפּגעזונדערט. די פאַרשטערונג פון מיטשטימונג פאַרגרעסערט נאָך די „אָפּגעזונדערטקייט". ביישפּ.: האָבן זיי אַ בהמה· און עופה-רופא באַגעגנט, אַ פולבאַהאָנגענער און מיט מכשירים באַלאָדן (נס.); האָט זיך געטראָגן רב איטשע, אַ פאַרהלשטער, זיך אָנגעהאַלטן אָן רב מענדלען, אַ באַוואַקסענער, אין דרייען אַ געבויגענער פון אַלטקייט (אָפּ.); מיט אַ פאַרהערער, אַ געגאָלטער... (ש"ע).

678. נאָמינאַטיוו קומט ביי פאַרגלייך-פּאַרטיקל „מעשה": מעשה סוחר (=ווי אַ סוחר), מעשה רויקער באַלעבאָס, מעשה שיינער מענטש.

„הוי" קען פאָדערן נישט נאָר אַ נאָמינאַטיוו, „מעשה"—נאָר אַ נאָמינאַטיוו. מיט „מעשה" איז אין דעם פּרט ענלעך אַ צווייטער פאַרגלייך-פּאַרטיקל „אלא", צ.ב. „זיך אָנטון אלא פּראָלעטאַריער".

679. נאָמינאַטיוו קומט אין אַן אָפּענעם באַהעפט (אָן אַ פּערזאָנוואָרט). דאָ זענען די וויכטיקערע טיפּן—די דאָזיקע:

680 (1 עקזיסטענציעלער אָפּענער באַהעפּט, ד.ה. אַ באַהעפּט, וואָס דריקט אויס די עקזיסטענץ פון דער זאַך, וואָס איז אָנגערופן אינעם נאָמינאַטיוו. די עקזיסטענץ ווערט דאָ אויסגעדריקט, פאַרשטייט זיך, נישט דורך קיין פּערזאָנוואָרט, נאָר דורך דער אינטאָנאַציע. ביישפּ.: אַ קאַלטער ווינטער-טאָג (=ס׳איז געווען אַ קאַלטער ווינטער-טאָג); אַן „ער״ מיט אַ „זי״; „פּרינץ אַלבערט״ איז געגוג גרויס און שיין. שטיינערנע טרעפּ, מעשענע פּאָרענטשעס (=פאַראַן דאָרטן שטיינערנע טרעפּ, פאַראַן דאָרטן מעשענע פּאָרענטשעס); קיין הילך פון קיין טראָט (=נישטאָ, ס׳הערט זיך נישט קיין הילך פון קיין טראָט); אַ קלאָג צו מיר!

681 (2 באַהעפּט, וואָס באַטייט אַ ווונטש, אַז די זאַך, וואָס איז אָנגערופן אינעם נאָמינאַטיוו, זאָל אָנקומען. ביישפּ.: אַ גוט יאָר אויף אייך!

682. אין די טיפּן 1 און 2 שפּילט דער נאָמינאַטיוו די ראָלע פון אַ סוביעקט ביי אַ נישט-פאַראַנענעם פּרעדיקאַט.

683 (3 באַהעפּט, ווו דער נאָמינאַטיוו שפּילט די ראָלע פון אַ פּ־עדיקאַטיוון נאָמינאַטיוו ביי נישט-פאַראַנענעם סוביעקט (דאָס רוב ביי סוביעקט „דאָס״ און בינדונג „איז״). עטלעכע אַראָבעסקן. אַן אָנהייב פון פּאָרמזוכעניש (קאַצ.)=דער דאָזיקער בוך איז עטלעכע אַראַבעסקן; איר מיינט, אַוודאי, זיי האָבן נישט געזויגן? נאָך אַ מין זויגן! (ש״ע)=דאָס איז געווען נאָך אַ מין זויגן; אַסאַך מער האָט דער שוחט אַליין אפשר אויך נישט געוווסט: האָלאַנד! (פּר.)=ס׳איז דאָך האָלאַנד!; קיין זוך-צעטל איז צום בוך נישט צוגעגעבן. אַ יידישער מנהג (וויינרייך)=ס׳איז אַ יידישער מנהג.

אהער אויך פּאַרטייטש פון אַ וואָרט אין אַ ווערטערבוך.

684. אַ ברייטן אָנווענד האָבן באַקומען אָפּענע באַהעפּטן מיטן נאָמינאַטיוו אין יענער ספּעציפיש שריפטלעכער שפּראַך, וועלכע שפּיגלט נישט אָפּ קיין דערשיינונגען פון דער גערעדטער שפּראַך: אָנשריפט סוף אַ בילד, אונטערשריפט אונטער אַ בילד, רובריק אין אַן אַנקעטע, אחורה-נאָמען אין אַ פּרייז-קוראַנט, אונטערשריפט אויף אַ בריוו אדג״ל.

## III. סכעמאַטיזירונג פון אַ באַהעפט

685. איינער פון די מיטלען אויף צו שאַפן אַ פאָרמע פון באַ־העפט — איז סינטאַקסישע פאָרמעס פון באַזונדערע סינטאַגמעס זיינע. מיר ווייסן שוין, אַז אין אַ באַהעפט קען זיין אַ סינטאַגמע מיט אַ פערזאָנפאָרמע, וועלכע (די פאָרמע) קען זיין אָפּהענגיק אָדער נישט אָפּהענגיק פון אַ צווייטער סינטאַגמע—פרעדיקאַט מיט אַ סוביעקט און סוביעקטלאָזיקער פרעדיקאַט; מיר ווייסן, אַז אין אַ באַהעפט קען פאָר־קומען אַ סינטאַגמע מיט אַדיעקטיווישע פאָרמעס, וואָס זענען אָפּהענגיק פון אַ סובסטאַנטיוו (אַדיעקטיוו); ווייטער קען פאָרקומען אַ בויגפאַל, אָפּהענגיק פון אַ ווערב אָדער פון אַן אַנדער מין וואָרט; אַ פּאָסעסיוו, אַן אינפיניטיוו, אַן אַדווערב, אַן אינוואַריאַנט. ס׳קען פאָרקומען אַזאַ אָפּהענגיקייט צווישן צוויי סובסטאַנטיוון, וואָס מיר האָבן אָנגערופן פאַראַלעליזם. ס׳קענען פאָרקומען באַהילפיקע ווערטער: בינדונג, פרע־פאָזיציע, פאַרטיקל „צו״ ביים אינפיניטיוו, בינדוואָרט. ס׳קען פאָרקומען „פאַרשטערטע באַהעפטונג״—אַ נאָמינאַטיוו אָנשטאָט אַ דערוואַרטן בויג־פאַל מיט אַ פרעפּאָזיציע, אאַז״וו.

דאָס איז אַלץ נאָר איין קאַטעגאָריע מיטלען פון באַהעפטפאָרמעס. אַנדערע מיטלען צו שאַפן באַהעפטפאָרמעס זענען — אינטאָנאַציע און ווערטער־סדר.

686. די באַהעפטונג פונעם פרעדיקאַט צום סוביעקט האָבן מיר אָנגערופן „מיטשטימונג אין פערזאָן און צאָל״; די באַהעפטונג פונעם אַדיעקטיוו צום סובסטאַנטיוו — „אַדיעקטיווישע מיטשטימונג״. די באַ־העפטונג פון אַ בויגפאַל (אָן אָדער מיט אַ פרעפּאָזיציע)—באַהערשונג. ווייטער האָבן מיר געזען פאַראַלעליזם, קאָאָרדינירונג. פאַר אַנדערע טיפן באַהעפטונגען (אַדווערב, אינפיניטיוו, אינוואַריאַנט) קען מען איינ־פירן אַנדערע טערמינען, אָבער זיי זענען נישט נייטיק.

אין רוסישער גראַמאַטיק רופט מען אָנשליסונג (примыкание)—די באַ-העפטונג פון אַן אדווערב, אינפיניטיוו, אינוואַריאַנט. דאָס איז איבעריק, אָבער נישט קיין אומגליק. ערגער איז אָבער, ווען מע מיינט, אַז „מיט-שטימונג, באַהערשונג, אָנשליסונג" שעפּן אויס די סינטאַקסישע באַהעפט-אופנים און די גרענעצן פון אַ באַהעפט. פאַראַן נאָך קאָאָרדינירונג, פאַר-שטערטע באַהעפטונג, פאַראַן נאָך אַזאַ אייגנאַרטיקע באַהעפטונג, ווי „גיין צו דער מומע רחל"—אַ דאַטיוו און אַ נאָמינאַטיוו (נישט קיין „מיט-שטימונג"), „דער מומע רחלס" („מומע" האָט די פאָרמע פון נאָמינאַטיוו, אָבער באַהעפט צו זיך אַן אדיעקטיוו פּונקט ווי ס'וואָלט געווען אַ פּאָסעסיוו, רחלס האָט אַ פּאָסעסיוו-פאָרמע), „אַלע טאָג" (מערצאָל + איינצאָל), אאַז"וו.

687. צי זענען נייטיק ספּעציעלע נעמען פאַר פאַרשידענע סינטאַגמעס אין אָפּהאַנג פון זייער ציונג אָדער בכלל פון זייער ראָלע אין פראַזע? די אַלטע גראַמאַטיק פלעגט באַנוצן די טערמינען סוביעקט, פּרעדיקאַט, דערגאַנצונג, באַשטימונג, אומשטאַנדוואָרט אאַז"וו. דערביי פלעגט נאָך זיין חילוקי-דעות וועגן זייערע דעפיניציעס: צי איז „באַ-שטימונג"—יעדע סינטאַגמע, וואָס ציט זיך צו אַ סובסטאַנטיוו? אָדער דווקא אַן אַדיעקטיוו? אדג"ל. שפּעטער איז מען געקומען צו דער מסקנא, אַז ס'איז געווען צו קלאַסיפיצירן די ווערטער לויט זייער פאָרמע (פערזאָנוואָרט, אַדיעקטיוו אאַז"וו). זייערע פונקציעס אין פראַזע זענען אָפּטמאָל אַזוי פאַרשידנאַרטיק און וואַקלדיק, אַז ס'איז נישט פּראָדוקטיוו צו זוכן זיי קלאַסיפיצירן (די אַלטע גראַמאַטיק, וואָס האָט געוואָלט אַלץ איינפּאַסן אין באַשטימטע רעמלעך, פלעגט טאַקע אָנקו-מען צו גוואַלטיקע פּילפּול-געענג און גלאַט ווילקירלעכקייטן אין אַנאַליז פון פראַזע). זענען דעריבער נישט נייטיק נישט קיין „דערגאַנצונגען", נישט קיין „באַשטימונגען", נישט קיין „אומשטאַנדווערטער" מיט אַלע זייערע אונטערטיילונגען.

אייניקע רוסישע גראַמאַטיסטן לאָזן איבער אָט די טערמינען, אָבער דעפינירן זיי פאָרמאַל: דערגאַנצונג איז אַ בויגפאַל, באַשטימונג איז אַן אַדיעקטיוו, אומשטאַנדוואָרט איז אַן אדווערב אָדער אינוואַריאַנט. צו וואָס-זשע דאַרף מען אָט דעם טערמינאָלאָגישן פּאַראַלעליזם?

688. אויב מירן אָנרופן די טערמינען אַדיעקטיוו אדג"ל — מאָרפאָ-לאָגישע, און די טערמינען באַשטימונג אדג"ל — סינטאַקסישע, קענען מיר זאָגן, אַז מיר ווארפן אָפּ די סינטאַקסישע טערמינען אלס נישט נייטיקע.

ווען ס'זענען פאַראַן מאָרפאָלאָגישע (דאָ האַנדלט זיך, פאַרשטייט זיך, נאָר וועגן נעמען פון ווערטער-קלאַסן).

אפריאָרי וואָלט מעגלעך געווען אויך אַ פאַרקערטער וועג: זיך אָפזאָגן פון „סובסטאַנטיוו, אַדיעקטיוו" אאַז"וו און בלייבן נאָר ביי „סוביעקט, פרעדיקאַט" אאַז"וו. דער וועג איז, ווייזט-אויס, אומבאַקוועם.

689. נישט אַלע סינטאַקסישע טערמינען אָבער וואַרפן מיר אָפ. „סוביעקט" לאָזן מיר, כדי אונטערצושיידן פון פרעדיקאַטיוון נאָמינאַטיוו (638) און אַנדערע נאָמינאַטיוון, „פרעדיקאַט" קען בלייבן, כדי האָבן אַ שותפותן טערמין פאַר „איינפאַכן" און „צונויפגעזעצטן" פרעדיקאַט. „אַפאָזיציע" בלייבט, כדי אַרומצוכאַפן אַ ריי דערשיינונגען, וואָס זענען מאָרפאָלאָגיש פאַרשידן.

690. די טערמינען הויפטגליד און בייגליד זענען לחלוטין איבעריק. זיי פירן נאָר צו סכאָלאַסטישע וויכוחים וועגן „וויכטיקייט" פון סוביעקט און פון פערזאָנוואָרט. פסיכאָלאָגיש איז דער „הויפטגליד", ד.ה. דער וויכטיקסטער וואָרט אין פראַזע, אָפטמאָל גאָר עפעס אַן אַדיעקטיוו אָדער אינוואַריאַנט (אין „כאַפן אַ פאַטש" איז דער „פאַטש" וויכטיקער, ווי דער „כאַפן").

691. אַמאָל קען נייטיק זיין צו טיילן אַ באַהעפט אויף צוויי טיילן, וואָס איינער קאָנצענטרירט זיך אַרום סוביעקט, און דער אַנדערער אַרום פרעדיקאַט. מיר קענען זיי רופן סוביעקטיווער און פרעדיקאַטיווער טייל (אָדער סוביעקט און פרעדיקאַט אין ברייטערן זינען).

692. די ספעציעל-סינטאַקסישע טערמינען („דערגאַנצונג" אאַז"וו) האָבן געהאַט דעם צוועק מיטהעלפן צו באַנעמען דעם בוי פון באַהעפט. דעם זעלביקן צוועק האָט געהאַט אַן אַנדער מעטאָד, אויך אַ שלעכטער — דער מעטאָד פון פראַגעס, וואָס פלעגט זיך געוויינלעך קאָמבינירן מיטן מעטאָד פון טערמינען. „קומט צו פליען די גאָלדענע פאַווע פון אַ ווייטן לאַנד". אַנאַליזירן פלעגט מען עס אַזוי: פון וועמען רעדט זיך דאָ?—פון דער פאַווע. „די פאַווע"—סוביעקט. (מיר האָבן שוין געזען (416), אַז דאָ רעדט זיך נישט נאָר פון דער פאַווע, נאָר פון איר קומען, פון אַ לאַנד, פון איר גאָלדענעם קאָליר, פון דער ווייטקייט פון לאַנד.) וואָס טוט די פאַווע?—קומט צו פליען, — איז עס פרעדיקאַט. וועלכע פאַווע?—די גאָלדענע—איז עס באַשטימונג אאַז"וו. כדי צו שטעלן די פראַגע, דאַרף מען שוין פריער וויסן דעם ענטפער. די פראַגע העלפט אַלזאָ גאָרנישט אין דער דערלערנונג

פונעם באַהעפּט-בוי. אויב מע מיינט, אַז די פראַגע חעלפט באַקומען דעם ענטפער, איז עס אַן אילוזיע.

אַן אויספירלעכע קריטיק פון פראַגעס-מעטאָד — ביי פּעשקאָווסקין אין Сборник статей. דערצו דאַרף מען נאָך צוגעבן, אַז אין יידיש לאָזט נישט די פראַגע „ווּעמען?“ אונטערצושיידן דעם אקוזאַטיוו און דאַטיוו.

693. היינט נעמט מען אָן אַנשטאָט „טערמינען“ און פראַגעס אַן אַנדער מעטאָד צו אַנאַליזירן און באַשיימפּערלעך פאָרצושטעלן דעם בוי פון באַהעפט: סכעמע-מעטאָד. דער באַהעפט „קומט צו פליען די גאָלדענע פּאַווע פון אַ וויטן לאַנד“ ווערט סכעמאַטיזירט אַזוי:

די פּאַווע—————קומט צופליען
│ │
גאָלדענע פון אַ לאַנד
│
וויטן

ד.ה. מיר שרייבן רעכטס דעם סוביעקט, לינקס דעם פּרעדיקאַט, אויפּ-ציענדיק זיי מיט אַ האָריזאָנטאַלן שטריך; אונטער יעדערן פון זיי שרייבן מיר יענע סינטאַגמעס, וואָס ציען זיך אוממיטלבאַר צו זיי, אונטער די—יענע סינטאַגמעס, וואָס ציען זיך צו זיי אאַז"וו. וויפל באַהעפטן אין אַ פּראַזע, אַזויפיל באַזונדערע סכעמעס קומט אַרויס. צ.ב. „קומט דער ליבער זומער, שפּילן מיר אין זאַמד“.

דער זומער—————קומט מיר—————שפּילן
│ │
ליבער אין זאַמד

אויפצוציען אַ וואָרט פון דער ערשטער סכעמע מיט אַ וואָרט פון דער צווייטער איז נישטאָ קיין גרונט.

694. באַהילפיקע ווערטער פאַרנעמען נישט אין דער סכעמע קיין באַזונדער אָרט, נאָר גייען צוזאַמען מיט זייערע באַטייטיקע. דער-ביי דאַרף מען זיך נישט רעכענען מיט דער שכנהשאַפט פון די ווערטער: „פון אַ וויטן לאַנד“—געהערט „פון“ נישט צו „וויטן“, נאָר צו „לאַנד“ (מע קען אָפּוואַרפן „וויטן“, אָבער מע קען נישט אָפּ-וואַרפן „לאַנד“ און איבערלאָזן „פון“).

695. נאָך אַ ביישפּיל. „אַזוי זאָג איך צו מיין ברודער אלי' און

כֿאַפּ פון אים אַ געשמאַקן פּאַטש מיט דער לינקער האַנט אין דער רעכֿטער באַק אַריין" (90):

איך————זאָג + און כֿאַפּ

אַזוי צו ברודער פון אים אַ פּאַטש

מיין אלין געשמאַקן מיט דער האַנט אין באַק אַריין

לינקער רעכטער

מיר זעען דאָ קאָאָרדינירונג (באַצייכֿנט +), סובאָרדינירונג, קאָסובאָרדינירונג („אַזוי" און „צו ברודער" זענען קאָסובאָרדינירט, ד.ה. ביידע סובאָרדינירט צו איין סינטאַגמע).

696. דער אונטערשייד אין פאָרמע צווישן „איך רוף אים עסן" און „איך פּרווו אים איינרעדן" (99) ווערט אָנזעעוודיק אויף דער סכֿעמע:

איך————רוף איך————פּרווו

אים עסן איינרעדן

אים

697. די פראַזע „איך הייס אים שיסן" איז צווייידייטיק:

1) איך————הייס 2) איך————הייס

אים שיסן שיסן

אים

698. „ער מאָלט זעלטן שיין" איז צווייַדייטיק:

1) ער————מאָלט ד.ה. נישט אָפט מאָלט ער שיין



זעלטן שיין

2) ער————מאָלט ד.ה. ער מאָלט זייער שיין



שיין



זעלטן

699. אמאָל ציט זיך א סינטאגמע נישט צו א גאנצער סינטאגמע, נאָר צו איין טייל אירן (הען זי באשטייט פון מערערע ווערטער). אין אזא פאל דאַרף מען אמאָל אויסטיילן אין דער סכעמע א באהילפיק וואָרט באזונדער. דהיינו:

„ער האָט א וואָרף געטון א שטיין" סכעמאטיזירט זיך:

ער————האָט א וואָרף געטון



א שטיין

אָבער „ער האָט א שטאַרקן וואָרף געטון":

ער————האָט געטון



א וואָרף



שטאַרקן

כדי ווייזן, אז „שטאַרקן" ציט זיך צו „א וואָרף", נישט צו „א וואָרף געטון".

700. נאָך בײַשפּילן: מיר איז אזוי גוט—אזוי איז מיר גוט.

צי איז דאָ דער אונטערשייד נאָר אין סדר פון די ווערטער? די סכעמע ווייזט, אז אויך אין דער ציונג:







701. „ער איז געװען אַ גרויסער ליבהאָבער פֿון דער נאַטור, און איך בין פֿון דער נאַטור אויך געװען אַ גרויסער ליבהאָבער" (נאַד.). אויף װאָס גרינדעט זיך די װיציקייט? דערויף, װאָס ס'קומט אויס פֿון ערשטן אָנבליק, אַז דאָ זענען נאָר די װערטער איבערגעשטעלט, און אינדערעמתן איז די ציונג אַן אַנדערע:




702. אַמאָל דינט די אינטאָנאַציע (אָפּזונדערונג פֿון אַ גרופּע פּאַר אַ מיטל פֿון װערטערציונג: די פֿראַזע „ביי אונז, אין קאַסרילעװקע, איז אַמאָל געװען אַ קצב" (ש"ע) סכעמאַטיזירט זיך אַזוי:




װען ס'זאָל זיין „ביי אונז אין קאַסרילעװקע איז אַמאָל געװען אַ קצב" (אָן קאָמע-אינטאָנאַציעס), װאָלט די סכעמע געװען אַזאַ:

אַ קצב ——————— איז געוועזן
| |
אַמאָל ביי אונז
|
אין קאַסרילעווקע

די אָפּזונדערונג פון „אין קאַסרילעווקע” דריקט אויס די קאָ-סובאָרדינירונג פון „אין קאַסרילעווקע” און „ביי אונז” (ד.ה. אַז ביידע ציען זיך צו איין סינטאַגמע).

די אָפּזונדערונג מאַכט די צוויי סינטאַגמעס („אין קאַסרילעווקע” און „ביי אונז”) כמעט פּאַר גלייכבאַרטיק.

703. טאָפּעלע ציונג קען מען סכעמאַטיזירן אַזוי:

„איך טרעף דעם חבר אַ קראַנקן”

איך ——————— טרעף
| /
דעם חבר
|
אַ קראַנקן

„ער האָט זיך דערזעען אַן אַלטן בחור”

ער ——————— האָט דערזעען
| |
זיך
| |
אַן *) בחור
|
אַלטן

704. ווען אין אַ באַהעפט איז „פּאַרשפּאָרט” איינע אָדער מער סינטאַגמעס, קען מען עס אין דער סכעמע אָנווייזן אָדער נישט אָנווייזן. ביישפּ.: פּלוצים האָט זיך אים שטאַרק פּאַרוואָלט באַרג-אַראָפּ (בערג.).

---

*) מיר בייטן נישט די פאָרמעס פון טעקסט.

האָט זיך פאַרוואָלט

| | | |

פלוצים אים שטאַרק באַרג-אַראָפּ

אָדער:

האָט זיך פאַרוואָלט

| | | |

פלוצים אים שטאַרק. . . . .

|

באַרג-אַראָפּ

פאַרשטייט זיך, אַז צושרייבן דאָס וואָרט, וואָס איז דאָ פאַרשפּאָרט, ווען מיר ניט — מיר אַנאַליזירן נאָר דאָס, וואָס ס'איז געגעבן אין טעקסט. מע קען רעקאָמענדירן אויסצוקלייבן פון די צוויי סכעמאַטיזיר-אופנים אַלעמאָל יענעם, וואָס שפּיגלט ריכטיקער אָפּ די שפּראַכבאַנעמונג פון דעם, וואָס סכעמאַטיזירט, ד.ה. אויב איינער פילט נישט, אַז אין די אויסדריקן „זיך פאַרוואָלט באַרג-אַראָפּ, זיך פאַרוואָלט אַהין, וווהין זיך פאַרוואָלט?“ אדג״ל, זאָל עפּעס פעלן, סכעמאַטיזירט ער אָן דעם פּילפּונקט; אויב ער פילט, אַז נאָרמאַל וואָלט געווען „זיך פאַרוואָלט גיין (פאָרן, אַוועקגיין אדג״ל) באַרג-אַראָפּ“, סכעמאַטיזירט ער מיט אַ פילפּונקט.

אזא באַהעפט וועט מסתּם קיינער נישט סבעמאַטיזירן אָן אַ פּילפּונקט: און אַ שטיקל ברויט מיט הערינג ביסטו קראַנק? (ש״ע).

705. אַ באַהעפט, ווו ס'פילט זיך די פאַרשפּאָרונג פון אַ סינטאַגמע, רופט מען אָפּט **עליפּטישער** (עליפּסיס).

706. אזא באהעפט, ווי „אריינגיין צו אַ דאָקטאָר וועגן די אויגן“, קען גאַנץ נאַטירלעך סבעמאַטיזירט ווערן אָן אַ פּילפּונקט:

אריינגיין

| |

צו אַ דאָקטאָר וועגן די אויגן

די סוביעקטיווקייט פון דער סכעמאַטיזירונג איז דאָ, ווי אין פיל אַנדערע פאַלן, נישט קיין חסרון, נאָר אַ מעלה: זי גיט די מעגלעכקייט (אין שול) צו פאַרגלייכן די שפּראַכבאַנעמונג פון פאַרשידענע אינדיווידן און דורך דעם טיפער אַריינדרינגען אין דער שפּראַך.

707. פֿאַראַן פֿאַלן, ווען ס'איז שווער אויפֿצובויען אַ סכעמע, ווען ס'איז שווער צו באַשליסן, צו וועלכער סינטאַגמע ס'ציט זיך די אָדער יענע סינטאַגמע, צ.ב. זי קען חלילה שטאַרבן:




אין אַזעלכע פֿאַלן איז די סכעמאַטיזירונג נוציק אַלס סטימול צו גראַמאַטישער איינטראַכטונג.

708. ווען מיר ווילן סכעמאַטיזירן אַזאַ באַהעפֿט „זיי גייען איינער צום אַנדערן", פֿאַלן מיר אַריין אין אַ פֿאַרלעגנהייט. די ציונג פֿון „זיי" און „גייען" איז קלאָר; מיט „איינער" און „צום אַנדערן" ווייסן מיר נישט וואָס צו טון. „צום אַנדערן" קען זיך אפֿשר ציען צו „גייען" (כאָטש ס'האָט נישט קיין זינען: „זיי גייען צום אַנדערן"), אָבער „איינער"? קיין סוביעקט איז עס נישט (אַנישט וואָלט געווען „גייט", און וואָס וואָלט דעמאָלט געווען „זיי"?). מע מוז אָננעמען, אַז „איינער צום אַנדערן" ציט זיך אַלס **גאַנצע גרופּע** צו „גייען".

זיי ———— גייען
|
איינער צום אַנדערן

אין דער גרופּע אינווייניק קען מען פֿעסטשטעלן אַ ציונג: איינער
|
צום אַנדערן

אָבער אין געגעבענעם קאָנטעקסט קען מען די ציונג נישט אַרויסווייזן.

אַ גרופּע סינטאַגמעס, וואָס ציט זיך צו איין סינטאַגמע, אָבער אַליין קען זי אין געגעבענעם קאָנטעקסט נישט צעלייגט ווערן, וועלן מיר רופֿן **פֿעסטע גרופּע**.

709. די דערשיינונג איז היפּש פֿאַרשפּרייט. אָט זענען עטלעכע טיפּן פֿעסטע גרופּעס:

1) איינער צום אַנדערן, איינער דעם אַנדערן, איינער מיטן אַנדערן

אאַז״ו, איך אַנטלויף פייל פון בויגן (פר.); פון יאָר צו יאָר; רעדן וועגן דעם איז אַן עבירה די צייט.

2) כ׳לייען דוד האָפשטיינען, ער זאָגט צו פישקע דעם קרומען (אָבער אין נאָמינאַטיוו זענען זיי צעלייגבאַר) (565).

3) דריי יאָר, פינף אַרשין (175).

4) דעם זיבעטן נאָיאַבער, צען אַזייגער, אַלע טאָג.

5) דריי אַרשין די לענג, אַן אַרשין די טיף.

6) צוויי דריי, פון אַכט ביז צען.

אייניקע אויסבילדונגען שטייען אויפן גרענעץ צווישן פעסטע גרופעס (ד.ה. גרופעס פון מערערע סינטאַגמעס) און צונויפגעזעצטע פאָרמעס (ד.ה. גרופעס פון מערערע ווערטער, וואָס מיר האלטן פאר איין סינטאַגמע), אָדער אפילו צונויפגעזעצטע ווערטער. אהער קען מען פאררעכענען פעריפראַסטישע ווערבן, ווערבן מיט „ווערבאלן צוגאָב״.

צו פעסטע גרופעס געהערן אויך אייניקע פאלן פון גלייכארטיקע סינטאַגמעס און פון בייזאצן.

710. קיין שארפער גרענעץ צווישן פעסטע גרופעס און צעלייגבארע גרופעס איז נישטאָ. אַז מע וויל, איז יעדע ווערטערגרופע – אַ פעסטע גרופע, אויף וויפל יעדע צעלייגונג טראָגט אריין עפעס אַ ניואַנס, לאָז זיין אַ ווייניק באמערקבאַרן. לאָמיר נעמען דריי ביישפילן: ער איז אַ קלוגער מענטש – ער וווינט אויף דער בריסקער גאַס – ער קומט דעם צענטן אפרעל. פאָרמאל קען מען זיי אלע צעלייגן: ער איז אַ מענטש–אַ קלוגער מענטש, ער וווינט אויף דער גאַס–אויף דער בריסקער גאַס, ער קומט דעם אַפרעל–דעם צענטן אַפרעל. אָבער דער לעצטער אַנאַליז שיינט אונז אוממעגלעך: „ער קומט דעם אפרעל״ זאָגט מען קיינמאָל נישט (מע זאָגט: „ער קומט אין אפרעל״). און דער מיטלסטער? „וווינען אויף דער בריסקער גאַס״ הייסט דאָך נישט „וווינען אויף דער גאַס״? אַז מע וויל, האָבן מיר דאָ צו טון מיט אַ „פעסטער גרופע״ (ד.ה. אין קאָנטעקסט מיט „וווינען״ איז „בריסקער גאַס״ נישט=„בריסקער+גאַס״). אָבער אפילו אין ערשטן באהעפט, אַז מע זאָל זיך טיפער איינטראַכטן, איז „אַ קלוגער מענטש״ נישט גלייך „קלוגער+מענטש״, שוין דערפאַר, וואָס איך בין נישט אויסן געבן צו וויסן, אַז „ער איז אַ מענטש״, נאָר אַז „ער איז אַ קלוגער״. אָבער צו טיפע חקירות וואָלטן אָפגענומען די מעגלעכקייט צו בויען אַ וועלכן ס׳איז אפאראט (אין דעם פאל, גראַמאַטישן אנאליז) אויף צו אַנאַליזירן די שפּראַך. דעריבער באַנוגענען מיר זיך מיט קאָנווענציאָנעלע

אָפּגרענעצונגען, האַלטנדיק „אַ קלוגער מענטש" פאַר אַ צעלייגבאַרע־גרופּע, „דעם צענטן אַפּרעל" פאַר אַ פעסטער גרופּע, און „אויף דער בריסקער גאַס" לאָזן מיר נישט קוואַליפיצירט: אין יעדן באַזונדערן קאָנקרעטן פאַל באַשליסן מיר, צי קען מען דאָ און צי לוינט דאָ אָנהענגען דעם סכעמאַטיזיר-מעטאָד ביזן סוף אָדער ניין.

אין „ער איז אַלט דריי יאָר, ער גייט אין נייע שיך" אדג"ל האָבן מיר אויך אַ פאַל פון אומבאַקוועם צעלייגבאַרע גרופּעס: אַלט זיין דריי יאָר הייסט נישט „זיין אַלט" אדג"ל. דאָ איז אַ פעלד פאַר מאַטעריעל-סעמאַנטישע (נישט גראַמאַטישע) נאָכמערקונגען און איינטראַכטונגען.

711. מיר ווייסן שוין, אַז אַ באַהעפט קען זיין אָפן אָדער געשלאָסן, אין לעצטן פאַל — מיט אַ סוביעקט אָדער אָן אַ סוביעקט. אָט דער אונטערשייד ווייזט זיך אַרויס אין דער סכעמאַטיזירונג: אַ געשלאָסענער סוביעקטיקער באַהעפט האָט אין דער ערשטער סכעמע-שורה צוויי סינטאַגמעס (סוביעקט, פּרעדיקאַט), אַ געשלאָסענער סוביעקט-לאָזיקער — נאָר אַ פּרעדיקאַט, אַן אָפענער — נאָר אַ נישט-פּערזאָנוואָרט (נאָמינאַטיוו, אינפיניטיוו אדג"ל). ביישפּ. פון אָפענע באַהעפטן:

דו ריינער לאָגל, פול מיט ווין, מיט שנייַק האַרטן (האָפּ.)

דו
|
לאָגל
/ \
ריינער פול
|
מיט ווין
|
מיט האַרטן
|
שנייַק

אַ שפּאַן טון מיט נייעם, מיט ברייטן, מיט אייגענעם, **נאָך** ניסט געגאַנגענעם גאַנג! (האָפּ.)

אַ שפּאַן טון

מיט גאַנג

מיט נייעם, מיט ברייטן אייגענעם נישט געגאַנגענעם

נאָך

712. דער באַשריבענער סכעמאַטיזיר-אופן איז נישט דער **איינציקער.** זיך אָפּשטעלן דאָ אויף אַנדערע אופנים איז נישטאָ קיין אָרט.

# IV. ווערטער-סדר

## 1. אַלגעמיינס

713. אין יעדן קאָנקרעטן פאַל איז דער ווערטער-סדר אָפּהענגיק פון פאַרשידענע, זיך איבערפלעכטנדיקע באַציונגען: פון דער סינטאַק-סישער פונקציע פון דעם אָדער יענעם וואָרט, פון זיין פסיכאָלאָגישן ווערט, פון ריטם.

אין דער לערע וועגן ווערטער-סדר איז באַקוועם איינצופירן אַ באַהילפיקן באַגריף „גרופע". גרופע הייסט:

1) דער סוביעקט מיט אַלץ, וואָס איז צו אים סובאָרדינירט (אַפילו אַ גאַנצער בייזאַץ. 763).

2) דער פערזאָנוואָרט (כאָטש בלויז אַ באַהילפיקער).

3) יעדע סינטאַגמע, סובאָרדינירט צום פרעדיקאַט, צוזאַמען מיט אַלץ, וואָס צו איר סובאָרדינירט (אַהער געהער אויך דער באַטייטיקער טייל פון פרעדיקאַט, אויב דער פערזאָנוואָרט איז אַ הילפוועדב.

ביישפיל: אויף שיף פון מיין עלנט בין איך אין דיין האַפן געקומען (האָפ.).

סכעמע:

איך ——— בין געקומען



אַלזאָ, זענען דאָ גרופּעס:

1) איך
2) בין
3) געקומען
4) אויף שיף פון מיין עלנט
5) אין דיין האַפן

714. מיר ווערן דערלערנען פריער עטלעכע כללים וועגן ווערטער-סדר אין אַ „גרופּע", ד.ה. אייגנטלעך אין אַן אָפּענעם באַהעפט, דער-נאָך עטלעכע כללים וועגן סדר פון גרופּעס אין אַ זאַץ. ס'ווערן געגעבן ווערן נאָר די וויכטיקערע כללים.

## 2. ווערטער-סדר אין אַ גרופּע
## (אָפּענעם באַהעפט)

715. אין יעדער גרופּע שטרעבן צו שטיין בשכנות יענע סינ-טאַגמעס, וואָס ציען זיך אוממיטלבאַר איינע צו דער אַנדערער; דערביי שטרעבט מען אויסצומיידן צווייטייטיקייט.

ביישפּ. „דראַנג פון יידישע אַרבעטער צו דער פּאַרטיי" איז בעסער (קלאָרער) ווי „דראַנג צו דער פּאַרטיי פון יידישע אַרבעטער" („עמעס"). אין דער לעצטער קאָנסטרוקציע קען זיך „פון יידישע אַרבעטער" ציען צו „פּאַרטיי" („פּאַרטיי פון יידישע אַרבעטער").

716. אַדיעקטיוו שטייט דאָס רוב פאַרן סובסטאַנטיוו (נאָכן אַר-טיקל): אַ ווייטער גרוס פון ווייסע בליטן (אָפּ.).

717. אַדיעקטיוו קען קומען נאָכן סובסטאַנטיוו; דעמאָלט

1) חזרט זיך איבער דער אַרטיקל: מיט אַזאַ גרוס אַ העלן, אַ געגאַרטן (האָפּ.).

2) קען זיך איבערחזרן די פּרעפּאָזיציע: פאַרזיגלט ביסט מיט שטעמפּלעך מיט צאַרטע (האָפּ.).

3) אין נאָמינאַטיוו — אַקוזאַטיוו דריטן מין קומט דער סופיקס —ס: אַ מיידעלע אַ קליינס (פרגל' אַ קליין מיידעלע).

דער לעצטער פּונקט איז שייך אויך צו אדיעקטיוו ביי אַ בינדונג.

„אזוינער“ קומט אין איינצאָל נאָר נאָכן סובסטאַנטיוו. ביי „איך, דו, ער, זי, מיר, איר, זיי“ קומט דער אדיעקטיוו נאָר נאָכן סובסטאַנטיוו און נאָר אָפּגעזונדערט (אָפּגעטיילט מיט קאָמע-אינטאָנאַציעס).

718. אַן אַדווערב און אַן אינוואַריאַנט ביי אַן אַדיעקטיוו קומען פאַרן אַדיעקטיוו:

1) אָדער צווישן אַדיעקטיוו און אַרטיקל: אַ גאַנץ קלוגער, אַ געניג יונגער, אַ נישט שיינער, דער סאַמע קלענסטער, אַ צו הויכער, אַ שטאַרק רייכער.

2) אָדער פאַרן אַרטיקל: גאָר אַ ווייטער, זייער אַ גרויסער, נישט קיין שיינער, סאַמע דער קלענסטער, צו אַ הויכער.

אַזאַ גרויסער=אַ גרויסער אַזאַ.

719. צווישן דעם אַדיעקטיוו און דעם סובסטאַנטיוו קומען נישט קיין ווערטער, וואָס זענען באַהעפט צום אַדיעקטיוו: זיי מוזן קומען פאַרן אַדיעקטיוו. אויב אָבער דער אַדיעקטיוו איז נאָכן סובסטאַנטיוו, קענען אַזעלכע ווערטער קומען נאָכן אַדיעקטיוו.

ביישפּ.: אַ מיט בילדער באַהאָנגענער צימער=אַ צימער, אַ באַהאָנגענער מיט בילדער (בעסער: אַ צימער, באַהאָנגען מיט בילדער) (525)=אַ צימער, אַ מיט בילדער באַהאָנגענער (נישט באַקוועם); פאַר אַ גרייז דאַרף מען רעכענען: „אַ באַהאָנגענער מיט בילדער צימער“. אמת, דער גרייז איז גאַנץ פאַרשפּרייט (מסתמא די ווירקונג פון רוסיש); כ׳מיין אָבער, אַז ער איז נאָך נישט אַריבער אין גבול פון נאָרמאַלע דערשיינונגען.

720. נאָך ביישפּילן: אויסציען זיך אויף גרינע מיט קווייטן-בלומען געשטיקטע קאַוויאָרן (אַבר.), נישט, ווי ס׳וואָלט געזאָגט אַ רוסיש-באַווירקטער רעדער אָדער שרייבער: „אויף גרינע, געשטיקטע מיט קווייטן-בלומען קאַוויאָרן“; אַ באָבע-מעשה דערציילט דער ים די צעוואָרפענע, מיט לאַנגע וואַסער-פלאַנצן ווי מיט האָר באַוואָקסענע שטיקער פעלזן (פּר.), ד.ה. די שטיקער פעלזן זענען באַוואָקסן מיט לאַנגע וואַסער-פלאַנצן ווי מיט האָר; צוגעדריקט דאָס פידעלע אין דער נאָך ווייסער איבער נאַכט געוואָרענער באָרד אַריין“; (פּר.)— אַ שווערלעכע קאָנסטרוקציע, אָבער ערגער וואָלט געווען: „אין דער געוואָרענער איבער נאַכט נאָך ווייסער באָרד אַריין“; פון אים, דעם באַליבטן און אויפן גאַנצן געגנט באַוווסטן דאָקטאָר (בערג.); האָבן אַדורכגעשווינדלט אַ פּאָר באַקאַנטע, ערגעץ געזעענע פּנימער (בערג.);

מיט דער קאָלטענוואַסער, ווי פון בראָנז געפלאָכטענער באָרד (אָפּ.); סאַפראָן, מיט אַן אָפּגעריסענער פּאָלע פון לויט שטאָטישער מאָדע אויפגעניייטן פּרענטש... (גאָד.); האָט טאַקע די וויטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער אַמעריקאַניש יידישע (sic !) דיכטונג געמוזט אַרויס פון די דאָזיקע פּאַר זיך אָרגאַנישע, אָבער פאַרן אַרומיקן וועלטישן געדאַנקען־וועג שוין צו ענגע מחיצות (דאָבר.).

דאָך טרעפן מיר אָפטע אָפּנייגונגען. ביישפּ.: קוקט ביז ווי א רוח מיט פאַרלאָפענע פון בלוט, האַלב צוגעמאַכטע אויגן (אבר.) אָנשט.: „מיט פון בלוט פאַרלאָפענע"; א ווילדע שטיין בלייבן מיט די פאַררוקטע הענט אין די אַרבל פון כאַלאַט (גראָדז.) אָנשט.: „די הענט, פאַררוקט אין די אַרבל"; סאַפראָן, מיט אַן אָפּגעריסענער פּאָלע פון לויט שטאָטישער מאָדע אויפגעניייטן פּרענטש, מיט אָנגעגאָסענע מיט בלוט אויגן, האָט ווילד, ניבול־פּהיק זיך געזידלט (גאָד.) — אין איין פראַזע א ריכטיקע און נישט־ריכטיקע וואָרטשטעלונג („מיט מיט בלוט אָנגעגאָסענע אויגן" איז פּאַטעטיש נישט באַקוועם, בעסער: „מיט אויגן, אָנגעגאָסן מיט בלוט"); די געשליפענע ווי א דימענט סימעטרישע נאָוועלע־דערציילונג (דאָבר.); מאָביליזירטע צוליב דעם מיטגלידער פון פראָפּ. פאַריינען („רויטער שטערן")—סאַרא שווערע אינטאָנאַציע!; די קראַנקע אויף טיפוס קינדער („עמעס"); דאָס אממערסטן גאַראַנטירטע פון אומבאַטראַכטע סאָציאַלע עקספּערימענטן לאַנד („עמעס") — א שווערע אינטאָנאַציע! בעסער: „דאָס לאַנד, וואָס איז אַממערסטן גאַראַנטירט...".

721. אַ צאָלנאָמען שטייט דאָס רוב פאַרן סובסטאַנטיוו: פינף ביכער, דריי פונט; די פינף ביכער, די דריי פונט; אָבער אויך: ביכער פינף, די ביכער די פינף.

אַ צאָלנאָמען מיטן אומבאַשטימיקן אַרטיקל קומט סיי פאַר, סיי נאָכן סובסטאַנטיוו: אַ פינף ביכער, אַ דריי פונט; אַ ביכער פינף, אַ פונט דריי.

722. אַ צאָלנאָמען קומט דאָס רוב פאַרן אַדיעקטיוו, אויב דער דאָזיקער ציט זיך צום סובסטאַנטיוו: דריי גאַנצע קליידלעך (נישט קיין צעריסענע). אויב אָבער דער אַדיעקטיוו ציט זיך צום צאָלנאָמען (ס'קומט פאָר זעלטן), קומט ער פאַרן צאָלנאָמען: גאַנצע דריי קליידלעך, פּרגל' גאַנצע דריי צעריסענע קליידלעך

723. דער פּאָסעסיוו קומט נאָרמאַל פאַרן סובסטאַנטיוו, צו וועלכן

ער ציט זיך (דערביי ווערט פאַרשפּאָרט דער באַשטימיקער אַרטיקל): דעם סוחרס זון („דעם" געהערט צו „סוחרס", ביי „זון" איז דער אַרטיקל פאַרשפּאָרט. 479).

724. דער פּאָסעסיוו קען קומען אויך נאָכן סובסטאַנטיוו (דעמאָלט ווערט דער אַרטיקל נישט פאַרשפּאָרט): דער זון דעם סוחרס („דער זון אַ סוחרס"—ווערט נישט באַנוצט); אַ זון דעם סוחרס; אַ זון אַ סוחרס.

אַ פּאָסעסיוו, וואָס ציט זיך צו אַ פּערזאָן-נאָמען, קומט נאָך אים: שלמה רב חיימס; מאָטל דעם חזנס.

725. די ווערטער „מיין, דיין, זיין, איר, אונזער, אייער, זייער, איין" קומען פאַרן סובסטאַנטיוו, פאַרשפּאָרנדיק דעם באַשטימיקן אַרטיקל („איין"—דעם אומבאַשטימיקן). ווען ביים סובסטאַנטיוו איז אָבער דער אומבאַשטימיקער אַרטיקל, אָדער ווען די ווערטער קומען נאָכן סובסטאַנטיוו, קומען זיי אַלס נאָרמאַלע אַדיעקטיוון: „מיינער, דיינער...".

איין מענטש=איינער אַ מענטש=אַ מענטש איינער.

726. ווערבאַלער צוגאָב ביי אינפיניטיוו און פּאַרטיציפּ קומט שטענדיק אוממיטלבאַר פאַר זיי. דער פּאַרטיקל „צו" (ביי אינפיניטיוו) קומט נאָכן ווערבאַלן צוגאָב: כ'האָב געשריבן, כ'האָב איבערגעשריבן, כ'וועל שרייבן, כ'וועל איבערשרייבן, כ'הייב אָן איבערצושרייבן (זעלטענער: „צו איבערשרייבן"), די נייגונג מוחל צו זיין (זעלטענער: „די נייגונג צו מוחל זיין").

דאָס איז אַ פאָרמאַלער סימן פון ווערבאַלן צוגאָב אויף אָפּצושיידן אים פון אַנדערע אינוואַריאַנטן: פאַראַן „אהין גיין" און „גיין אהין", אָבער נישטאָ „טון אהין", נאָר דווקא „אהינטון" – הייסט עס, אין „אהינטון" איז „אהין" אַ ווערבאַלער צוגאָב, אין „אהין גיין"–גלאַט אַן אינוואַריאַנט. דערפון אויך אַן אָרטאָגראַפישער אויספיר.

## 3. גרופּעס-סדר אין זאַץ

727. דער פּערזאָנוואָרט קומט נאָרמאַל אויפן צווייטן אָרט אין זאַץ; אויפן ערשטן קומט דערביי אָדער די סוביעקט-גרופּע, אָדער אַן אַנדער גרופּע. ביישפּילן:

1) מיר דאַרפן זיך באַלד און נאָך היינט אין נאַכט אין וועג לאָזן (נס.); די טיר פון דער שטוב איז אָפן אַ גאַנצן טאָג און אַ

גאַנצע נאַכט (אַש); די שיינע ווונדערלעכע מעשיות פון שמואליק דעם יתום האָבן זיין יונגן חבר אינגאַנצן פאַרכישופט (ש"ע).

2) אַזוי זאָגט צו מיר מיין ברודער אלי' (ש"ע); אַרום אַ טיש, וואָס איז אין גרויסן און אין מיטן חדר געשטאַנען, איז אַ שטילע נאַכטישע און הייליקע עדה, אין זייד און אין סאַמעט געקליידט, געזעסן (נס.)—דער בויגפאַל „אַרום אַ טיש" צוזאַמען מיטן בייזאַץ ביי אים רעכנט זיך, לגבי ווערטער-סדר, פאַר איין „אָרט"; נולד איז דאָס היטל געוואָרן אין דעם שטעטל ק. (אַבר.); איזן איז עס רב יחזקאל גאָמבינערס שטוב (אַש); צווישן די גוואַלדן, וואָס די ציוניסטן און אַלע אַנדערע גביריש-רבנישע און אויך פשוט נאַציאָנאַליסטישע גרופן פון דער יידישער בורזשואַזיע מאַכן אין אויסלאַנד קעגן דער ראַטנ-מאַכט, דער קאָמפּאַרטיי און באַזונדערס די „יעווסעקן", פאַרנעמט אַ גאָר אָנגעזעענעם אָרט די יללות וועגן דעם, אַז מיר רודפן כלומרשט די העברעישע שפּראַך („עמעס"); אוי ליגט מען אין דער ערד!; די יונגאַטשעס געלט געבן טאָר מען נישט („וועקער").

728. דער פערזאָנוואָרט קען אויך קומען אויפן ערשטן אָרט (אויפן צווייטן איז דעמאָלט אַמאָפטסטן — דער סוביעקט). ביישפּילן: שווייגט אַלץ (גאָד.); כאַפּט אויף זיך די קוטשמע דער רב (פר.); זאָל ער אויסגיין וועג און שטעג (נס.); האָט ער דיר שוין דערציילט פון באַרג? (נס.); דעמאָלט טראָגט דער באַהעפט דעם כאַראַקטער פון פאַרבינדונג מיט פריערדיקער אָדער (זעלטענער) שפּעטערדיקער רייד.

729. אויפן ערשטן אָרט קען קומען „עס (סע, ס)": עס האָט זיך אים פאָרגעשטעלט זיין צוקונפט (גראָדז.); עס זיצט בן-ציון (אַבר.).

730. די מאָרפעמע „עס (סע, ס)" איז, אומאָפּהענגיק פון דער אָרטאָגראַפיע, אַ פּרעפיקס, נישט קיין באַזונדער וואָרט: צווישן „עס" און דעם פערזאָנוואָרט קען מען קיין אַנדער וואָרט נישט אַריינשטעלן.

מע רופט אַמאָל דעם פּרעפיקס „עס" – „פיקטיווער סוביעקט". ס'איז נישט געלונגען. דאָס זאָל באַטייטן, אַז אויב דער סוביעקט שטייט נישט אין אָנהייב זאַץ, קומט דער פּרעפיקס „עס" אלס זיינער אַ ממלא-מקום. פאַרוואָס-זשע קומט ער נישט ביים סוביעקט „איך, דו, מיר, איר"? ביים סוביעקט „ער, זי, זיי"? פאַרוואָס לאָזט זיך זאָגן אי „שווייגט אַלץ", אי „ס'שווייגט אלץ" (מיט פאַרשידענע ניואַנסן)? הייסט עס, אַז דער טערמין „פיקטיווער סוביעקט" דערקלערט גאָרנישט. ריכטיקער איז צו

באטראכטן „עס", אלס „פיקטיווע סינטאגמע", וואָס דאַרף מאכן, אז דער פערזאָנוואָרט זאָל נישט שטיין אויפן ערשטן אָרט.

731. מע פרווּוט אַמאָל פאָרמולירן אַ כּלל (לויט דייטש), אַז אין אַ פרעג-זאַץ קומט דער פערזאָנוואָרט אין אָנהייב. ס'איז נישט ריכטיק: מע קען אַלצאיינס גוט זאָגן: „האָט ער דיר שוין דערציילט פון באַרג?" און „ער האָט דיר שוין דערציילט פון באַרג?".

פאַר מיין שפּראַך-חוש קלינגט די צווייטע פאָרם נאַטירלעכער, די ערשטע קינסטלעך (אָדער מיטן ניואַנס פון פאַרבינדונג מיט די פריערדיקע רייד).

732. דאָס וואָרט „זאָל (זאָלסט...)" קומט אין פּשוטן באַפעל אויפן ערשטן אָרט: „זאָל ער גיין"; אַ געוויסן ניואַנס גיט-צו די שטעלונג פון „זאָל" אויפן צווייטן אָרט, נאָכן סוביעקט (נישט אין קיין בייזאַץ): „מיר זאָל זיין פאַר דיר!".

„זאָל" מיטן באַטייט פון פאַרווּנדערונג קומט אויפן צווייטן אָרט: אַ קינד זאָל האַלטן אין איין וויינען! (352).

733. דער פערזאָנוואָרט אויפן דריטן אָרט אָדער ווייטער — קומט-פאָר נאָר אין ספּעציעלע פאַלן:

1) ווען נאָכן סוביעקט קומט אַ גערונדיום-גרופּע: דער אַלטער, דערזעענדיק וואָלפן, האָט זיך עטוואָס פאַרלאָרן (אָפּ.); מע קען אָבער אויך: „דער אַלטער האָט, דערזעענדיק וואָלפן, זיך עטוואָס פאַרלאָרן", אָדער: „דערזעענדיק וואָלפן, האָט זיך דער אַלטער עטוואָס פאַרלאָרן".

2) ווען נאָכן סוביעקט קומט אַ פאַרגלייך: די נאַכט, ווי אַ כּישופמאַכערין, לאָזט זיך פאַמעלעך אַראָפּ (אָפּ.), מע קען אָבער אויך: „די נאַכט לאָזט זיך, ווי אַ כּישופמאַכערין, פאַמעלעך אַראָפּ", אָדער: „ווי אַ כּישופמאַכערין לאָזט זיך די נאַכט פאַמעלעך אַראָפּ".

3) אין אויסרוף-פראַזעס: סאַראַ קלוגע זי איז! (נישט: סאַראַ קלוגע איז זי); ווי זי האָט זיך דאָס געצאַפּלט אין זיינע אָרעמס (גראָדז.) (נישט: „ווי האָט זי זיך..."); וואָס ער האָט איבערגעלעבט אין די מינוטן! (ש"ע); נאָר מע שלאָגט זיך!; רק מע שלאָגט זיך!; ממש זי זינגט!

4) אין אַ פראַגע מיט צוויי פרעגווערטער אָדער מיט איין פרעגוואָרט, אויב ער שטייט נישט אין אָנהייב: ווער וווּהין גייט?; אַהין ווער גייט? (אַקצענט אויף „אַהין"); ער וווּהין גייט?; נעכטן

ווי ביסטו געווען?; ער זיפצט נאָר, און קרעכצט נאָר, און פרעגט: וואָס טוט מען מיט די קינדער? מיט די קינדער וואָס טוט מען? (ש"ע).

5) אין איבערפרעגונג: פונהאנען קומט אַ ייד? — האָט חיים אים שלום געגעבן. — פונהאנען איך קום? — האָט דער אורח געצויגן די חערטער (אָפּ.) (420).

6) אין אייניקע אנדערע פאלן, טיילווייז צוליב ריטמישע אומשטאנדן, טיילווייז צוליב ענגער פארבינדונג פון סינטאגמעס, און צוליב אנדערע אורזאכן, חאָס כ'קען נאָך נישט פאָרמולירן: אים אליין אין די געשעפטן איז אויך געגאנגען שלים (ש"ע); שטארק גיין אהין וויל איך נישט (ש"ע); חינטער פון דירה וואַרפט מען נישט („שטערן").

אין מיין דיאלעקט: נישט נאָר ער לערנט נישט, נאָר ער טוט בכלל גאָרנישט.

7) קינסטלעך—אין פערזן (צוליב ריטם?): אויף אַ בוים אין גרינעם האלד אַ וונדערלעבער פויגל שאלט (פר.).

734. דער דאָזיקער צעטל קען מאַכן אַן איינדרוק, אַז דער פערזאָנוואָרט ווייטער ווי אויפן צווייטן אָרט—איז אַן אָפּטע דערשיינונג. ס'וואָלט געווען פאַלש. די אַלע אויסגערעכנטע פאַלן זענען פיל זעל־טענער ווי די נאָרמאַלע שטעלונג פון פערזאָנוואָרט — אויפן צווייטן (אָדער ערשטן) אָרט. און מיר נעמען אויף, בכלל, פאַר נישט נאַטירלעך, פאַר אַ גרייז, ווען דער פערזאָנוואָרט שטייט ווייטער ווי אויפן צווייטן אָרט. אַ פשוטער עקספערימענט: מיר נעמען אַ באַהעפט, שפאַלטן אָפּ גרופעס און פרווון זיי פונאַנדערשטעלן אין פאַרשידענעם סדר: „אויף שיף פון מיין עלנט בין איך אין דיין האַפן געקומען" (713). די פראַזע אַנטהאַלט 5 גרופעס. אויפן צווייטן אָרט שטייט דער פערזאָנוואָרט. לאָמיר פרווון איבערשטעלן די גרופעס, וועלן מיר באַמערקן, ווי „פון זיך אַליין" ציט זיך אויפן צווייטן אָרט דער פערזאָנוואָרט:

איך בין אויף שיף...
געקומען בין איך...
אין דיין האַפן בין איך...

נאָכן פערזאָנוואָרט קענען זיך די גרופעס גרופירן פאַרשידן, אָבער דער פערזאָנוואָרט קומט רק אויפן צווייטן אָרט.

735. אָט זענען ביישפילן פון גרייזן לגבי דער שטעלונג פון פערזאָנוואָרט: אין האָרקי אַלע ימים־נוראים אַרבעטן מיט אַלע כוחות

די גנבים („וועקער"), דאַרף זיין: „אין האָרקי אַרבעטן..." אָדער „אַלע ימים-נוראים אַרבעטן..."; אין גראָסער-קלוב פאַר די לעצטע צוויי חדשים האָבן געאַרבעט רעגולער פאָלגנדע קרייזן („וועקער"); די ווערק פון ח' לענין אין יידיש דאַרפן אַמגיכסטן איבערגעזעצט ווערן („וועקער"); מיר זענען געוווינט, פאַרן פערזאָנוואָרט זאָל שטיין נאָר איין גרופּע, נעמען מיר אויף די ווערטער „די ווערק פון ח' לענין אין יידיש" פאַר איין גרופּע,—ד.ה. אַז „אין יידיש" ציט זיך צו „די ווערק" (אָנשט. צו „איבערגעזעצט ווערן"); באַקומט זיך, אַז ס'האַנדלט זיך וועגן ח' לענינס יידישע ווערק.

אַזעלכע גרייזן קומען פאָר גאַנץ אָפט אין ציימונגען און באַזונ-דערס אין וואַנט-ציימונגען, אַרבקאָרן-קאָרעספּאָנדענצן, כלערליי מינדלעכע אַרויסטרעטונגען פון מענטשן מיט אַביסל אַ צעטרייסלטן שפּראַך-חוש (ווירקונג פון רוסיש, ווו דער ווערטער-סדר איז פיל פרייער). אַדרבאָ, גראַמאַטיש ריכטיק רעדט שלום-עליכם („די ערשטע יידישע רעפּובליק") „יידיש-רוסישער" סטודענט: וואָפּערוויך סאָמניעוואַיע איך זיך, אויב אַלע פּאַרשטייען פּפּאָלניע די דייטשע שפּראַך, און וואָפּטאָריך בין איך אובעזשדיאָן... — האַלב-רוסישע לעקסיק (ווערטער) און אויסגעהאַלטן יידישע גראַמאַטיק (פאָרמעס).

736. די נייגונג פון דער שפּראַך צו שטעלן דעם פערזאָנוואָרט דווקא אויפן צווייטן (אָדער ערשטן) אָרט איז אַזוי שטאַרק, אַז ווען וואָס איז שווער אָדער אומבאַקוועם, קומט אָן די שפּראַך צו אַ ספּעציעלן ריין פאָרמאַלן („פיקטיוון") פערזאָנוואָרט „איז", וועלכער קומט אויפן געהעריקן אָרט און מאַכט מעגלעך פאַרן אמתן פערזאָנ-וואָרט זיך שטעלן ווייטער. ביישפּ.:

אין פראַנקרייך איז די העלדן-מאַטראָסן, וועלכע האָבן זיך אָפּגע-זאָגט אַרויסצוטרעטן קעגן דער אַרבעטער-פּויערשער רוסלאַנד, מאַטערן זיך נאָך אַלץ אין תפיסה („עמעס"). ס'וואָלט צו שווער געווען דער באָרמאַלער בוי אָן „איז": „אין פראַנקרייך מאַטערן זיך נאָך די העלדן-מאַטראָסן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוטרעטן קעגן דער אַרבעטער-פּויערשער רוסלאַנד, אַלץ אין תפיסה".

ביי קינדער אָבער איז די נאַטור נישט זי שטאַרבט, נישט זי שטייט ו.חיית-המתים אויף („פעד. ביול.").

דעריבער איז נישט נאָר וואָס איך זע נישט קיין צרה, נאָר פאַרקערט, איך זע איין נוצן דערין („אויף די וועגן").

אויפבויען די צוויי פראַזעס אָן דעם „איז“ איז כמעט אוממעגלעך.

אָט איז, אַדרבא, אַ ביישפּיל פון כמעט מיסברויכטן „איז“: „ווי די פאָלקאָווער אָבסערוואַטאָריע טיילט מיט, איז דעם 20טן פעווראַל וועט פאָרקומען אַ פולשטענדיקע ליקוי-לבנה“ („עמעס“) ס׳לאָזט זיך זייער גרינג זאָגן: „ווי די פאָלקאָווער אָבסערוואַטאָריע טיילט מיט, וועט דעם 20טן פעווראַל פאָרקומען...“. דאָך איז דער זאַץ אין צייטונג געבויט ריכטיק.

737. דאָך באַגייט זיך פּרץ אָן דעם „איז“ אין אַזאַ פראַזע: דאָס, וואָס מע האָט אים געזאָגט, אָדער ער האָט פאַרגעסן, אָדער באַלד נישט פאַרשטאַנען“. דער געוויינלעכער בוי פון דער פראַזע וואָלט געווען: „דאָס, וואָס מען האָט אים געזאָגט, האָט ער אָדער...“ אָדער: „דאָס, וואָס מען האָט אים געזאָגט, איז אָדער ער האָט...“ (ביי פּרצן קומט אָנשטאָטן „איז“ אַ פּויזע).

738. ס׳קומט אפילו פאָר, אַז נאָכן „איז“ קומט (לויטן § 728) פריער דער פּערזאָנוואָרט, דערנאָך די איבעריקע סינטאַגמעס. אין אַזאַ פאַל איז דער „איז“, אייגנטלעך, פון שטאַנדפונקט פון ווערטער-סדר איבעריק, אָבער באַקומט, דאַכט זיך, אַ קאָניונקטיווע (בינדוואָרטלעכע) פונקציע. ביישפּ.: „מיט פרישערע לופט, מיט מוזיק און מיט טענץ איז קאָן מען זיי מאַכן געזינטער“ (זשיטלאָווסקיס אַן איבערזעצונג פון היינע). אינטערעסאַנט איז זשיטלאָווסקיס „פּאָסט-סקריפּטום“ צו דער איבערזעצונג: „איך בין אליין נאָך נישט גאַנץ פעסט אין דער דעה: לאָזט-צו אונזער גראַמאַטיק אַזאַ מין בנין, ווי: ,איז – שווימען זיי נאָך‘, ,איז – קאָן מען‘, ,איז–זאָל זי‘ אָדער נישט?“. ער קומט צום ריכטיקן באַשלוס: „אויב דאָס פאָלק רעדט אַזוי, איז–מעג מען“.

739. די פעסטקייט פונעם כלל וועגן פּערזאָנוואָרט אויפן צווייטן אָרט דערלויבט אָפּטמאָל אויסצונוצן דעם ווערטער-סדר פאַר אַ קריטעריע וועגן דעם ציונג פון די סינטאַגמעס. אין „איך וועל אַליין גיין“ ציט זיך „אַליין“ צו „וועל גיין“; אָבער אין „איך אַליין וועל גיין“ נעמען מיר אָן, אַז „אַליין“ ציט זיך צו „איך“, אַנישט וואָלט אויסגעקומען, אַז דער פּערזאָנוואָרט איז אויפן דריטן אָרט. אין „איבער דעם ווייס באַשטויבטן וועג צום שטעטל צו לאָזט זיך אַ פעסטע באַלעבאַטישע פור מיט שטאַרקע צוויי בולאַנעס“ (אַש) ציט זיך „צום שטעטל-צו“ צו „דעם וועג“ („וואָסער וועג?“), נישט צו „לאָזט זיך“, אַנישט וואָלט

„צום שטעטל-צו" געבילדעט אַ באַזונדער „גרופּע" און וואָלט געמוזט אַלזאָ קומען נאָכן פּערזאָנוואָרט.

פרגל' אויך: מאָרגן דריי אַזייגער וועט ער קומען—מאָרגן וועט ער קומען דריי אַזייגער. די ערשטע פראַזע ווערט סכעמאַטיזירט:

ער————וועט קומען

|

מאָרגן

|

דריי אַזייגער

די צווייטע: ער————וועט קומען

| |

מאָרגן דריי אַזייגער

740. אזעלכע קאָנסטרוקציעס ווי „קוים ער עטעמט" (פּר.), „אפנים הוה פויזנער איז נאָך אַלץ געווען אין קרייזשטאָט" (בערג.), ווו „קוים" אָדער „אפנים" קען זיך בשום-אופן צום סוביעקט נישט ציען—מאכן דעם איינדרוק פון צונויפגעזעצטע זאצן מיט פאַרשפּאָרטן בינדוואָרט: קוים וואָס ער עטעמט, אפנים אַז חוה פויזנער...

וועגן שטעלונג פון פּערזאָנוואָרט ז. מיינע אַרטיקלען אין „דער יידישער שפּראַך", קיעוו, נומ. 1, נומ. 7, 1927.

741. די סוביעקט-גרופּע קומט נאָרמאַל אויפן ערשטן אָרט. ביישפּ.: מיר דאַרפן זיך באַלד און נאָך היינט אין נאַכט אין וועג לאָזן (נס.); מיין אוצרל שוין שלאָפן וויל; די שיינע ווונדערלעכע מעשיות פון שמואליק דעם יתום האָבן זיין יונגן חבר אינגאַנצן פאַרכישופט (ש"ע).

דאָס קען דערקלערט ווערן דערמיט, וואָס דער סוביעקט אנטשפּרעכט, ביי נאָרמאַלער אינטאָנאַציע, דעם פּסיכאָלאָגישן סוביעקט, ד.ה. דער „ערשטער פאָרשטעלונג".

742. אויב דאָס ערשטע אָרט איז פאַרנומען מיטן פּערזאָנוואָרט, קומט די סוביעקט-גרופּע, אויב אַזאַ איז פאַראַן, אויפן צווייטן אָרט. ביישפּ.: זאָל ער אויסגיין וועג און שטעג.

743. אויב אָבער דאָס ערשטע אָרט איז פאַרנומען מיט אַן אַנדער גרופּע, מוז אויפן צווייטן אָרט קומען דער פּערזאָנוואָרט (אָדער דאָס וואָרט „איז") און די סוביעקט-גרופּע — ערשט אויפן דריטן אָרט.

ביישפ.: איבער דער גרינער לאָנקע האָט דער לאַנגפיסיקער בושל אַרומגעשפּאַצירט; נולד איז דאָס היטל געוואָרן אין דעם שטעטל ק. (אַבר.); אוי, ליגט מען אין דער ערד!; אַהיים קומט ער שפּעט; אין פראַנקרייך איז די העלדן־מאַטראָסן...

744. ווען אָבער דער פּערזאָנוואָרט קומט ווייטער ווי אויפן צווייטן אָרט (733), קען שוין די סוביעקט-גרופּע קומען אויפן צווייטן אָרט, אויב דאָס ערשטע איז פאַרנומען פון אַן אַנדער גרופּע. ביישפ.: סאַראַ קלוגער ער איז!; פונוואַנען איך קום? (איבערפרעגונג).

מיט קאָמפּליצירטערע פאַלן קענען מיר זיך דאָ נישט פאַרנעמען.

745. אין געגנוואַרט קומט דער ווערבאַלער צוגאָב שטענדיק נאָכן ווערב (אוממיטלבאַר אָדער ווייטער). ביישפ.: איך קום אַריין, איך קום אַריין אַהין, איך קום אַהין אַריין.

דאָס אייגענע איז שייך צו „פעסט" און „פעסטשטעלן" אדג"ל.

746. דאָס אייגענע איז שייך צום באַטייטיקן טייל פון אַ פּערי-פראַסטישן ווערב, אָבער דאָ קומט אַמאָל פאָר אויך אַ פאַרקערטער סדר: איך בין גובר (אָבער אויך „גובר בין איך"), איך ווער אַנטשוויגן (=אַנטשוויגן ווער איך), איך טו אַ וואָרף, איך קום צו גיין, איך טו בעטן, איך האָב חרטה, אאַז"וו.

747. אין פּעריפראַסטישע ווערבן פון III קלאַס מיט ווערבאַלן צוגאָב קומט דער ווערבאַלער צוגאָב אוממיטלבאַר נאָכן ווערבאַלן סובסטאַנטיוו: מאַנכע מאָל גיבן זיך די פערד אַ כאַפּ-אַרויס די קעפּ (פר.).

748. אין אימפּעראַטיוו קומט דער זעלביקער סדר ווי אין געגנוואַרט, אָבער אַמאָל אויך פאַרקערט, אפילו ביי ווערבאַלן צוגאָב: קום-אַריין! (זעלטענער — „אַריין קום!") טו אַ וואָרף! גיב אַ דריי דעם ראָד!

749. געוויינלעך פאָרמולירט מען די צוויי כללים (748, 745) אַזוי: „אַן אַקצענטירטער פּרעפיקס טיילט זיך אָפּ אין דער קאָניוגאַציע" (ד.ה. פון „אַריינקומען" ווערט „איך קום אַריין"). די פאָרמולירונג איז געגרינדעט אויף דער פאַלשער הנחה, אַז אינפיניטיוו איז די גרונטפאָרמע פון ווערב, אַז „כ'קום אַריין", נעמט זיך פון „אַריינקומען". פאַקטיש האָבן מיר נאָך אַן אַנטשפּרעכונג צווישן „כ'קום-אַריין" און „אַריינ-קומען", און מע קען מיט די זעלביקע רעכט באַהויפּטן, אַז ביי אינפיניטיוו-בילדונג „פאַראייניקט זיך" דער ווערבאַלער צוגאָב מיט דער

טעמע. אָנרופן „אריין" און „כ'קום-אריין" „פּרעפיקס" איז אבסורדיש. באטראכטן „אריינקומען" אלס איין וואָרט קען מען נישט. אלזאָ מוז די לערע וועגן „אָפּטיילונג פון אקצענטירטן פּרעפיקס" אָפּפאלן.

750. אין צונויפגעזעצטע ווערבפאָרמעס דאַרף מען אונטערשיידן צוויי טיפּן ווערטער-סדר: **איינשליסיקן און אויסשליסיקן.** איינשליסיק רופן מיר אַזאַ, ווי „כ'בין אַריינגעקומען", ווו „אַריין" שטייט צווישן פערזאָנוואָרט און פּאַרטיציפּ, אויסשליסיק—אַזאַ ווי „כ'האָב געגעבן אַ שפּרונג", ווו „אַ שפּרונג" שטייט אויף יענער זייט פּאַרטיציפּ.

751. ס'לאָזט זיך פעסטשטעלן, אַז מיט איינשליסיקן סדר קומען ווערבן מיט ווערבאַלן צוגאָב, אַסאַך פעריפראַסטישע ווערבן פון I קלאַס, II קלאַס, III קלאַס אָן ווערבאַלן צוגאָב, אייניקע פון IV קלאַס; מיט אויסשליסיקן סדר קומען פעריפראַסטישע ווערבן פון IV קלאַס, V קלאַס, VI קלאַס, אייניקע פון אַנדערע קלאַסן.

אַסאַך ווערבן, צווישן זיי III קלאַס פעריפראַסטישע מיט ווערבאַלן צוגאָב, און אַסאַך פון VI קלאַס, דערלאָזן סיי איינשליסיקן סיי אויסשליסיקן ווערטער-סדר.

ביישפּילן:

1) איינשליסיק: כ'בין אַריינגעקומען (נישט „געקומען אַריין"), כ'האָב זוכה געווען (נישט „געווען זוכה"), כ'בין אַנשלאָפן געוואָרן (נישט „געוואָרן אַנשלאָפן"), כ'האָב אַ וואָרף געטון (זעלטענער „געטון אַ וואָרף"), כ'האָב חרטה געהאַט (זעלטענער „געהאַט חרטה"); כ'וועל אַריינקומען, כ'וואָלט זוכה זיין, כ'פלעג אַ וואָרף טון אאַז"וו; מיט די לעצטע כּוחות זיך אַ שטעל אויף געטון (אָפּ.); זיך ווילעריש אַ שטעל-אַוועק געטון אין אירע געלע שיך (אָפּ.); האָט זי זיך אַ וואָרף-אַריין געטון אין די קישנס (אָפּ.).

2) אויסשליסיק: כ'בין געקומען צו גיין (נישט „צו גיין געקומען"), כ'האָב געטון בעטן (נישט „בעטן געטון"), כ'האָב געהאַט ביד (זעלטענער „ביד געהאַט"), כ'וועל קומען צו גיין, כ'וואָלט טון בעטן, וויל נאָך געבן אַ לעב אונטער (ש"ע), אאַז"וו.

752. אויסשליסיקן ווערטער-סדר האָבן אויך פּערפעקטיווע צייט-פאָרמעס: כ'האָב געהאַט געשריבן, כ'וועל האָבן דערציילט (נישט „געשריבן געהאַט, דערציילט האָבן").

753. אויב ביי אַ צונויפגעזעצטער ווערב-פאָרמע איז פאַראַן נאָך אַנדערע סינטאַגמעס, קומט געוויינלעך (בנוגע אָט די סינטאַגמעס) דער

אויסשליסיקער ווערטער-סדר (ד.ה. פּאַרטיציפּ אָדער אינפיניטיוו נישט אויפן סוף), און אין פייערלעכער רייד—דער איינשליסיקער (פּאַרטיציפּ, אינפיניטיוו אויפן סוף).

איבעריקנס, דער איינשליסיקער ווערטער-סדר איז אָפטמאָל אַ אינדיווידועלער שטריך ביי אַ געוויסן רעדער אָדער שרייבער, אומאָפּהענגיק פון „פייערלעכקייט" פון דער רייד.

ביישפּילן:

1) איז די באָבע דאַן צו מיין געלעגער צוגעגאַן, זיך ביי מיין צוקאָפּנס אַוועקגעשטעלט און, מיינענדיק אַז איך בין איינגעשלאָפן, מיך באַטראַכטן גענומען (נס.). דאָס אייגענע „פּאַראַפראַזאַיִשט": איז די באָבע דאַן צוגעגאַן צו מיין געלעגער, זיך אַוועקגעשטעלט ביי מיין צוקאָפּנס, און מיינענדיק אַז איך בין איינגעשלאָפן, מיך גענומען באַטראַכטן.

2) בקיצור, מע האָט אַרויסגעטראָגן לאָמפּן אויפן גאַניק, געגרייט צום טיש און אָנגעהויבן טראָגן סאַמאָוואַרן הייסע, מיט בעקנס טיי, מיט צוקער... (ש"ע). דאָס אייגענע מיט (נישט פּאַסיקער) פייערלעכקייט: בקיצור, מע האָט לאָמפּן אויפן גאַניק אַרויסגעטראָגן, צום טיש געגרייט און סאַמאָוואַרן הייסע, מיט בעקנס טיי, מיט צוקער... טראָגן אָנגעהויבן.

754. דאָס איז גערעדט געוואָרן דעמאָלט, ווען דער פּאַרטיציפּ אָדער אינפיניטיוו זיינען נישט אקצענטירט, ווי ס'איז געוויינלעך דער פאל. אין יענע זעלטענערע פאלן, ווען דער אקצענט איז אויפן פּאַרטיציפּ אָדער אינפיניטיוו, קומט, דאכט זיך, פּונקט פאַרקערט: דער אויסשליסיקער סדר אין פייערלעכער רייד און דער איינשליסיקער אין פּשוטער.

755. „נישט" (ווען ס'ציט זיך צום פּערזאָנוואָרט) קומט אויפן זעלביקן אָרט, ווי ס'וואָלט געקומען אַ ווערבאַלער צוגאָב (שטרעבנדיק אָבער קומען וואָס נעענטער צום ווערב). אויב ס'איז פאַראַן אַ ווערבאַלער צוגאָב, קומט „נישט" אוממיטלבאַר פאַר אים. ביישפּ.: איך גיי אַוועק—איך גיי נישט—איך גיי נישט אַוועק; איך גיי אַוועק אין שטאָט—איך גיי נישט אין שטאָט—איך גיי נישט אַוועק אין שטאָט; איך בין אַהין אַוועקגעגאַנגען — איך בין אַהין נישט געגאַנגען—איך בין אַהין נישט אַוועקגעגאַנגען; גיי-אַוועק!=אַוועק גיי!; גיי נישט!=נישט גיי!

פארשטייט זיך, אז קיין אנאלאָגיע צווישן „נישט" אין ווערבאלן צוגאָב אין אינטאָנאַציע איז נישטאָ.

ס'זענען מעגלעך צווייטייטיקייטן: „נישט" קען זיך ציען צום ווערב, וואָס פאר אים, אָדער צום נישט-ווערב, וואָס נאָך אים, צ.ב. „איך גיי נישט אהין" (רוסיש: иду не туда,не иду туда). מע קאָן דערקאָנען לויט דער אינטאָנאַציע (אָבער אין שריפט נישט).

אדרבא, אין באקאנטן שפּאַס „עסט נישט שעמט זיך", קען מען נאָר אין שריפט, לויט דער קאָמע, שטענדיק דערקאָנען די ציונג פון „נישט".

756. ביי פּויליש-יידישע שרייבערס (אש, פּרץ) קומט פאָר אן איינגאַרטיקער ווערטער-סדר: „פון עגמת-נפש האָט ער נישט דעם שאָפּן-פעלץ אויסגעטון" (אש)=האָט ער דעם שאָפּן-פעלץ נישט אויסגעטון; „קיינער האָט נישט פאר דעם קיין שלעכט וואָרט געזאָגט" (פּר.)=האָט פאר דעם קיין שלעכט וואָרט נישט געזאָגט.

757. אייניקע ווערטער, באַזונדערס פּראָנאָמען „איך, דו, ער... מיך, מיר..."—קומען וואָס נעענטער צום פערזאָנוואָרט.

מע פארגלייכט זיי מיט לייבטע קערפּערס, וואָס שווימען ארויף אויף דער אויבערפלעך, בעת די שווערערע, וואָגיקערע ווערטער זינקען אראָפּ-צו.

ביישפּ.: איך גיב דעם חבר אַ בוך=איך גיב אַ בוך דעם חבר; איך גיב אים אַ בוך—נישט: איך גיב אַ בוך אים; איך גיב עס דעם חבר—נישט: איך גיב דעם חבר עס.

דער פּראָנאָם קען אויך אָפּשטויסן דעם סוביעקט פון צווייטן אָדער דריטן אָרט אויף אַ ווייטערדיקן, צ.ב.: „וואַשט זיך משהל איין" (זעלטענער: „וואַשט משהל זיך איין"), אין שטאָט טרעפט אים אַ באַקאַנטער.

758. „זיך" קומט אין מיין דיאַלעקט כמעט שטענדיק בשכנות מיטן פּערזאָנוואָרט, שטייענדיק אָפט גאַנץ ווייט פון יענעם וואָרט, צו וועלכן ער ציט זיך: איך בין זיך געגאַנגען באָדן (כאָטש „זיך" ציט זיך צו „באָדן"); כ'האָב זיך געדאַרפט באָדן.

759. ווען אַ ווערב מיט „זיך" ציט זיך צו אַ צווייטן ווערב מיט „זיך", ווערט (שטענדיק?) איין „זיך" פארשפּאָרט: מיר ווילט זיך באָדן (=מיר ווילט זיך זיך באָדן).

760. אַ סינטאַגמע מיט אַ לאָגישן אַקצענט קומט אָפטמאָל נישט

אויף איר געוויינלעכן אָרט, אָבער געבן כּללים איז דאָ שווער: איינער האָט ליב מיט אַזאַ סינטאַגמע אָנהייבן דעם זאַץ, אַ צווייטער דווקא — אָפּלייגן זי אויפן סוף, אאַז״וו.

761. איייניקע ווערטער קומען שטענדיק אין אָנהייב זאַץ: „אוי״ (נישט אַלס אויסרוף־וואָרט, צ.ב. אוי ליגט מען אין דער ערד), „אָט״ (ווען ס׳ציט זיך צום ווערב), סאַרא א״אַ (543).

762. די גאַנצע צייט האָבן מיר באַטראַכט דעם סדר פון גאַנצע גרופּעס אין זאַץ. זעלטן טרעפט, אַז אַ גרופּע ווערט צעשפּאָלטן, ד.ה. אירע סינטאַגמעס שטייען נישט בשכנות. דאָס קומט פאָר אַשטייגער ביי אַ ספּעציפישן טיפּ אַפּאָזיציע: ער געפעלט מיר, דער יונגאַטש (562), ביים וואָרט „אַביסל״ אין אַ ספּעציפישן באַנוץ: „אַ פּינצטער געסל אַביסל״, א״אַ. אין ריטמישער רייד קינסטלעך: דעם וועג דורכגעלאָפן אַ אינד איז אַ שטומע (נס.).

## V. צונויפגעזעצטער באַהעפט

### 1. ב י י ז אַ ץ

763. ווען מיר באַטראַכטן די פראַזעס: ווי אַ ווינטמיל דרייט זיך מיר דער מוח פון אַלצדינגג, וואָס מיר איז ערשט אַנטפּלעקט געוואָרן (אַבר.); אַ מעשה מיט איינעם, וואָס האָט גרויסע אויגן געהאַט (נס.), — באַמערקן מיר, אַז דאָ איז אַ זאַץ (געשלאָסענער באַהעפט) סובאָרדינירט צו איין וואָרט: „וואָס מיר איז ערשט אַנטפּלעקט געוואָרן" ציט זיך צו „אַלצדינגג", „וואָס האָט גרויסע אויגן געהאַט" ציט זיך צו „איינעם". ביז איצט האָבן מיר געהאַט צו טון נאָר מיט **זעלבשטענדיקע זאַצן**. אַ זאַץ, סובאָרדינירט צו אַ סינטאַגמע, הייסט — נישט-זעלבשטענדיקער זאַץ אָדער **בייזאַץ**. קלאָר, אַז אַ בייזאַץ בילדעט נאָר אַ טייל פון אַ באַהעפט. אַ באַהעפט, וואָס אַנטהאַלט אין זיך אַ בייזאַץ, הייסט **צונויפגעזעצטער באַהעפט**; אויב ער אַליין איז אַן אָפענער (ווי אין צווייטן ביישפּיל), איז עס אַן אָפענער צונויפגעזעצ-טער באַהעפט (אָפענער באַהעפט מיט אינוויינעקסטער געשלאָסנקייט).

764. דעם טייל צונויפגעזעצטן זאַץ, וואָס בלייבט, ווען מע וואַרפט-אָפּ דעם בייזאַץ (אָדער אַלע בייזאַצן, אויב ס'זענען פאַראַן מערערע), רופט מען **הויפּטזאַץ**. דער נאָמען איז נישט קיין גענויער, ווארים דאָס איז אייגנטלעך נישט קיין זאַץ, נאָר אַ טייל זאַץ. ביישפּ.:

| | |
|---|---|
| צונויפגעזעצ-טער זאַץ | ווי אַ ווינטמיל דרייט זיך מיר דער מוח פון אַלצדינגג—הויפּטזאַץ.<br>וואָס מיר איז ערשט אַנטפּלעקט געוואָרן—בייזאַץ. |
| צונויפגעזעצ-טער אָפענער באַהעפט | אַ מעשה מיט איינעם—הויפּט-באַהעפט (אָפענער).<br>וואָס האָט גרויסע אויגן געהאַט — בייזאַץ |

765. אַן אָפּענער צונויפגעוועצטער באַהעפט איז בכלל נישט קיין אָפּטע דערשיינונג. אָפּטמאָל ערשיינט אַזאַ באַהעפט פּשוט אַלס גרייזן, אַלס סימן פון מאַכטלאָזיקייט פונעם רעדער אָדער שרייבער צו באַהערשן די העכערע סינטאַקסישע פאָרמעס.

## 2. באַהילפיקע ווערטער

766. די סובאָרדינירונג פון אַ בייזאַץ קומט פאָר 1) דורך בינד־ווערטער (קאָניונקציעס), 2) דורך ספּעציעלע ווערטער, וואָס זענען איינצייטיק באַטייטיקע ווערטער און בינדווערטער (קאָניונקטיוון), 3) אָן קיינע ספּעציעלע באַהילפיקע ווערטער. פּאַראַלעל דערמיט דינען נאָך אַמאָל פאַר אַ סובאָרדיניר־מיטל דער געמישטער מאָדוס אין בייזאַץ, דער ווערטער־סדר, די אינטאָנאַציע.

767. ביי דערלערנען אַ בייזאַץ דאַרף מען לייגן אַכט דערויף, צי איז ער סובאָרדינירט צו אַ סובסטאַנטיוו, צו אַ ווערב, אָדער צו אַן אַנדער סינטאַגמע.

768. אָט זענען איניקע קאָניונקציעס, וואָס דינען צו סובאָר־דינירן בייזאַצן:

**אויב:** אָסור, אויב זי וועט אַרויס; אַ פּרעג אַביסל, אויב איך וויל! (אַבר.); אויב איך וועל אים טרעפן, וועל איך אים איבערגעבן.

**אַז:** אַז ס'איז באַשערט דאָס גרויסע געווינס, קומט דאָס גלייך אין שטוב אַריין; ווי ביסטו געוועזן, אַז יוגנט איז געוועזן?; און זיי פילן ביי דערביי אַזאַ מין טעם, אַז קיין מתנגד פילט עס אַוודאי נישט; מע ווייסט, נישקשה, אַז איר זענט אַן ערלעכער מאַן (אַבר.); מע זאָגט, אַז מיר זענען שוין אין אַמעריקע; אונז אַלע, זיינע גוטע־פריינט, גלוסט זיך זייער, אַז זיינע מעשיות זאָלן כסדר אָפּגעדרוקט און פאַרקויפט ווערן (אַבר.).

**איידער:** נאָך איידער כ'האָב באַקומען דעם בריוו, האָב איך שוין געוווּסט; איידער איך זאָל אָנקומען צו לייטן, וועל איך בעסער עפּעס פאַרקויפן.

**בשעת:** דאָס האָט געטראָפן, בשעת דער אַלטער האָט נאָך געלעבט.

**הגם:** הגם מיר האָבן שוין לאַנג איינגעפירט די איינפּערזאָניקע פאַרוואַלטונג, איז נאָך אַלץ נישט געוועזן קיין איינהייטלעכקייט („עמעס”).

**היות**: היות די חטאים וועגן נישט איבער די מעשים טובים— קומט דער נשמה קיין גיהנום נישט (פר.).

**וואָס**: אַ וואונדער, וואָס ער קומט נאָך נישט; וואָס גרעסער עס ווערט דער טאָג, ראַשער טוישן זיך די שאָטנס (פר.); אַ דאַנק וואָס דוסט עס מיר געטון.

„וואָס" איז פאַרשפרייט אַלס סובאָרדינירמיטל פון אַ בייזאַץ צו אַ סובסטאַנטיוו: אייך, רבֿ מענדעלע, וואָס איר האָט אין אונזער ווינקל אַזאַ שם (אַבר.); מיין געטריי פערדל, וואָס כל־ימיו, דאָס גאַנצע לעבן זיינס, איז עס געיוען אין דער עבודה (אַבר.); האָרעוועט נאָך אפשר מער פון יענע, וואָס פירן טייערע סחורה (אַבר.); איך בין דער ייד, וואָס כ'האָב מסדר־קידושין געווען (ש"ע); נעמט דעם ייד, וואָס עס איז אים נישט גוט געוואָרן, אין שטוב אַריין (פר.).

**ווי**: זען, ווי מירעלע שפּאַצירט דאָ אַלע פאַרנאַכט (בערג.); אַ שרעק ווי ער זעט אויס; ווי איך נעם געזעגענען זיך מיט דער מאַמען, לויפט די גאַנצע שטוב אויף גיך זיך צוזאַמען; די רייכע לאָזט מען אַריין גלייך, ווי זיי קומען אָן מיטן שיף; נאָכדעם ווי ער האָט באַשאַפן די גאַנץ גרויסע וועלט, האָט ער זיך מיישב געווען מיט דער פמליה מלאכים אין הימל (אַבר.); אינגאַנצן עטלעכע וואָכן ווי ער האָט זיך באַקאַנט מיט רחלען (אָפּ.); ווי מיר קלייבן זיך אין אַהיים, ערשט עס גייען אַריין אַ פּאָר יונגעלייט („וועקער"); כ'האָב אויסגעפילט מער ווי איך האָב צוגעזאָגט; נעמען זיך צום געשלעג ווי גאָט האָט געבאָטן (ש"ע); ווי איך בין אַ ייד — איך ווייס פון גאָרנישט; זאָל איך אַזוי לעבן, ווי איך האָב עס נישט געטון.

**ווייל**: כ'בין נישט געקומען, ווייל איך בין געווען פאַרנומען.

**ווען**: ווען כ'וועל אים זען, וועל איך אים איבערגעבן; ווען כ'וואָלט אים געזען, וואָלט איך אים דערציילט; אין באַגינען נאָך, ווען סע גרויט קוים־קוים דער מזרח אויף, זשומען שוין ערגעץ ווו פליגן (גאָד.); ווען מענטשן זענען דאָ זעלטן, עס רוישט נישט, עס קאָכט נישט ווי אין די שטעט, דערפאַר שוויבלט און גריבלט דאָ אין די וועלדער (אַבר.).

**זייט, זינט, צייט**: זינט די מאַמע איז געשטאָרבן, זענען זיי געוואָרן ביי אַלעמען חשובער (ש"ע).

**כאָטש**: כאָטש הויך איז די וואַנט אַרום פינצטערן מויער... (און) דאַך איז די תפיסה נאָך ווייט נישט געשטאָרבן.

**מחמת**: מחמת איך זאָג קדיש אינדערפרי און אויפדערנאַכט, גיי איך שוין מער נישט צו הערש-בער דעם חזן (ש"ע).

**צי**: כ'ווייס נישט, צי ער איז שוין געקומען צו פאָרן.

**כל־זמן**: כל-זמן ער האָט געלעבט, איז נאָך געווען צודערליידן.

**קאָם, קוים**: קאָם ווילן מיר געבן אַ קוק-אַריין אַביסל ווייטער... אַזוי טרייבט מען אונז דורך (ש"ע).

**כדי**: פאַרשרייב דאָס, כדי זאָלסט נישט פאַרגעסן.

769. ווי מיר זעען, דינען קאָניונקציעס הויפטזעכלעך צו סובאָרדינירן אַ בייזאַץ צו אַ נישט-סובסטאַנטיוו (דאָס רוב—צו אַ ווערב). אַדרבאָ, קאָניונקטיוון סובאָרדינירן אַ בייזאַץ דאָס רוב צו אַ סובסטאַנטיוו. אַ קאָניונקטיוו איז אַליין אַ סינטאַגמע אין בייזאַץ—דערמיט שיידט ער זיך אונטער פון אַ קאָניונקציע. פאַר קאָניונקטיוון דינען פרעגיקע פראָנאָמען. אָט זענען ביישפילן פון קאָניונקטיוון:

**וואָס**: וואָס די באַהעלפערס האָבן געוואָלט, האָבן זיי געפועלט (ש"ע)—„וואָס" איז אין בייזאַץ אַן אַקוזאַטיוו; אים געפעלט דאָס, וואָס איז דרייסט—„וואָס" איז אין בייזאַץ אַ סוביעקט; פון וואָס מע רעדט, קומט מען צום טויט — „וואָס" איז אין בייזאַץ אַ דאַטיוו מיט אַ פּרעפּאָזיציע.

**ווו**: אָט איז דער זשורנאַל, ווו ס'איז געדרוקט ווײַנרײַכס אַרטיקל.

**וווהין**: גיי, וווהין דו ווילסט.

**ווי(אַזוי)**: ווי ער וויל, אַזוי טוט ער—„ווי" סובאָרדינירט צום ווערב; ווי די מתים עסן, אַזאַ פנים האָבן זיי — „ווי" סובאָרדינירט צום ווערב.

**וויפל**: וויפל ס'איז פאַראַן מינוטן אין אַ שעה, אַזויפיל מאָל האָט דער חתן געקוקט אויפן זייגער (ש"ע) — „וויפל" ציט זיך צו „מינוטן".

**וועלכער**: ער האָט געמוזט עפּעס זינדיקן קעגן גאָט, וועלכער באַוויליקט נישט היי-יאָר זיין קרבן (פר.)—„וועלכער" איז אין בייזאַץ סוביעקט; זיין נאָמען וועט איר געפינען דאָ אָנגעשריבן אויף די זאַכן, וועלכע ער האָט געמאַכט (אַבר.)—„וועלכע" אין בייזאַץ אַקוזאַטיוו; דאָס אַלעס, פון וועלכן ער איז שוין אַביסל אָפּגעוווינט געוואָרן, האָט אים אויסגעוויזן ווי אַ חלום (ש"ע)—„וועלכן" דאַטיוו מיט פּרעפּאָזיציע; אים ביי דער זייט זיצט די קוואָצקע מיט צעשפּרייטע פליגל, פון

אונטער וועלכע עס לאָזט זיך הערן אַ פּיסק פון קליינע הינדלעך (אַבר.)—„וועלכע״ דאַטיוו מיט אַ טאָפּעלער פּרעפּאָזיציע.

„וועלכער״ שטימט אין מין און צאָל מיטן סובסטאַנטיוו פון הויפּטזאַץ, צו וועלכן דער בייזאַץ איז סובאָרדינירט; אין בויגפאַל איז „וועלכער״ אָפּהענגיק פון יענער סינטאַגמע אין בייזאַץ, צו וועלכער עס ציט זיך. ביישפּ.: דער מאַן וועלכער גייט, דער מאַן וועלכן איך זע, די פרוי וועלכע גייט, די פרוי וועלכער איך זאָג, די מענטשן וועלכע גייען.

אָנשטאָט „וועלכער״ איז אָפּטמאָל יידישלעכער די קאָניונקציע „וואָס״+ער, זי, זיי אדג״ל, אָנשטאָט „מיט וועלכן״—„וואָס מיט אים״, „וואָס מיט איר״ אדג״ל.

**ווען:** זאָג מיר באַשטימט די שעה, ווען עס קומט פאָר די לעקציע (אָבער אין „ווען איך זע אים, דערמאָן איך זיך״—איז „ווען״ אַ בינדוואָרט, ווייל נישט קיין באַטייטיקער וואָרט).

**ווער (וועמען, וועמעס):** שטייט אויף איר אַלע, ווער ווי שקלאַפן אין הונגער לעבן מוז — „ווער״ אין בייזאַץ סוביעקט; ווער יונג איז—צו אונז; וועמען ס׳איז באַשערט, טרעפט זי אים אינדער־היים (ש״ע)—„וועמען״ אין בייזאַץ דאַטיוו;... עס וווינט דער גרויסער צדיק, דער פּראָגער רבי, דער בעל־מופת, מיט וועמעס טבילה זיי פלעגן זיך אַלע בענטשן און לויבן (איגנאַטאָוו)—„וועמעס״ אַ פּאָסעסיוו ביים סובסטאַנטיוו טבילה.

**פאַרוואָס:** איך בין שוין דערגאַנגען די אורזאַך, פאַרוואָס ער האָט מיר נישט געענטפערט אויפן בריוו.

770. אַחוץ דער קאָניונקציע אָדער קאָניונקטיוו, איז אָפט פאַראַן נאָך אַ צווייטע קאָניונקציע אָדער פּראָנאָם, וואָס שטייט נישט אין בייזאַץ און אַנטשפּרעכט יענער קאָניונקציע אָדער קאָניונקטיוו. ביישפּ.: אויב דו ווילסט, טאָ קום; דאָס האָט געטראָפן נאָך דעמאָלט, בשעת דער אַלטער האָט געלעבט; הגם מיר האָבן שוין לאַנג איינגעפירט די איינפערזאָניקע פאַרוואַלטונג, כּוּנדעסטוועגן (=דאָך) איז נאָך אַלץ״...; היות ווי די חטאים וועגן נישט איבער די מעשים טובים, דעריבער קומט...; וואָס גרעסער עס ווערט דער טאָג, אַלץ ראַשער...

ווי די מתים עסן, אזא פּנים האָבן זיי—די אַנטשפּרעכונג איז אַן אומנאָרמאַלע; בכלל קומט ווי—אַזוי, וואָס פאַר א—אזא.

771. אַ בייזאַץ, סובאָרדינירט מיט אַ פרעגיקן קאָניונקטיוו אָדער

מיט „צי״ (ווען ס׳באַטייט אַ פראַגע, נישט קיין באַדינג), הייסט **אומדירעקטע פראַגע**. אַ ביישפּיל, וואָס גיט איבער עמעצנס אַרויסזאָגונג (דאָס רוב סובאָרדינירט מיט „אַז״), הייסט **אומדירעקטע רייד**. אין געגנזאַץ צו זיי הייסן זעלבשטענדיקע זאַצן, וואָס דריקן אויס אַ פראַגע אָדער גיבן איבער עמעצנס רייד — **דירעקטע פראַגע, דירעקטע רייד**. ביישפּ.: ער פרעגט מיך: ווען וועסטו קומען? — ער פרעגט מיך, ווען וועל איך קומען. ער פרעגט מיך: וועסט קומען? — ער פרעגט מיך, צי וועל איך קומען. ער זאָגט מיר: כ׳האָב דיך גאָרנישט דערקענט — ער זאָגט מיר, אַז ער האָט מיך גאָרנישט דערקענט.

772. ביישפּילן פון בייזאַצן, סובאָרדינירט אָן באַהילפיקע ווערטער.

1) זאָג אים, ער זאָל קומען; עס פּאַסט אפשר נישט פאַר אים, ער זאָל דערמאָנען די אָפּגעשיקטע תּנאָים (בערג.).

2) האָט איר אים זאַטשעפּעט מיט אַ וואָרט, איז ווי אַן אָנגעדרייטער זייגער (ש״ע); זעט זי ווי אַ בייטעלע, שפּירט זי ווי אַ קווייטעלע... לאָזט זי זיך אַהין (יהואָש); ווילט איר נישט עסן, נישט טרינקען, שלאָפט אייך געזונטערהייט (פּר.).

3) מער מען לעבט, מער עסט מען (ש״ע).

4) אַ קניפּ אין באַק, די פאַרב זאָל שטיין; איר זאָלט זוכה זיין צו הערן, ווי אַברהמל שפּילט צו חצות, איז אייך באַשערט געווען צו טון מיטן לובלינער פּרנס, טאָמאַשעוו זאָל זיין אינמיטן וועג (פּר.) = כּדי איר זאָלט זוכה זיין...

5) אָט נעמט און צעלייגט מיך אויף טעלער — איז ווייכלינקע צאַרטקייט נישטאָ דאָ (ראַבין).

## 3. פאָרמאַלע באַזונדערהייטן אין בייזאַץ

773. אָנשטאָט דעם השערה־מאָדוס קען אין באַדינג־בייזאַץ קומען דער געמישטער מאָדוס („זאָל״+אינפיניטיוו פאַרן איינפאַכן השערה־מאָדוס, „זאָל געווען״+אינפיניטיוו פאַרן פּערפעקטיוון). ביישפּ.: (ווען) אַ קאַץ זאָל האָבן (=וואָלט האָבן, וואָלט געהאַט) פליגל, וואָלט זי אַלע פייגעלעך אויסגעוואָרגן; ווען כ׳זאָל געווען (=וואָלט געווען) וויסן, אַז ער דאַרף קומען, וואָלט איך אים אָפּגעוואַרט.

774. געמישטער מאָדוס קומט אין אַ בייזאַץ, וואָס דריקט אויס

...רלאַנג: כ׳בעט דיך, כ׳וויל, כ׳ראָט דיר, כ׳האָב מורא (=כ׳וויל נישט), זאָלסט עס טון.

775. געמישטער מאָדוס קומט ביים בינדוואָרט „כדי".

776. געמישטער מאָדוס אָנשטאָט דירעקטן, ווען דער בייזאַץ איז סובאָרדינירט צו אַ סובסטאַנטיוו, דריקט אויס אַ ספק אָדער לייקענונג אין דער עקזיסטענץ פון דער געגנשטאַנד, וואָס דער סובסטאַנטיוו באַצייכנט: „איך וואָלט וועלן זען יענעם מענטשן, וואָס זאָל עסן און נישט מאַכן מיט די ליפן" (ש"ע) — דער רעדער לייקנט אין דער עקזיסטענץ פון אַזאַ מענטשן, פרגל׳: „איך וואָלט וועלן זען יענעם מענטשן, וואָס עסט און מאַכט נישט מיט די ליפן" — הייסט עס, דער רעדער האַלט, אַז אַ מענטש אַזאַ איז פאַראַן. „נאָך נישט געבוירן געוואָרן דער מענטש, וואָס זאָל מיך אָפּנאַרן" (פרגל׳ „נאָך נישט געבוירן געוואָרן דער מענטש, וואָס וועט מיך אָפּנאַרן" — ד.ה. אַזאַ מענטש וועט מיט דער צייט געבוירן ווערן). „איך געדענק שוין נישט, ער זאָל זיך האָבן פאַרנומען מיט אַ באַשטימטער פּראָפעסיע" („עמעס"), פרגל׳ „איך געדענק, אַז ער האָט זיך פאַרנומען מיט אַ באַשטימטער פּראָפעסיע". אפשר שטאַמט דערפון די רייד-אַרט: „אַ קינד זאָל האַלטן אין איין וויינען!" = ווו איז דאָס געזען, אַ קינד זאָל... (352).

777. אָנשטאָט השערה-מאָדוס קען קומען דירעקטער מאָדוס: ווען איך בין ראָטשילד! (=ווען איך וואָלט געווען, זאָל זיין ראָטשילד).

778. אין בייזאַץ באַטייט אָפּטמאָל די צייט-פאָרמע די באַציונג צווישן די צייט-מאָמענטן פון די טוונגען פון בייזאַץ און הויפּטזאַץ (אומאָפּהענגיק פון צייט-מאָמענט פון רייד): כ׳האָב געוווסט, אַז ער איז געגאַנגען (געגאַנגען פריער ווי געוווסט); כ׳האָב געוווסט, אַז ער גייט (גייט איינצייטיק מיט געוווסט, כאָטש פריער ווי די מיטטיילונג); כ׳האָב געוווסט, אַז ער וועט גיין (וועט גיין שפּעטער ווי געוווסט, כאָטש מעגלעך פריער ווי די מיטטיילונג); כ׳וועל וויסן, אַז ער איז געגאַנגען (געגאַנגען פריער ווי כ׳וועל וויסן, כאָטש מעגלעך שפּעטער ווי די מיטטיילונג); כ׳וועל וויסן, אַז ער גייט (גייט איינצייטיק מיט כ׳וועל וויסן, כאָטש שפּעטער ווי די מיטטיילונג); כ׳וועל וויסן, אַז ער וועט גיין (וועט גיין שפּעטער ווי כ׳וועל וויסן).

איבעריקנס, אָנשט. „כ׳האָב געוווסט, אז ער גייט" זאָגט זיך, דאכט זיך, אויך „כ׳האָב געוווסט, אַז ער איז געגאנגען".

779. „װעלכער“ קען צו זיך מיטשטימען דעם פּערזאָנװאָרט אין אַלע דריי פּערזאָנען: איך װעלכער גיי, דו װעלכער גייסט, ער װעלכער גייט.

780. װען אַ בייזאַץ װערט סובאָרדינירט צו אַ סובסטאַנטיװ מיטן בינדװאָרט „װאָס“ און דער סוביעקט אין בייזאַץ איז איינער פון די װערטער „ער, זי, עס, זיי“ און באַציט זיך אויפן סובסטאַנטיװ אין הויפּטזאַץ, קען דער סוביעקט אין בייזאַץ פאַרשפּאָרט װערן: האָרעװעט נאָך אפשר מער פון יענע, װאָס פירן טייערע סחורה (אַבר.)=„װאָס זיי פירן“; מיין געטריי פערדל, װאָס כּל־ימיו איז עס געװען אין דער עבודה (אַבר.)=„װאָס איז כּל־ימיו געװען“.

# 4. אייניקע כּללים װעגן װערטער־סדר אין צונויפגעזעצטן באַהעפט

781. דער בינדװאָרט קומט אין אָנהייב זאַץ. אויסנאַמען—זעלטן.

782. אויב נישט רעכענען דעם בינדװאָרט פאַר אַ באַזונדער אָרט, קומט אין אַ בייזאַץ (מיט אַ בינדװאָרט) דער פּערזאָנװאָרט אויפן צװייטן אָרט (זייער זעלטן—װייטער). דערביי קומט אויפן ערשטן אָרט אָדער אַן אַנדער סינטאַגמע, אָדער די פּיקטיװע סינטאַגמע „עס“. נאָר ביי „טאָמער, צי“ קען קומען דער פּערזאָנװאָרט אויפן ערשטן אָרט.

ביישפּ.: איך װייס, אַז מאָרגן װעט משה קומען;... אַז משה װעט מאָרגן קומען;... אַז קומען װעט משה מאָרגן; אָבער נישט: איך װייס, אַז ער מאָרגן װעט קומען, און נישט: איך װייס, אַז װעט ער מאָרגן קומען; איך װייס, אַז ס'װעט מאָרגן קומען משה. איך װייס נישט, צי משה װעט מאָרגן קומען; איך װייס נישט, צי (עס) װעט קומען מאָרגן משה.

783. אין אַ בייזאַץ מיט „װאָס“ און מיט פאַרשפּאָרטן סוביעקט (לױט) קומט דער פּערזאָנװאָרט אויפן ערשטן אָרט. ביישפּ.: יענע, װאָס פירן טייערע סחורה. װען אָבער דער סוביעקט איז נישט פאַרשפּאָרט, קומט דער פּערזאָנװאָרט אויפן צװייטן אָרט: יענע, װאָס זיי פירן טייערע סחורה; יענע, װאָס טייערע סחורה פירן זיי.

784. מע טאָר נישט פאַרפעלן דעם עס (סע, ס') אין אַ בייזאַץ מיט אַ נישט פאַרשפּאָרטן סוביעקט. ביישפּיל פון אַ גרייז: „די אוצרות, װאָס האַלט אין זיך באַהאַלטן דער אַלטער זקן אוראַל“ („רויטער

שטערן״) דאַרף זיין: „וואָס ס׳האַלט״. פאַר אַ סימן קען דינען: אויב מע קען אַריינשטעלן „עס״—דאַרף מען אַריינשטעלן.

וויכטיק איז דער כּלל דערמיט, וואָס אָן אים קען מען אַמאָל נישט אונטערשיידן דעם סוביעקט און אַקוזאַטיוו אין בייזאַץ, דהיינו, די פראַזע: „די קולטור-אַרבעט, וואָס פירט די יידקולטקאָמיסיע, איז נישט אומזיסט״ („וועקער״), קען באַטייטן נאָר, אַז די קולטאַרבעט איז די פירערין פון דער יידקולטקאָמיסיע (=„די קולטור-אַרבעט, וואָס זי פירט די יידקולטקאָמיסיע״); דאָס, וואָס דער אַוטאָר האָט געוואָלט זאָגן, דאַרף אויסגעדריקט ווערן אַזוי: „די קולטור-אַרבעט, וואָס ס׳פירט (עס פירט, סע פירט) די יידקולטקאָמיסיע...״

785. „וואָס״ מיטן קאָמפּאַראַטיוו קומט אויפן ערשטן אָרט, און רעכנט זיך נישט פאַר קיין באַזונדער אָרט אין זאַץ: „וואָס מער מען לעבט...״, נישט „וואָס מער לעבט מען...״; „וואָס מער זייף ס׳ווערט פאַרברויכט, אַלץ העכער איז דער קולטורעלער מצב״, נישט „וואָס מער זייף ווערט...״ (ווי ס׳וואָלט געווען, ווען „וואָס מער זייף״ וואָלט פאַרנומען אַ באַזונדער „אָרט״ אין זאַץ). אין הויפּטזאַץ קומט אויפן ערשטן אָרט דער קאָמפּאַראַטיוו (מיט „אַלץ, דאָס״, אויב פאַראַן), דערנאָך דער פערזאָנוואָרט.

786. אין אַ בייזאַץ מיט אַ קאָניונקטיוו קומט דער פערזאָנוואָרט אויפן צווייטן אָרט (דעם קאָניונקטיוו נישט גערעכנט): וואָס די באַהעלפערס האָבן געוואָלט, האָבן זיי געפּועלט; וואָס עס האָבן גע-וואָלט די באַהעלפערס, האָבן זיי געפּועלט.

787. נאָר אין אַ בייזאַץ מיט „וועלכער (וועלכע, וועלכעס)״, אַלס סוביעקט, קומט דער פערזאָנוואָרט אויפן ערשטן אָרט: דער חבר, וועלכער האָט מיר געהאָלפן.

אינטערעסאַנט איז די קאָנסטרוקציע: „יענער רינג, פאַר וועלכע (דאַרף זיין „וועלכן״) עס דאַרפן זיך מיט אַלע כּוחות אָנבאַפן מיר, די פּראָלעטאַרישע מלוכה-מאַכט״ („רויטער שטערן״). עס לייענט זיך נישט שווער, כאָטש אין אַ זעלבשטענדיקן זאַץ איז דער פּרעפיקס „עס״, ווען דער סוביעקט איז „מיר״, אוממעגלעך.

788. אין אַן אומדירעקטער פראַגע קען דער פערזאָנוואָרט קומען אי באַלד נאָכן פרעגפּראָנאָם, אי מיט אַן אָרט שפּעטער: איך ווייס נישט, ווו איז בערל=איך ווייס נישט, ווו עס איז בערל=איך ווייס נישט, ווו בערל איז.

789. די גרופּע „װעמעס"+סובסטאַנטיװ װערט באַטראַכט װי אַ קאָניונקטיװ. צװײ קאָניונקטיװן אין אײן זאַץ װערן באַטראַכט װי אײן קאָניונקטיװ: לאָמיר גײן, װער װוּהין עס גײט; איך װײס נישט, װערן װוּהין (עס) גײט.

790. אין באַדינגזאַץ אָן בינדװאָרט קומט דער פּערזאָנװאָרט אויפן ערשטן אָרט.

מיר דוכט, אַז ס'איז פאַראַן אַן אונטערשײד: „װעל איך אים זען, װעל איך אים זאָגן" (=אויב איך װעל אים זען), און „איך װעל אים זען, װעל איך אים זאָגן (=אַז איך װעל אים זען).

791. ביי פאַרשפּאָרטן „אַז" (772) קען קומען אויפן ערשטן אָרט סיי דער פּערזאָנװאָרט, סיי דער סוביעקט: זאָג אים, ער זאָל קומען=זאָג אים, זאָל ער קומען.

792. ביי פאַרשפּאָרטן „כּדי" (772) קומט אויפן ערשטן אָרט דער סוביעקט: אַ קניפּ אין באַק, די פאַרב זאָל שטײן.

793. יענער װאָרט, צו װעלכן ס'איז סובאָרדינירט דער בײזאַץ, קומט װי מעגלעך נעענטער צום בײזאַץ. אַזאַ באַהעפט איז נישט גוט געבויט: „האָט דער מלך צוגעזאָגט אַיעדן אַ גרויסע מתּנה, װאָס װעט באַפרײען דאָס לאַנד", דאַרף זײן: „אַ גרויסע מתּנה אַיעדן, װאָס..."

794. אָפט קומט דער בײזאַץ צװישן די טײלן פון הויפּטזאַץ: „די פאַנאָראַמע, װאָס כ'האָב פאַראַיאָרן געזען אין קרים, שטײט מיר נאָך אַלץ פאַר די אויגן".

795. זעלטענער קומט דער הויפּטזאַץ צװישן די טײלן פון בײזאַץ: „אָן זײ איז אַ שטאַרקער ספק, אויב מאַזעפּעװקע װאָלט געהאַט אַ קיום" (ש"ע)=ס'איז אַ שטאַרקער ספק, אויב אָן זײ װאָלט מאַזעפּעװקע...; „אין דעם טאָג װערט רעקאָמענדירט, אַז די אַרבעטער זאָלן אײנאָרדענען קאָלעקטיװע מיטאָגן" („װעקער")=ס'װערט רעקאָמענדירט, אַז אין דעם טאָג זאָלן די אַרבעטער אײנאָרדענען...; „דער טינטער, בין איך געװוּינט, זאָל שטײן רעכטס"=איך בין געװוּינט, דער טינטער זאָל שטײן רעכטס.

796. נאָך קאָמפּליצירטער איז אַזאַ בוי: „חיים-יונה װײסט איר נישט, װאָס צו ענטפערן" (פּר.) = חיים-יונה װײסט נישט, װאָס צו ענטפערן איר (757).

797. װען דער בײזאַץ (אָדער אַ טײל זײנער) קומט אין אָנהײב באַהעפט, רעכנט ער זיך, לגבי דעם װערטער-סדר אין הויפּטזאַץ, פאַר

אַן „אָרט", ד. ה. נאָך אים קומט דער פּערזאָנוואָרט פון הויפּטזאַץ (נישט רעכענענדיק די אַנטשפּרעכיקע קאָניונקציע אָדער קאָניונקטיוו אין הויפּטזאַץ, אויב אַזעלכע זענען פאַראַן). ביישפּ.: איך וועל אים זאָגן, ווען כ׳וועל אים זען — ווען כ׳וועל אים זען, וועל איך אים זאָגן, — ווען כ׳וועל אים זען, דעמאָלט וועל איך אים זאָגן.

## 5. קאָמפּליצירטע קאָנסטרוקציעס

798. איין באַהעפט קען אַנטהאַלטן מערערע בייזאַצן. דערביי קענען זיי זיין אומאָפּהענגיק איינער פון אַנדערן, קאָאָרדינירט איינער מיטן אַנדערן, סובאָרדינירט איינער צום אַנדערן.

799. ס׳איז באַקוועם צו סכעמאַטיזירן די ציונג פון בייזאַץ צום הויפּטזאַץ און צווישן זיך, אַנאַלאָגיש מיט דער סכעמאַטיזירונג פאַר די סינטאַגמעס אין איין זאַץ. ביישפּ.:

1) איך בין דאָ אויסן אויסצודערציילן די גרויסע גענאָד, וואָס השם יתברך האָט אויך מיט מיר, אָרימען בעל-עבירה, געטון, נאָכדעם, אַז ער האָט מיך פריער אַביסל געשטראָפט (אַבר.).

סכעמאַטיש:

איך בין . . . . . . . . . . . גענאָד

וואָס . . . . . . . . געטון

נאָכדעם . . . . , . . . . . געשטראָפט

סובאָרדינירונג.

2) איך דאַנק און לויב גאָט, וואָס זיין מחותן ווייסט נישט פונעם זייגער, און וואָס די וועלט קערט זיך נישט איבער (ש"ע).

איך דאַנק און לויב גאָט

וואָס . . . פונעם זייגער און וואָס . . . . . . . . איבער

קאָאָרדינירונג.

3) ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך וואַקס אינדערהייך און ס׳ציט מיך אַרויף-אַרויף אין דער טיפער בלויער יאַרמלקע אַריין (ש״ע).

ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאַכט

אַז איך וואַקס אינדערהייך און ס׳ציט מיך

סובאָרדינירונג פון אַ באַהעפטן-סיסטעם (807), ד.ה. פון צוויי זאַצן, וואָס זענען צווישן זיך קאָאָרדינירט. דער אונטערשייד פון דעם פאַל צום פריערדיקן איז, וואָס דער סובאָרדיניר-בינדוואָרט קומט דאָ נאָר איין מאָל, באַדינט אַלזאָ איינצייטיק ביידע בייזאַצן, בעת אין יענעם ביישפּיל האָט יעדער בייזאַץ זיין אייגענעם בינדוואָרט.

דאַכט זיך, אַז דער צווייטער וועג-סובאָרדינירט מיט איין בינדוואָרט מערערע קאָאָרדינירטע זאַצן — איז אָפטער ווי דער ערשטער — קאָאָרדינירן סובאָרדינירטע זאַצן.

4) איז פרייד דיר געגעבן, אַלצאיינס איז, ווו פוס דיינע שטייט (האָפּ.).




אומאָפּהענגיק (קאָסובאָרדינירונג).

5) אַז מען גיט צו אים אַ רעד, ווערט ער פאַרציטערט, גלייך מען וואָלט אים געוועקט פון יענער וועלט (פר.).




אומאָפּהענגיק.

6) דערפאַר, וואָס איך האָב פאַרקויפט נישט אַזאַ גוטן קוואַס, האָב איך געמיינט, אַז מע וועט מיך קעפּן! (ש״ע).

האָב איך געמיינט

אַז מע וועט מיך קעפּן דערפאַר

וואָס איך האָב פאַרקויפט נישט אַזאַ גוטן קוואַס

סובאָרדינירונג.

ווערטער-סדר אַנאַלאָגיש מיט § 794.

7) בכדי עס זאָל זיך פירן מיט אַ סדר, ווי עס געהער צו זיין — טרעפט, וואָס טו איך (ש״ע).

טרעפט

וואָס טו איך

בכדי עס זאָל זיך פירן מיט אַ סדר

ווי עס געהער צו זיין

סובאָרדינירונג.

## 6. אָפענער בייבאַהעפט

800. אחוץ בייזאַץ, קען נאָך זיין אַן אָפענער בייבאַהעפט, ד. ה. אַן אָפענער באַהעפט, סובאָרדינירט צו איין סינטאַגמע אויפן זעלביקן אופן, ווי אַ בייזאַץ. זיי קענען קלאַסיפיצירט ווערן לויט זייערע סובאָרדיניר-מיטלען (קאָניונקציע, קאָניונקטיוו, אָן הילפוורטער)

און לויט זייערע אייגענע טיפּן (אַ באַהעפט מיט אַ נאָמינאַטיוו, מיט אַן אינפיניטיוו אאַז״וו).

ביישפּ. מיט קאָניונקציעס:

וואָס: אין דרויסן הייבט זיך אָן דער זעלבער האַרבסט, וואָס ביי אים אין דער ראַבינערשער נשמה (בערג.).

אויב: אויב מאָרגן, וועל איך קומען, אויב אַן אַנדער טאָג, קען איך נישט.

אַז: מיינסט, אַז נאָר מאָטל? („שטערן״).

ווען: ווען נישט די בייזע וואָלקנדלעך, געקומען וואָלט זי באַלד.

כּדי (מיטן אינפיניטיוו, אָפּט מיט „צו״): כּדי אָנצוקומען אַהין, דאַרף מען דורכמאַכן אַ ווייטן וועג.

פאַראַן נאָך אַ הילפוואָרט „אום״, ווערט באַנוצט ווי „כּדי״ („אום אָנצוקומען״). צי ווערט באַנוצט „אום״ מיט אַ געשלאָסענעם ביי־באַהעפט (בייזאַץ)?

801. רייך איז אויך פאָרגעשטעלט דער טיפּ אָפענער ביי־באַהעפט מיט קאָניונקטיוו:

1) אין ביי־באַהעפט איז אַן אינפיניטיוו (אָפּט מיט „צו״): ער ווייסט, וואָס צו טון; ער האָט נישט אין וואָס אַרויסצוגיין; געפינט אייך אַן אַנדערן פון וועמען צו לאַכן (אַבר.).

2) דער ביי־באַהעפט באַשטייט פון קאָניונקטיוו אַליין: איך ווייס נישט, פאַרוואָס; וועט איר דאָך פרעגן, ווי אַזוי (ש״ע); ווער ווייסט, פונוואַנען (פּר.).

3) פאַרשידענע אַנדערע טיפּן: אַ גרויסער בעל-זכרון, ווו ערגעץ אַ קרעטשמע.

802. ס׳קומען פאָר אָפענע ביי־באַהעפטן אָן באַהעפטיקע הילפּ-ווערטער: „מיינסט, טאַקע?״ (=מיינסט, אַז טאַקע?).

## 7. אָפּזונדערונג אין צונויפגעזעצטן זאַץ

803. דער הויפּטזאַץ, יעדער איינציקער בייזאַץ, יעדער טייל פונעם הויפּטזאַץ (אויב אַ בייזאַץ שטייט צווישן די טיילן פונעם הויפּטזאַץ), אָפּטמאָל (אָבער נישט שטענדיק) אויך אַן אָפענער ביי-באַהעפט ווערן אָפּגעזונדערט, ד. ה. אָפּגעטיילט מיט די קאָמע-אינטאָנאַציעס,

ביישפּ.: איז פרייד דיר געגעבן, אַלצאיינס איז, ווו פוס דיינע שטייט (אינטאָנאַציע לויט דער פונקטואַציע); ס'האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך וואַקס אינדערהייך און ס'ציט מיך אַרויף-אַרויף (קאָמעס הערן זיך פאַר „אַז" און פאַר „און"); דער נייער ראָמאַן, וואָס כ'האָב היינט גענומען לייענען, געפעלט מיר זייער (אינטאָנאַציע לויט דער פונקטואַציע); ער אַרבעט, כדי צו באַפרידיקן זיין שטרעבונג צו ברענגען נוצן (אינטאָנאַציע לויט פונקטואַציע); פאַרוואָס, שרייבט ער נישט (די קאָמע-אינטאָנאַציע לאָזט אונטערשיידן פונעם איינפאַכן באַהעפט: „פאַר-וואָס שרייבט ער נישט").

804. אָבער ווען דער הויפּטזאַץ שטייט אינמיטן ביַיזאַץ (795), הערט, דאַכט זיך, דער ערשטער טייל בייזאַץ נישט אָפּגעזונדערט: „אָן זיי איז אַ שטאַרקער ספק, אויב מאָזעפּעווקע וואָלט געהאַט אַ קיום".

## 8. איזאָלירטער בייזאַץ

805. ס'קומט פאָר אַמאָל אַ בייזאַץ אָן אַ הויפּטזאַץ. ער איז, אַלזאָ, אַ זעלבשטענדיקער זאַץ, האָט אָבער סימנים פון סובאָרדינירונג— הילפוורטער. באַזונדערס אָפט איז עס אין טיטלען פון ווערק.

ביישפּ.: ווען איך בין ראָטשילד; פאַרוואָס ביים קעמל איז אויסגעוואַקסן אַ הויקער (דער ווערטער-סדר וויזט, אַז ס'איז נישט קיין דירעקטער פרעגזאַץ); ווי איך האָב זיך געלערנט (אין אַן אמתן זעלבשטענדיקן זאַץ וואָלט דער ווערטער-סדר געווען: „ווי האָב איך זיך געלערנט").

806. איר זעט אין אים הונדערטלעבע סצענעס: ווי א קאַץ, אשטייגער, שפּילט זיך מיט דער מויז (אבר.). די אינטאָנאַציע, באַצייכנט מיט אַ צווייפּונקט, וויזט, אַז דער בייזאַץ „ווי א קאַץ..." איז נישט סובאָרדינירט צו „איר זעט" אלס צו אַ הויפּטזאַץ, נאָר באַהעפּט מיט אים ווי א זעלבשטענדיקער זאַץ.

זי רעדט אויס דאָס הארץ, דערציילט א נייעס: אַז מיר אַלע שטאַרבן (ש"ע). „אַז" דינט נישט צו סובאָרדינירונג, ווי ס'איז צו זען פון דער אינטאָנאַציע.

„זיי נישט ברוגז, אַז אויף מיין וואָרט, כ'בין נישט שולדיק" (אָפּ.). „אַז" איז כאַראַקטעריסטיש פאַר א בייזאַץ, דאָ אָבער דינט עס נישט צו סובאָרדינירונג (צי איז דאָס נישט אַן אייגנאַרטיקער פאַרשטאַרק-וואָרט ?).

נאָענט אהער פאַרוונדערזאַץ מיט השערה-מאָדוס (352).

# VI. באַהעפטן־סיסטעם

## 1. זאַץ+זאַץ

807. אַ פּראַזע קען באַשטיין מער ווי פון איין באַהעפט. אַ גרופּע באַהעפטן (נישט מער ווי איין פּראַזע), וואָס זענען פֿאַרבונדן צווישן זיך דורך הילפוורטער און אינטאָנאַציע אָדער דורך בלויזער אינטאָנאַציע, הייסט באַהעפטן־סיסטעם.

808. ס'זענען פֿאַראַן צוויי מינים פֿאַרבינדונג פון באַהעפטן: דורך בינדווערטער, און אָן הילפוורטער. אַחוץ דעם קען מען אונטערשיידן פֿאַרבינדונג פון זאַץ מיט זאַץ, זאַץ מיט אָפענעם באַהעפט, אָפענעם באַהעפט מיט אָפענעם באַהעפט.

809. ס'זענען פאראַן פאלן (ס'רוב ביי א באהעפטונג אָן הילפ-ווערטער), ווען ס'איז שווער צו באשיידן, צי האָבן מיר צו טון מיט א באהעפטן-סיסטעם אָדער מיט א צונויפגעזעצטן באהעפט. אזעלכע ספק-פאלן לעז איך (אין דעם בוך) דאָס רוב לטובת צונויפגעזעצטן באהעפט. אָט איז א ביישפיל, ווו נאָר אן אינטאָנאציע-אונטערשייד גרענעצט אָפּ א סיסטעם פון א צונויפגעזעצטן באהעפט: „...און האָבן געכאַפּט א מיאוסן פסק פון עזריאל דעם שמש: קינדער זאָלן נישט האָבן קיין טבע צו קריכן פרעמדע מענטשן אין פנים אריין” (ש”ע). איך נעם דאָס אָן פאר א סיסטעם; ווען אָבער אַנשטאָט דער צווייפונקט-אינטאָנאציע זאָל זיין א קאָמע-אינטאָנאציע, וואָלט מען עס גיכער געדארפט האלטן פאר א צונויפגעזעצטן באהעפט.

810. אָט זענען אייניקע בינדווערטער, וואָס פֿאַרבינדן באַהעפטן צווישן זיך: אַבי, אָבער, אָדער, אויך, אויסערדעם, און, אַזוי אַז, אָט—אָט, אי—אי, אַמאָל—אַמאָל, אַנישט, דאָך, ד.ה. (דאָס הייסט), וואָרים, נאָר, נישט—נישט, נישט נאָר—נאָר אויך (דער ערשטער „נאָר” קען פֿאַרביטן ווערן אויף „בלויז”, דער צווייטער אויף „נייערט”), סיידן, פון איין זייט—פון דער אַנדערער זייט, פונדעסטוועגן.

811. ביישפּילן פון באַהעפטונג פון זאַץ מיט זאַץ דורך בינדווערטער:

**און**: איינמאָל האָט זיך געטראָפן און אין דעם שטעטל איז געבוירן געוואָרן אַ געניע (פּר.); די קריע גייט און ברעגן נעמען ברייט דעם וואַסער-יאָך אויף אַקסלען (האָפּ.); דער מענטש 'זינדיקט און דער האָן איז די כּפּרה; ערשטנס (און דאָס איז ד'ער עיקר פון אַלע עיקרים), מע גייט נישט אין חדר (ש״ע).

**אַזוי אַז**: ער האָט געליינט הויך, אַזוי אַז אַלע האָבן געהערט.

מע דאַרף דאָס אונטערשיידן פונעם צונויפגעזעצטן באַהעפט: „ער האָט געלייענט אַזוי הויך, אַז אַלע האָבן געהערט". אַלס בײַזאַץ דינט „אַז אַלע האָבן געהערט" פאַר אַ כאַראַקטעריסטיק פון דער הויכקייט פון לייענען, אַלס זעלבשטענדיקער באַהעפט אין באַהעפטן-סיסטעם גיט „אַזוי אַז אַלע האָבן געהערט" נאָר צו וויסן דעם רעזולטאַט פון דער הויכקייט פונעם לייענען. אויך די אינטאָנאַציע איז גאָר אַ פאַרשידענע בײַם צונויפגעזעצטן באַהעפט און באַהעפטן-סיסטעם.

**וואָרים**: אַמעריקע האָבן מיר נאָך נישט געזען, וואָרים מיר זענען נאָך אין „קעסטל-גאַרטל" (ש״ע).

**נאָר**: אַלע יידן קענען זיין חזנים, נאָר דאָס רוב זענען זיי הייזעריק.

812. אַן אייגנאַרטיקע (אמת, נישט יידישלעכע) פאַרבינדונג: „...ווערן פונאַנדערגעטיילט דורכן גורל, פון וואָס די אַרבעטער זענען זייער אומצופרידן" („רויטער שטערן")—בעסער: און דערפון זענען די אַרבעטער...; „גרופּעס אַרבעטער זענען געגאַנגען איבער די וואַרשטאַטן און קראָמען, פאָרלייגנדיק די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע צו וואַרפן די אַרבעט, וואָס עס איז גלייך דערפילט געוואָרן" („עמעס")—בעסער: „און דאָס איז גלייך...". פאַר אָט דער קאָנסטרוקציע האָב איך נאָך נישט קיין אָרט אין דער סיסטעם.

813. ביישפּילן פון זאַצן-פאַרבינדונג אָן הילפוואָרטער: נעמט אַ טוי אויף זיי צו פאַלן, וואַרעמט זיי די זון מיט שטראַלן, ווערן פעלדער פול מיט גאָלד (מאַני לייב); איך וועל אייך געבן צו פאַרשטיין, וועט איר פאַרשטיין (ש״ע); זי האָט אַ מאַן, איז ער אַ שטומער; געהייסן האָט עס—מען איז געקומען געוויר ווערן, ווי די קינדער לערנען (אָפּ.); זע איך פונדערווייטן, פון וועלדל גייט אַרויס אַ הויכער שוואַרצער פלעק (טייטש); טרעטעט זיך, ס'קומט אָן אַ לאַנגער הייסער

זומערטאָג (גאָד.); פאַר מענטשן פון אַ קלײנער מדרגה װעט זי זײן פּשוט אַ װוּנדערשײנע מעשׂה, זײ װעט גלאַט געפֿעלן דער פּראָסטער פּשט (אַבר.); עסט, נישט שעמט זיך; מיר האָבן געטון װי דער מנהג איז: אַראָפּגענומען אונזערע פּאַראַיאָריקע הילצערנע שװערדלעך פֿונעם בױדים... (ש״ע); אַלע לױפֿן, לױפֿן מיר אױך (ש״ע); פֿון צופֿיל עסן קען מען שטאַרבן—פֿון צופֿיל פֿאַסטן קען מען שטאַרבן (בערנשטײן); ברױן זענען פֿעלדער, נאָך ברױנער די שניטער (גאָלדמאַן); װאָלט איך געװען אַ רב, קען איך נישט קײן תּורה; גיב מיר דעם אַדרעס— גײ איך באַלד אַהין; אױסזאָגן דאָס דעם רבין האָבן מיר נישט געטאָרט: די באַהעלפֿערס האָבן אונז געהאַלטן אין דער מורא (ש״ע).

זי רעדט אױס דאָס הארץ, דערצײלט א נײעס: אַז מיר אַלע שטארבן (ש״ע). „אַז״ דינט דאָ נישט צו באהעפֿטונג (806).

814. „ער זאָגט, ער װײסט פֿון גאָרנישט״. אַזא קאָנסטרוקציע הײסט פֿרײע אומדירעקטע רײד, צום אונטערשײד פֿון אײגנטלעכער אומדירעקטער רײד: „ער זאָגט, אַז ער װײסט פֿון גאָרנישט״, און פֿון דירעקטער רײד: „ער זאָגט: איך װײס פֿון גאָרנישט״.

815. אַמאָל קומט אײן זאַץ אַלס זײטיקע אָנמערקונג צום אַנדערן אָדער אַלס דערקלערונג צום אַרױסזאָג־אופֿן, נישט צום אינהאַלט גופֿא פֿונעם זאַץ. אַזאַ זאַץ קען מען רופֿן **באַמערקזאַץ** (вводное предложение). ער קומט אָן אַ בינדװאָרט און האָט אַ ספּעציפֿישע **אינטאָנאַציע פֿון קלאַמערן**: פֿאַרנידעריקטע שטימע, גיכערער טעמפּ, פּױזעס פֿון בײדע זײטן (מע שרײבט אָפֿטמאָל קאָמעס, נישט קײן קלאַמערן, אָבער די אינטאָנאַציע איז, דאַכט זיך, אַלעמאָל די זעלביקע). בײשפּ.: קומט, זײט מוחל, צום טיש; ער האָט, נישט אױסגערעדט זאָל עס זײן, באַלד נאָך מיטאָג געכאַפּט אַ דרעמל (אַבר.); זי האָט, זאָל זיך איר גרינג שלוקערצן דאָרט, מיט אירע מעשׂיות זײער פֿיל אױף שלמהלען געװירקט (אַבר.); אײנע פֿון די דאָזיקע זאַכן הײסט, פֿאַרשטײט איר מיך, מיט דעם נאָמען „די קליאַטשע״ (אַבר.); אָרימע קינדער זאָלן נישט אַרומגײן, איך בעט איבער אײער כּבֿוד, מיט די פּופּקעס אינדרױסן (ש״ע).

816. אין אַזא פֿראַזע, װי „ער האָט, זאָגט מען, געהאַנדלט מיט א פֿריץ״, נעמען מיר אָן „זאָגט מען״ פֿאַר א באַמערקזאַץ; װען דער דאָזיקער זאַץ זאָל זײן „װאָגיקער״, גרעסער, און דער צװײטער, אַדרבא, קלענער, צ.ב.

„קום! האָט מען אים נעהייסן", וואָלטן מיר נעהאַלטן „האָט מען אים נעהייסן" פאַרן „קערן" פון דער פראַזע (און „קום" וואָלט נעווען ציטירטע רייד).

## 2. זאַץ+אָפּענער באַהעפט

817. דורך בינדווערטער: אַבי יאָרן — צרות וועט זיין; געזען, געחלומט, צי געהערט—אָבער רעדן וועגן עס, רעדן אַלע (וואָראָבייטשיק); קיין גרויסער למדן נישט, נאָר תהילים פאַרן דאַווענען, עין־יעקב נאָכן דאַווענען, און ביינאַכט אַ פּרק משניות (פּר.).

818. אַ באַזונדער טיפּ: דאָקטוירים, און נישט קיין יונגע, האָבן זיך פון אים מייאש געווען (נס.)=דאָקטוירים האָבן זיך פון אים מייאש געווען, און נישט קיין יונגע.

819. אָן הילפווערטער (דערקאָנען, אַז דאָ איז צוויי באַהעפטן, נישט איינער, קען מען אַמאָל לויטן ווערטער־סדר, אַמאָל לויט דער אָנוועזנהייט פון אַ פּראָנאָם, לויט דער אינטאָנאַציע א"אַ קריטעריען):

נישט היינט מאָרגן — עס וועט דאָרט מוזן זיין אַן אומגליק חס־ושלום (ש"ע); ווען ס׳וואָלט געווען איין באַהעפט, וואָלט געווען: „נישט היינט מאָרגן וועט דאָרט מוזן..." און אַן אַנדער אינטאָנאַציע.

בעטן ביי אים—דאָס וועל איך קיינמאָל נישט.

ער אַליין זאָל עפּעס צוקלערן—דאָס נישט (ש"ע).

אַ שטומע נשמה, וויל רעדן מיטן בורא און האָט קיין אַנדער לשון נישט (פּר.); „אַ שטומע נשמה" שפּילט די ראָליע פון אַ פּרעדיקאַטיוון נאָמינאַטיוו ביי אַ נישט פּאַראַנענעם סוביעקט (683); ווען עס וואָלט געווען אַליין אַ סוביעקט אין דעם זאַץ, וואָלט די אינטאָנאַציע געווען אַנדערש: „אַ שטומע נשמה וויל רעדן...".

אַזוי לערנען, וועלן מיר זיין שלעכטע בעל־מלאָכהס („וועקער"); ווען ס׳וואָלט געווען איין באַהעפט, וואָלט פאַר „אַזוי לערנען" געווען אַ פּרעפּאָזיציע („פון" אדג"ל).

מיך רופט מען זלמן, דער טאַטע הייסט קלמן... — די גאַנצע משפחה! דער לעצטער באַהעפט שפּילט די ראָליע פון אַ פּרעדיקאַטיוון נאָמינאַטיוו ביי אַ נישט פּאַראַנענעם סוביעקט (683).

## 3. סיסטעם פון צוויי אָפּענע באַהעפטן

820. ביישפּילן: פאָרן איבערן דניעפּער — און נאָך מיטן פּאַראָם דערצו! (ש״ע); אַ משכּון צו פּאַרזעצן, אַבי אַ גביר צו זיין!; איך — לאָכן!?; זיין דאַוועגען—פּס! (ש״ע); אויס קהל—אַ קוסטאַרן־געזעלשאַפט, אויס תּלמוד־תּורה — אַ יידישע ראַטן־שול („עמעס״); זונטיק בולבע, מאָנטיק בולבע...; הוראַ ים־קאָטערס! (ש״ע).

## 4. פאָרמאַלע באַזונדערהייטן

821. איך קען זיך דאָ נישט אָפּשטעלן אויף כּללים פון ווערטער־סדר אין באַהעפטן־סיסטעם. כ'וועל נאָר אילוסטרירן מיט ביישפּילן די פאָרמאַלע ראָליע פון ווערטער־סדר צוזאַמען מיט אינטאָנאַציע:

ער זעצט זיך אונטערן אויוון: אים איז קאַלט (מאָטיווירונג).

ער זעצט זיך אונטערן אויוון — אים איז וואַרעם (רעזולטאַט).

822. אין אַ סיסטעם קומט געוויינלעך איין באַהעפט אָפּגעזונדערט פונעם צווייטן. דאָס דינט אַמאָל פאַר אַ פאַקטאָר פון ווערטער־ציונג, ווי אין באַקאַנטן שפּאַס: „צו וואָס זאָלט איר געזונט זיין?״ אָנשט. „צו וואָס, זאָלט איר געזונט זיין?״.

823. אין אַ צווייטן באַהעפט ווערן אָפטמאָל פאַרשפּאָרט ווערטער, וואָס זענען שוין געווען אין ערשטן.

הילפסווערטער: קלענער ווערן די מענטשן, דראָבנער די מצוות, שטויביקער די עבירות (פּר.).

באַטייטיקע טיילן פון סינטאַגמעס: זי וויל לאַכן, שטיפן, קושן זיך—זאָל זי (פּר.).

גאַנצע סינטאַגמעס אָדער גרופּעס סינטאַגמעס: שוואַרצע אַ שן רייסן מיר, רויטע לאָזן מיר שטיין; דאָס בעסטע פערד באַדאַרף האָבן אַ בייטש, דער קליגסטער מענטש—אַן עצה (ש״ע).

## 5. קאָמפּליצירטע סיסטעמען

824. באַהעפטן־סיסטעמען קענען האָבן זייער אַ פאַרשידנאַרטיקן בוי:

1. די באַהעפטן זענען פאַרבונדן כּסדר איינער מיטן אַנדערן:

מע טוט אויס דאָס העמד און מע פאַרקניפּט דעם אַרבל און מע גייט פּאַוואָליע ביזן האַלז אין וואַסער (ש״ע); געשטאָרבן, באַגראָבן, אַראָפּ פון מאַרק.

2. די ערשטע צוויי זענען פאַרבונדן צווישן זיך, און די גאַנצע פּאָר — מיטן דריטן: צי דו ווילסט צי ניין — גיין ווערסטו; פרום און ערנסט איז זיין פּנים, שטיל לויכטן אים די אויגן: ער גייט טון אַ מצווה (פּר.).

3. די לעצטע צוויי זענען פאַרבונדן צווישן זיך. און דער ערשטער—מיט דער גאַנצער פּאָר: ער האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס הייסט דאָס: אַ ייִנגל זאָל זיין שטענדיק פאַרטראַכט און דער קאָפּ זאָל אים ליגן ווייס איך ווו (ש״ע).

4. דער ערשטער מיטן לעצטן זענען פאַרבונדן, און דער מיטלסטער קומט עפּעס ווי „איינגעשלאָסן״ אין דער גרופּע: אַ ייִד איז נפטר געוואָרן — אייביק לעבן קען מען נישט — טוט מען אים זיין רעכט (פּר.); וואָס איז ער — אַ ייִדענע, ער זאָל וויינען? (ש״ע); וואָס איז דאָ—אַ מאַרק, וואָס איר טומלט אַזוי?

פאַראַן, פאַרשטייט זיך, נאָך קאָמפּליצירטערע קאָנסטרוקציעס.

## 6. גרענעץ־דערשיינונגען

825. די שפּראַכלעכע דערשיינונגען זענען דאָס רוב צו קאָמפּליצירט, אַז מע זאָל זיי קענען גרינטלעך אַנאַליזירן מיט אַזעלכע גראָבע אינסטרומענטן און רובריצירן אין אַזעלכע גראָבע סכעמעס, ווי די, וואָס זענען געגעבן ביז אַהער. דאָס הייסט נישט, אַז די דאָזיקע אַנאַליז־אינסטרומענטן און סכעמעס זענען נישט נייטיק: דאָס הייסט נאָר, אַז זיי זענען ווייט נישט גענוג. אויף יעדן שריט און טריט טרעפן מיר איבערגאַנג־דערשיינונגען, גרענעץ־דערשיינונגען.

כ׳וועל דאָ אלס אילוסטראציע צו דעם, וואָס ס׳איז נאָר וואָס געזאָגט וועגן פארשידנארטיקייט פון שפּראך־פאָרמעס, בארירן עטלעכע איבערגאנג־דערשיינונגען צווישן באַהעפטן־סיסטעם און נידעריקערע קאָנסטרוקציעס.

826. די קאָנסטרוקציע: „ער געפעלט מיר, דער יונגאטש״ איז אויבן באטראכט געוואָרן אלס באהעפט, וואָס אנטהאלט אן אפּאָזיציע. אָבער דער אייגנארטיקער ווערטער־סדר און די אייגנארטיקע אינטאָנאציע

פון „דערגאַנצונג" (אַרויסגעזאָגט אַ געדאַנק „ער געפעלט מיר", דערנאָך זיך דערמאָנט אויסטייטשן, וועד איז דער „ער") צווינגט אָנצונעמען, אַז מיר שטייען דאָ אויפן גרענעץ פון אַ סיסטעם (אַ זאַץ מיט אַן אָפּענעם באַהעפט).

827. נאָך קלאָרער איז עס אין אַזאַ קאָנסטרוקציע: „דער גייסט — ער קאָכט", ווו ס'איז שווער צו באַטראַכטן „דער גייסט-ער" אַלס פּאַראַלעלע סובסטאַנטיוון. דאָ האָבן מיר צו טון מיט אַן „איזאָלירטן סוביעקט" („דער גייסט" האָט געזאָלט ציען צו זיך דעם פּערזאָנוואָרט, איז געקומען דער פאַרטרעטוואָרט „ער" און פאַרנומען דעם אָרט פון סוביעקט, אָפּשטויסנדיק דעם „אמתן" סוביעקט אין אַ באַזונדער באַהעפט). מיר שטייען דאָ אויפן גרענעץ פון אַ נ אַ ק אָ ל ו ט („געבראָכענער זאַץ").

„די שוועסטער-זיי קען ווער-נישט-ווער". צי איז דאָ „די שוועסטער" אַ נאָמינאַטיוו צי אַן אַקוזאַטיוו?

828. ווייטער, אין דער פראַזע: „טרעפט דיך אַ קויל, מיין געטרייער, אַ קויל פון דעם שונא, דעם הונט, איך נעם דיך אַרויס פונעם פייער...—וואָלט מען פאָרמאַל געקענט אָננעמען, אַז „אַ קויל פון דעם שונא" איז אַן אַפּאָזיציע צום ערשטן „אַ קויל". אָבער אַן אַפּאָזיציע איז בכלל נישט אָפּהענגיק פונעם קאָנטעקסט: מע קען זאָגן: „די מדינה האָלאַנד", „אַ שטומע נשמה—אַ יידישער פישער" אדג"ל. מע קען אָבער נישט זאָגן, אַרויסגעריסן פון קאָנטעקסט, „אַ קויל—אַ קויל". דעריבער שטייט דאָ די אַפּאָזיציע אויפן גרענעץ פון אַ באַזונדער באַהעפט.

829. צו דער זעלביקער קאַטעגאָריע געהערט: „איז איינעהייניק דאָ אַ הונט, נישט קיין הונט, נאָר אַ וואָלף" (ש"ע). „נישט קיין הונט" שפּילט די ראָלע פון אַן אַפּאָזיציע צו „אַ הונט". אָבער די אינטאָנאַציע און דער מיין דערנענטערן עס צו אַ באַזונדער באַהעפט.

830. אויפן גרענעץ פון באַהעפט שטייט אַן אויסגעטיילטער אינפיניטיוו, באַזונדערס, ווי ס'מאַכט זיך אָמאָל, ווען ער האָט די אינטאָנאַציע פון אַ טירע (מעגן—מעג ער, קענען—קען ער).

831. אַ ווענדונג איז אַ באַזונדער באַהעפט, נאָר ענגער פאַרבונדן מיטן צווייטן באַהעפט, ווי ביי קאָאָרדינירונג.

832. פאָרמאַל דאַרף מען האַלטן פאַר אַ באַזונדער באַהעפט אַ זעלבשטענדיקן נאָמינאַטיוו, וואָס קומט אָנשטאָט אַן אַפּאָזיציע. אַזאַ קאָנסטרוקציע, ווי „אָט בין איך אַנומלטן געווען ביי איינעם אַ דאָקטאָר, טאַקע אַ ייערער אַ באַקאַנטער", דערמאָנט אָן אַזאַ קאָאָרדינירונג פון זאַצן, ווו איינער איז

א באמערקונג: „אָט בין איך אַנומלטן געווען ביי איינעם א דאָקטאָר (עס איז טאַקע אייערער א באַקאַנטער)...“

833. אנאלאָגיש מיט נאָמינאטיוו אויפן אָרט פון אפּאָזיציע איז נאָמינאטיוו אויפן אָרט פון סובאָרדינירטער סינטאגמע. אזא נאָמינאטיוו דערמאָנט במעט שטענדיק אָן א זאץ, ווו ס'איז פארפעלט דער פּערזאָנוואָרט. ביישפּ.: די יידן, אין שבתדיקע מלבושים, דיקע ציגארן אין די מיילער, זענען געשטאנען אין קופּקעס (אָפּ.); איבער דער גאס זענען געווען צעשאָטן יונגעלייט, די העמדער, אָן ארבל, אריינגעשטעקט אין די הויזן, און געשפּילט אין „באל“ (אָפּ.); לאַמטערן און וונדערשטעקן אין האנט, איז דער זיידע געקראָכן איבער די בלאָטעס פון גלופּסק און טונעיא-דעווקע (נאד.); אין קיעו אויפן גאס, די אויגן נאס, זיצט א מיידעלע אַ שיינע.

834. נאָענט אהער שטייט א בייזאץ, ווו ס'פעלט דאָס סובאָרדיניר-הילפוואָרט: אין אָוונט, צווייאייגעלע איז מיט דער ציג אהיים געקומען, האָבן איר די שוועסטער אָן ערדן שיסעלע דערלאנגט (לוריע).

835. מיט אַן אנדער סאָרט דערשיינונג האָבן מיר צו טון אין אזעלכע פאלן:

אין גאָרטן זענען געשטאנען רויזנביימלעך צוויי, אויף איינעם זענען חיפּע, אויפן אנדערן זענען רויטע רויזן געוואקסן (לוריע). צי איז דאָ (אחוצן אָנהייב פּראזע) צוויי באהעפטן, נאָר דער ערשטער נישט קיין פולער, אָדער נאָר איין באהעפט מיט גלייכבארמיקע סינטאגמעס? ווען ס'וואָלט געווען: „אויף איינעם זענען ווייסע רויזן געוואקסן, אויפן אנדערן רויטע“—וואָלט עס געווים געווען צוויי באהעפטן. אזוי אָבער, ביי דער אינטאָנאציע און דעם ווערטער-סדר, ווי אין טעקסט, איז עס נישט אזא איינפאכע דערשיינונג. מע קען עס אָנרופן: צוויי באהעפטן מיט שותפותע סינטאגמעס (ווערטער). די סכעמע וועט זיין אַזאַ:

```
רויזן ——————— זענען+זענען געוואקסן
 | |           |        |
חייסע רויטע     אויף איינעם אויפן אַנדערן
```

ס'איז טאקע איין סכעמע, אָבער א קאָמבינאציע פון צוויי.

נאָך ביישפּילן:

איך נישט איר און זי נישט מיר קיין וואָרט נישט געזאָגט (נס).

איך + און זי ______ נישט געזאָגט



נישט איר נישט מיר קיין וואָרט

ווי דארף מען יאָ און ווי דארף מען נישט שרייבן? („וועקער").

פון אלטן שטאם פון מיינעם, פון אַלטן זאפט נאָך שעפּ איך יונגע קראפט, נאָך זויג איך אַלטע וויינען (האָפּ.).

836. נאָענט צו דער דערשיינונג פון צוויי באהעפטן מיט שותּפותע ווערטער איז אמאָל די דערשיינונג פון איבערגעחזרטע גרופּעס („פּלעאָנאַזם").

דאָס ערשטע וואָרט אָדער די ערשטע ווערטער פון זאַץ ווערן אַמאָל איבערגעחזרט אין סוף זאַץ (אַמאָל אין אַן אַנדער סדר). דאָס קומט, ווייזט אויס, דערפון, וואָס די געהעריקע פאָרשטעלונגען זענען שטאַרק דערוועקט ביים רעדער און ער באַנוגנט זיך נישט מיט דעם, וואָס ער זאָל זיי אויסדריקן אין ווערטער נאָר איין מאָל.

צי איז עס אַ דיאַלעקטישער שטריך אָדער אַ אינדיווידועלער?

ביישפּ.: זאָלסט נישט גיין צום טייך זאָלסטו נישט גיין!; וואָס וועט מיר בלייבן וואָס? ווו וועל איך נעמען אויף אָפּצאָלן אין מיל אַריין ווו? ווער וועט מיר אויסהאַלטן מיינע קינדער ווער? (ש"ע); האָט זיך נאָך קיינער נישט געגלויבט, אַז דאָס קינד זאָל בלייבן לעבן זאָל דאָס (ש"ע); אַז זי שוויגט פון שלעכטקייט שווייגט זי (בערג.).

837. אַן אַנדער סאָרט איבערחזרונג האָבן מיר, ווען ס'קומט צוליב אונטערשטרייכונג אָדער צוליב געוויסע סטיליסטישע צוועקן: קיינער, קיינער קען מיר נישט העלפן; קומט, קומט, גיכער, גיכער, לויפט, לויפט, שנעלער, שנעלער!

838. די אַלע דערשיינונגען זענען „געזעצלעך", ד.ה. זענען אָנגענומען אין דער שפּראַך און פירן נישט צו פאַרמינערונג פון איר (דער שפּראַכס) סאָציאַלן ווערט.

פאַראַן אָבער קאָנסטרוקציעס, וואָס כאָטש זיי קומען פאָר אין דער שפּראַך (און כאָטש זיי קענען זיך מיט דער צייט איינבירגערן און ווערן געזעצלעך), קענען זיי נישט רעקאָמענדירט ווערן, נאָר אַדרבאָ דאַרפן אויסגעמיטן ווערן, אַלס שעדלעכע, ד.ה. אַזעלכע, וואָס פאַרשווערן די פאַרשטאַנדיקונג. דאָס זענען שפּראַכלעך-פּאַטאָלאָגישע.

דערשיינונגען אָדער, פּשוט, „גרייזן". פונאַנדערקלייבן אַלערליי אָנגענומענע גרייזן אין סינטאַקסישע קאָנסטרוקציעס איז אַן אָרט אין אַ סטיליסטישער גראַמאַטיק. כ'וועל דאָ אילוסטרירן נאָר צוויי פון די מער פאַרשפּרייטע פּעלערן. ווען אין אָנהייב זאַץ דאַרף קומען אַ פּרעפּאָזיציע, וואָס באַדינט אַ לאַנגע גרופּע ווערטער, אַזוי אַז דער ווערב, פון וועלכן די גרופּע הענגט-אָפּ, שטייט צו ווייט, — פאַרפּעלט מען אַמאָל די פּ־עפּאָזיציע, מע דערמאָנט זיך אָן איר שפּעטער און מע גיט זי דעמאָלט צוזאַמען מיט אַ פאַרטרעטוואָרט: „די מאַטעריאַלן און באַשטעלונגען, וועלכע וועלן געשיקט ווערן אויף אַנדערע אַדרעסן, איז פאַר זיי די רעדאַקציע און קאַנטאָר נישט פאַראַנטוואָרטלעך" („עמעס"), דאַרף זיין: „פאַר די מאַטעריאַלן... אַדרעסן, איז די רעדאַקציע..."; „אָט דער לעצטער אַרויסטריט, האָט מען געדאַרפט פון אים אָנהייבן" (פון רייד), דאַרף זיין: „אָט פון (אָדער „פון אָט") דעם לעצטן אַרויסטריט האָט מען געדאַרפט אָנהייבן". די דערשיינונג רופט מען אַנאַקאָלוט (אַקצענט אויפן ו).

839. אין רייד איז אַזאַ פאָרמע נאַטירלעך — זי שפּיגלט אָפּ דעם סדר פון דעם געדאַנק-בוי: ווען דער רעדער זאָגט „אָט דער לעצטער אַרויסטריט", ווייסט ער נאָך נישט, וואָס פאַר אַ ראָליע די גרופּע וועט שפּילן אין זאַץ, שטעלט ער זי דערווייל „אויף יעדן פאַל" אין נאָמינאַטיוו. פון שריפט פאָדערן מיר אָבער מער ווי פון רייד.

840. אַמאָל קומט דווקא אַן איבעריקע פּרעפּאָזיציע אין אָנהייב זאַץ, וואָס איר אָרט איז ערשט שפּעטער. „אויף דער לעצטער פראַגע, אויף וועלכער כ'וועל דאַרפן ענטפערן, וועט זיין..." (פון רייד), דאַרף זיין: „די לעצטע פראַגע, אויף וועלכער..".

# VII. פּ ר אַ ז ע

841. מיר האָבן אָנגעהויבן די רייד-גלידערונג פון אַ פּראַזע, זיך אַראָפּגעלאָזן ביז מאָרפעמע, דערלערנט די גרופּירונג פון מאָרפעמעס אין ווערטער, פון ווערטער אין באַהעפטן, פון באַהעפטן אין באַהעפטן-סיסטעמען, און זיך אַזוי דערהויבן צוריק ביז דער פּראַזע. הגם יעדע פּראַזע איז אָדער אַ וואָרט, אָדער אַ באַהעפט, אָדער אַ באַהעפטן-סיסטעם, דאָך איז נאָך וויניק צו דערלערנען דעם בוי פון אָט די אויסבילדונגען, כדי צו האָבן דערלערנט דעם בוי פון פּראַזע. אַ פּראַזע פאַרמאָגט אַזעלכע פאָרמעס, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ פּראַזע אַלס אַזעלכער, אומאָפּהענגיק פון איר באַשטאַנד. אַהער געהערן צ.ב. די פאָרמע פון פראַגע, די פאָרמע פון אויסרוף (און באַפעל) און די (נול-)פאָרמע פון רויקער אַרויסזאָגונג (מיטטיילונג אָדער אָנרוף).

842. ווייטער קען מען צו פּראַזע-פאָרמע אָפּטראָגן אויך דעם לאָגישן אקצענט. כאָטש אין א לענגערער פּראַזע קומען פאָר מער לאָגישע אקצענטן, ווי אין א קירצערער, דאָך איז שווער איינצושטעלן אַן איינפאַכע אנטשפּרעכונג צווישן לאָגישן אקצענט און באהעפט אָדער זאַץ. דעריבער באטראַכט איך דעם לאָגישן אקצענט דאָ, אין קאַפּיטל וועגן פּראַזע-פאָרמע.

843. כ׳וועל זיך אָפּשטעלן דאָ נאָר אויף עטלעכע אָנווייזן וועגן פראַגע-פּראַזעס. ווי ביי פּראַזעס בכלל, שיידן מיר אונטער אויך געשלאָסענע פראַגע-פּראַזעס (פראַגע-זאַצן) און אָפענע פראַגע-פּראַזעס. אי די אי יענע טיילן זיך אויף דריי טיפּן לויטן כאַראַקטער פון דער פראַגיקייט:

844 1) אַנטשייד-פראַגע.

געשלאָסענע: ער איז געקומען?; ביסט געווען ווו כ'האָב דיר געהייסן?; צי ווייסט שוין עמעצער דערפון?

אָפענע: דאָרטן?; טאַקע?; אַ נייער?

אַן אַנטשייד-פראַגע קען אַנטהאַלטן אַ פּרעגוואָרט „צי". אַלס ענטפער פאָדערט זי אָדער איינעם פון די ווערטער „יאָ (יע), ניין", אָדער איבערחזרונג פון דער פראַגע מיט אַ באַהויפּט-אינטאָנאַציע און מיטן צוגאָב פון אַ נעגאַציע אָדער אָן אים. ער איז געקומען? — יע; ניין; ער איז געקומען; ער איז נישט געקומען.

דער לאָגישער אקצענט בלייבט אין ענטפער דאָרטן, ווו אין דער פראגע. די נעגאציע, אויב זי קומט-פאָר, קומט זי צו דער אקצענטירטער סינטאגמע: ער איז געקומען? — יע; ניין; ער איז געקומען; נישט ער איז געקומען (=עמעצער אנדערש איז געקומען).

845 2) באַשטים-פראַגע.

געשלאָסענע: ווער איז געקומען?; פונוואַנען ווייסט איר, אַז איך קלייב זיך גיין אין טעאַטער?

אָפענע: ווער?; וויפל אַזייגער?

אַזאַ פראַגע אַנטהאַלט אַ פרעג-פאַרטרעטוואָרט (847), וואָס קומט דאָס רוב אויפן ערשטן אָרט. אין ענטפער ווערט דער פרעג-פאַרטרעטוואָרט פאַרביטן אויף אַן אַנטשפּרעכיקן נישט-פרעגיקן וואָרט (אָדער אַ גאַנצן באַהעפט); געוויינלעך קומט אין ענטפער בלויז דאָס פאַרביטענע וואָרט, און די איבעריקע ווערן פאַרשפּאָרט. אויב זיי ווערן נישט פאַרשפּאָרט, קומט אָפטמאָל דער ווערטער-סדר פאַרקערט ווי אין דער פראַגע.

ווער איז געקומען?—דער דאָקטאָר איז געקומען; ס'איז געקומען דער דאָקטאָר; דער דאָקטאָר.

פונוואַנען ווייסטו? — איך ווייס, ווייל איך האָב געלייענט אין בלאַט; (אָפטער:) ווייל איך האָב געלייענט אין בלאַט.

846 3) אַלטערנאַטיוו-פראַגע.

געשלאָסענע: ער האָט אַרבעט צי ניין?; גייסט אין קלוב צי שפּאַצירן?; דאָס האָט ער אַליין געזען צי מע האָט אים דערציילט?

אָפענע: ער צי זי?; היינט אָדער מאָרגן?

אַזאַ פראַגע אַנטהאַלט צוויי (אָדער מער) גלייכאַרטיקע סינטאַגמעס (אָדער באַזונדערע באַהעפטן), וואָס זענען פאַרבונדן דורך „צי, אָדער". אין ענטפער קומט אָנשטאָט ביידע סינטאַגמעס נאָר איינע פון זיי;

דערביי קענען די איבעריקע ווערטער פון דער פראַגע פאַרשפּאָרט ווערן: גייסט אין קלוב צי שפּאַצירן?—(איך גיי) אין קלוב.

847. יעדער פרעג-פּאַרטרעטוואָרט „פּאַרטרעט" דעם אָדער יענעם נישט-פרעגוואָרט (ד.ה. פּאָדערט אַלס ענטפער דעם אָדער יענעם נישט-פרעגוואָרט). מע קען אָנמערקן די דאָזיקע אַנטשפּרעכונגען:

**וואָס?** פּאַרטרעט אַ נאָמען פון אַ נישט לעבעדיקן וועזן אין נאָמינאַטיוו, אַקוזאַטיוו, דאַטיוו, אַ פּרעדיקאַטיוון נאָמינאַטיוו (אַפילו פון אַ נאָמען פון אַ לעבעדיקן וועזן — אָבער נאָר מיטן אומבאַשטימיקן אַרטיקל), אַ פּרעדיקאַטיוון אַדווערב, אַן אינפיניטיוו. ביישפּ.: וואָס שטייט דאָ? — אַ טיש; וואָס זעסטו? — אַ בוים; וואָס איז ער? — אַ שניידער; וואָס איז ער? — קראַנק; וואָס וויל ער? — עסן.

**ווער?** פּאַרטרעט אַ נאָמען פון אַ לעבעדיקן וועזן (אויב אַ פּרעדיקאַטיוון נאָמינאַטיוו, איז נאָר מיט אַ באַשטימיקן אַרטיקל, אָדער מיט פאַרשפּאָרטן באַשטימיקן אַרטיקל); אַקוזאַטיוו-דאַטיוו — **וועמען?** ביישפּ.: ווער קומט עס? — דער טאַטע; ווער איז ער? — קלמן. **וועמעס?** פּאַרטרעט אַ פּאָסעסיוו. ביישפּ.: וועמעס ווערק?—בערגעלסאָנס; וועמעס געראויש?—די ביימערס.

**וועלכער? וואָסער?** פּאַרטרעטן אַן אַדיעקטיוו מיטן באַשטימיקן אַרטיקל; **אַוועלכער? אַוואָסער? וואָס פאַר אַ?** — אַן אַדיעקטיוו מיטן אומבאַשטימיקן אַרטיקל.

**וויפל?** פּאַרטרעט אַ צאָלנאָמען, **דער וו פלטער?** — אַ נומער-אַדיעקטיוו.

**ווען? פון ווען? ביז ווען? ווי לאַנג? ווו? וווהין? פונוואַנען? ביזוואַנען? פאַרוואָס? צו וואָס?** אאַז"וו פּאַרטרעטן די אַנטשפּרעכנדיקע סובסטאַנטיוון מיט פּרעפּאָזיציעס אָדער אינוואַריאַנטן.

**ווי (אַזוי)?** פּאַרטרעט אַן אַדווערב, אַ סובסטאַנטיוו מיט אַ פּרעפּאָזיציע, אַן אינוואַריאַנט, אַ נאָמען ביי די ווערטער „הייסן, רופן" אדג"ל. ביישפּ.: ווי זינגט זי? — שיין; ווי טרעט ער אַרויס? — מיט געצוגער זיכערקייט; ווי לויפן זיי? — משוגענערווייז; ווי הייסט ער? — קלמן.

848. פאַראַן נאָך אַ פּאָר מינים צונויפגעזעצטע פרעגווערטער „וואָס טון?" און „וואָס מאַכן?" (ווערן קאָניוגירט); דאָס ערשטע פּאַרטרעט אַ ווערב, דאָס צווייטע דאָס רוב די בינדונג „איז" מיט אַן

אַדווערב. ביישפּ.: וואָס טוען זיי? — זיי אַקערן; וואָס מאַכט זי? — זי איז געזונט.

849. פרעגווערטער קענען פארשטארקט ווערן: וואָס מאַכט איר עפּעס?; ווו זענט איר ערגעץ געווען?; ווען וועט איר אַמאָל קומען?

850. אַ מאָדיפיקאַציע פון פראַגע איז איבערפרעגונג. כ'וועל דאָ אָנמערקן צוויי סאָרטן איבערפרעגונג:

851 1. איבערפרעגונג וועגן אַ נישט-דערהערטן אָדער נישט-פאַרשטאַנענעם וואָרט אָדער ווערטער-גרופּע פון דערציילערישער רייד. אויב די גראַמאַטישע קאַטעגאָריע פונעם איבערגעפרעגטן וואָרט איז באַוווסט, קומט דער אַנטשפּרעכיקער פרעגוואָרט. ביישפּ.: כ'בין געווען אין טעאַטער—ווו? („אין" איז דערהערט, „טעאַטער"—איז נישט דערהערט אָדער נישט פאַרשטאַנען); כ'וועל דיר אָפּצאָלן דעם 30טן פעווראַל — ווען??!

ווען ס'איז אָבער אוממעגלעך צו באַשטימען די גראַמאַטישע קאַטעגאָריע אָדער פאָרמע פון נישט-דערהערטן אָדער נישט-פאַרשטאַנענעם וואָרט, קומט אַלס איבערפרעגוואָרט שטענדיק „וואָס?". דאָס זעלביקע וואָרט פאַרטרעט ביי אַן איבערפרעגונג אויך אַ גאַנצע פראַזע און אויך אַ טייל פון אַ וואָרט. ס'איז אַן אוניווערסאַלער איבערפרעגוואָרט.

...און אז מ'דארף אים, זאָג איך, איגנאָרירן.—איגנאָ... וואָס?—זאָגט זי —איגנאָרירן, זאָג איך, איג-נאָ-רי-רן! (נאד.).

די איבערפרעגונג קען זיין אויך קעגן אַ פראַגע. אָבער דאָס שטעלט קיינע באַזונדערהייטן נישט פאָר (אפשר אַן אונטערשייד אין אינטאָנאַציע). ביישפּ.: ביסט געווען אין טעאַטער? — ווו? (=ווו, פרעגסטו?).

852 2. אַן אַנדער סאָרט איבערפרעגונג איז די, וואָס איז געווענדט נאָר אויף אַ פראַגע און דווקא נישט אויף אַ נישט-דערהערטער אָדער נישט-פאַרשטאַנענער. די איבערפרעגונג דינט פאַר אַ פאַרבייט אָדער הקדמה צום ענטפער: זי טיילט זיך אויס מיטן ווערטער-סדר. ביישפּ.: פונוואַנען קומט אַ ייד? — פונוואַנען איך קום?

853. אַ פרעגפראַזע האָט אַ ספּעציפישע פרעג-אינטאָנאַציע. איבערפרעגונג האָט אויך אַ ספּעציפישע אינטאָנאַציע. אַן אומדירעקטע פראַגע האָט אין רויקער רייד נישט קיין פרעג-אינטאָנאַציע (ווי באַוווסט, ווערט ביי אומדירעקטער פראַגע קיין פרעגצייכן נישט געשריבן), אָבער אין

מער עמאָציאָנירטער רייד באַקומט אָפּטמאָל די פּראַזע, וואָס אַנטהאַלט אין זיך אַן אומדירעקטע פראַגע, אַ פרעג-אינטאָנאַציע. ביישפּ.:

כ'ווייס נישט, פונוואַנען איז ער געקומען („אָפיציעלע לייענונג", מיט דערציילערישער אינטאָנאַציע).

כ'ווייס נישט, פונוואַנען איז ער געקומען? (אָפּט ווערט אַזוי געלייענט, און אָנפאַנגערס שטעלן דאָ אָפּטמאָל אַ פרעגצייכן).

אפילו: „זע ווי דו ביסט בלאס?", ווו דער באהעפט איז גאָר אַן אויסרופיקער.

פארשטייט זיך, אַז אין אַזאַ פּראַזע: „דו האָסט אים געפרעגט, ווען ער קומען?"—איז די פראַגע-אינטאָנאַציע (און דער פרעגצייכן) פאר-בונדן מיט דער פרעגיקייט פונעם גאַנצן באהעפט (נישט פונעם בייזאַץ).

854. פאַראַן פאַלן, ווען די פרעג-אינטאָנאַציע באַטייט נישט קיין פראַגע: 1) דוסט אויפהערן שרייען?=הער אויף שרייען. 2) איך קום צו גיין מיטן געלן פּראָשעק צו אַ דריטן דאָקטאָר, כאַפּט ער נישט דעם געלן פּראָשעק און צערייסט נישט דעם רעצעפּט און פאַרשרייבט מיר נישט קיין קרייטער?... (ש"ע). 3) דער באַקאַנטער יידישער מנהג צו ענטפערן אויף אַ פראַגע מיט אַ פראַגע.

855. אין אַ פּראַזע קומט פאָר איינער אָדער מער לאָגישע (פּסיכאָלאָגישע) אַקצענטן, ד.ה. שטאַרקערע אַקצענטן אויף די וויכטי-קערע ווערטער. ביישפּ.: „איך לייען האָפּשטיינס געדיכטן" קען געלייענט ווערן אויף פירערליי אופנים:

איך לייען האָפּשטיינס געדיכטן (נישט דו)
איך לייען האָפּשטיינס געדיכטן (נישט איך בלעטער זיי)
איך לייען האָפּשטיינס געדיכטן (נישט שוואַרצמאַנס)
איך לייען האָפּשטיינס געדיכטן (נישט פּראָזע)

ביישפּילן פון פרעג-פּראַזעס:

וווהין פאָרט ער? (נישט פונוואַנען)
וווהין פאָרט ער? (נישט גייט ער)
וווהין פאָרט ער? (נישט זי)

ביישפּילן אין דיאַלאָג:

ווער האָט עס געטון? — איך האָב עס געטון
דו האָסט אַ טעות — ניין, דו האָסט אַ טעות

ביישפּילן ביי געגנשטעלונג:

בעסער איין קו, איידער צוויי ציגן

וואָס מער יאָרן, אַלץ מער דערפאַרונג
וואָס ס׳וועט זיין מיט כל ישראל, דאָס וועט זיין מיט רב ישראל
ווי מיט אים, אַזוי אָן אים

856. אייניקע אַקצענטירטע סינטאַגמעס קענען האָבן ביי זיך פאַרשטאַרק־ווערטער (פּאַרטיקלען): אַזש, אַפילו, דאָך, דאָס, דווקא, דען, זשע, טאַקע, נאָר, עס, עפּעס א״אַ.

דאָס וואָרט „דען״ ציט אריבער דעם לאָגישן אקצענט צו זיך.

857. פאַראַן אויך באַטייטיקע ווערטער, וואָס אַנטהאַלטן אַחוץ דעם מאַטעריעלן באַטייט, אויך דעם ניואַנס פון פאַרשטאַרקונג: „אַליין, גופא, זעלבסט״ א״אַ, אַזעלכע ווערטער ווערן אַקצענטירט.

858. אחוץ אזאַ באַזונדערס שטאַרקן אקצענט, וואָס קומט ביים אויסטיילן, אונטערשטרייכן א סינטאַגמע, קומט נאָך ביי רויקער רייד אַן אַקצענט אויף דער אָדער יענער סינטאַגמע אין אָפּהאַנג פון איר גראַמאַטישער נאַטור. די סאַמע אקצענטירטע סינטאַגמע איז געוויינלעך א בויגפאַל ביי אַ ווערב; ווען אזא איז אין באַהעפט נישטאָ, ווערט אקצענטירט דער ווערבאַלער צוגאָב און אייניקע אַנדערע אינוואַריאַנטן; ווען אזעלכע זענען אויך נישטאָ—ווערט אקצענטירט דער אדווערב; ווען אזא איז אויך נישטאָ—איז אַ פּאַרטיציפּ אָדער אַן אינפיניטיוו אין א צונויפגעזעצטער ווערב־פאָרמע; ווען אזעלכע פעלן אויך, ווערט אקצענטירט דאָס פערזאָנוואָרט. ס׳בלייבן, אלזאָ, נאָרמאַל, נישט באַזונדערס אקצענטירט דער סוביעקט, אָביעקטיוו, פּאָסעסיוו, צאָלוואָרט און אנד., אויך הילפּ־ווערטער. אַ פּאַרטרעטוואָרט בלייבט נאָרמאַל נישט אקצענטירט (אַפילו ווען ער איז אַ בויגפאַל).

859. א פּרעפּאָזיציע באַקומט אין אייניקע פאַלן אזא שטאַרקן אקצענט ווי דער בויגפאַל: אויסער (אוי׳סער אי״ם, זענען אַלע דאָ). אָן—без (געבליבן אָ׳ן א קאָ׳פּיקע, אָבער: שלאָג זיך קאָפּ אָן וואַ׳נט), פאַר—перед (ס׳איז געווען פאַ׳ר דער מלח׳מה, אָבער: קויפן פאַר געַ׳לט) (662).

860. אין אַ זאַץ רופט מען אָפּטמאָל די אקצענטירטע סינטאַגמע מיט אַ״ך, וואָס ציט זיך צו איר—לאָגישער פּרעדיקאַט, און דעם איבעריקן טייל זאַץ - לאָגישער סוביעקט. אין דעם, וואָס דער לאָגישער פּרעדיקאַט פאַלט אָפט נישט צוזאַמען מיטן „גראַמאַטישן״ פּרעדיקאַט, און דער לאָגישער סוביעקט פאַלט נישט צונויף מיטן „גראַמאַטישן״ סוביעקט, וויל מען איינזען אַ ווידערשפּרוך צווישן לאָגיק און שפּראַך. אינדעראמתן איז עס אַ טערמינאָלאָגישע דערשיינונג.

# VIII. פאַרבינדונג צווישן פראַזעס

861. כאָטש איין פראַזע פון דער צווייטער טיילט זיך אָפּ מיט אַ שאַרפער אָפּשטעל-אינטאָנאַציע, דאָך קומט פאָר אַ סינטאַקטישע פאַרבינדונג צווישן באַזונדערע פראַזעס, אַנדערש גערעדט, ס׳קומט פאָר סינטאַקטישע ווירקונג פון איין פראַזע אויף דער צווייטער. די דאָזיקע ווירקונג דריקט זיך אויס אין פאַרשידענע דערשיינונגען:

862 1) בינדווערטער. אייניקע בינדווערטער קענען פאַרבינדן גאַנצע פראַזעס צווישן זיך: „אויך, און, זשע, למשל״ א״אַ.

ביישפּ.: און ער קוקט גאַנץ רויק צו, ווי מ׳עפנט די לעצטע שופלאָד... (פר.) — פריער איז געווען אַ פונקט-פויזע; די מאַמע זשע ווידער האָט געוויינט נישט אַזוי דערפאַר... (אַבר.) — פריער איז אַן אויסרוף-פויזע.

„און״ קומט אמאָל אפילו אין אָנהייב טעקסט: און די מעשה, וואָס איך וועל יעצט דערציילן, איז אַן אויסטערלישע וונדערלעכע מעשה... (פר.) — ווירקונג פון העברעיש?

אייניקע בינדווערטער קומען אפילו דווקא (אָדער יעדנפאַלס אַמאָפטסטן) נאָך אַ פויזע: „איַי, היינט״ א״אַ. ביישפּ.: איַי יושר? (=נו, און יושר?); היינט די מענטשן, וואָס איר זעט זיך אָן! (ש״ע).

863 2) ווערטער-סדר: פערזאָנוואָרט אויפן ערשטן אָרט איז אַ סימן פון פאַרבינדונג מיט דער פריערדיקער אָדער שפּעטערדיקער רייד. ביישפּ.: „זענען מיר אַ צייט איינס קעגן אַנדערן געזעסן״ (נס.)— ווייזט, אַז עס איז אַ פאָרזעצונג, כאָטש פריער איז געווען אַ פונקט-פויזע.

„זאָגט איר, אַז יידן האָט מען אומעטום פיינט...?״ (ש״ע). ס׳איז אַן אָנהייב פון אַ מאָנאָלאָג, אָבער דער ווערטער-סדר גיט אים צו דעם

כּאַראַקטער פון אַ פאַרזעצונג פון אַ שמועס. דאָס וואָלט נישט געהען־
ווען ס'וואָלט געווען: „איר זאָגט, אַז יידן...".

864 3) פאַרשפּאָרטע סינטאַגמעס אין אַ דיאַלאָג אָדער מאָנאָלאָג, צ.ב.:
דיאַלאָג:

— פונוואַנען אַזוי שפּעט, אַלטער?
— פון ווינט.
— און וואָס געבראַכט פון ווינט?
— אַ ידיעה.
— אַז וואָס?
— מ'האָט זיך צום באַרג געלאָזט (נס).

מאָנאָלאָג: געראַבירט האָט מען אים. דאָס מעבל צעבראָכן. דאָס בעטגעוואַנט צעריסן. די סחורה פון קלייט צענומען. נאָר געשלאָגן האָט מען זיי נישט (ש"ע). דער זאַצבוי (פאַרשפּאָרונג פון הילפוועדב)— ווי ביי אַ זאַץ מיט גלייכאַרטיקע סינטאַגמעס, אָבער לויט דער אינטאָנאַציע זענען עס באַזונדערע פּראַזעס.

865 4) אַנאַפאָרישער פאַרטרעטוואָרט (395) און באַשטימיקער אַרטיקל. בייש.: און דער שמש נעמט די נשמה און פירט זי אַרויס. יאָמערט נעבעך די נשמה און קלאָגט אויף איר מזל. — וואָס ווייסטו אַזוי?—פרעגט ער זי (פר.). דער באַשטימיקער אַרטיקל (דער שמש, די נשמה) און די אַנאַפאָרישע פּראָנאָמען ער, זי וואָלטן אוממעגלעך געווען, ווען די פּראַזעס זאָלן נישט זיין פאַרבונדן צווישן זיך און מיט די פּריערדיקע; זיי אַליין (דער אַרטיקל, די פּראָנאָמען) זענען טאַקע מיטלען פון אַזאַ פאַרבינדונג.

# IX. פּרעמדשפּראַכיקע און אויסער־שפּראַכיקע עלעמענטן אין רייד

866. ווען מיר פאַרגלייכן:
טוביה זאָגט אַ פּסוק פון תנ"ך
טוביה זאָגט דעם פּסוק: רבות מחשבות בלב איש
טוביה זאָגט: רבות מחשבות בלב איש —

זעען מיר, אַז אין דער ערשטער פראַזע איז קיין שום באַזונדערהייט נישטאָ, די באַציונג פון בויגפאַל „אַ פּסוק" צום ווערב „זאָגט" איז אַ נאָרמאַלע; אין דער צווייטער פראַזע קומט ביי „דעם פּסוק" („מיט די רעכט" פון אַן אַפּאָזיציע, אַזוי צו זאָגן) אַ נישט־יידישע ווערטער־גרופּע „רבות מחשבות בלב איש"; אין דער דריטער פראַזע קומט שוין אָט די געוועזענע אַפּאָזיציע מיט די רעכט פון אַ בויגפאַל ביי „זאָגט". מיר זעען אַלזאָ, אַז אין אַ יידישער רייד קען זיך אַריינרייסן אַ נישט־יידישער קלאַנגען־קאָמפּלעקס און זיך באַהעפטן מיט דער גאַנצער רייד (פאַרשטייט זיך, נישט דורך פאָרמעס — בלויז דורך זיין אָרט אין פראַזע און דורך אינטאָנאַציע, אויך דורכן קאָנטעקסט), אַזוי אַז ס'זאָל ענלעך זיין צו דער אָדער יענער יידישער סינטאַקסישער קאַטעגאָריע— בויגפאַל, אַפּאָזיציע.

פארשטייט זיך, אז פון יידיש־שפּראַכלעכן שטאַנדפּונקט איז אַלצאיינס, צי דער קלאַנגען־קאָמפּלעקס געהערט צו העלכער נישט איז שפּראַך, אָדער ס'איז גלאַט קלאַנגען. מע קען זאָגן: „טוביה זאָגט: רא מא בע איש", און דאָס וועט זיין פּונקט די זעלביקע קאָנסטרוקציע, ווי „טוביה זאָגט: רבות מחשבות בלב איש".

867. ביישפּילן פון אַנדערע קאַטעגאָריעס פון דער זעלביקער דער־שיינונג: רבות מחשבות בלב איש — אזוי, דוכט זיך, שטייט ביי אונז גע־שריבן אין דער הייליקער תורה (ש"ע); די ווערטער „רבות מחשבות בלב

איש" זענען העברעישע; דער אויסדריק „סטאטוס קוואָ" ווערט אָפּטמאָל באַנוצט; רבות מחשבות בלב איש איז אַ העברעישער פסוק;

ער הייסט מיט אַ פּאַסיקן נאָמען; ער הייסט מיטן נאָמען פּער־טשיק; ער הייסט פּערטשיק; דער נאָמען „פּערטשיק" פּאַסט אים;

כ'לייען דעם בוך „מסעות בנימין השלישי"; כ'לייען „מסעות בנימין השלישי"; כ'האָב געלייענט Война и мир;

דאָס וואָרט מאַכט „רבות".

868. ס'מערקט זיך גרינג, אַז אַלס „פּאַרמיטלערס" צווישן שפּראַך־עלעמענטן און אויסער־שפּראַך־עלעמענטן, אַלס ווערטער, וואָס מאַכן מעגלעך אַזאַ, דוכט זיך, אומנאַטירלעכע פאַרבינדונג, טרעטן אַרויס די ווערטער, וואָס באַצייכענען דעם פּראָצעס גופא פון שפּראַך־באַנוצונג: זאָגן, הייסן, רופן, וואָרט, לייענען, „מאַכן" („דאָס וואָרט מאַכט", ד. ה. דער קאָמפּלעקס שריפט־צייכנס באַטייט) אדג"ל, אויך ספּעציעלערע ווערטער: אויסשרייען, זינגען, פּסוק, פערז אדג"ל.

869. פאַרשטאַנדיק, אַז פון שפּראַכלעכן שטאַנדפּונקט איז נישטאָ קיין פּרינציפּיעלער חילוק צווישן אויסערשפּראַכלעכע עלעמענטן אין אַזאַ פאַרבינדונג מיט שפּראַך און צווישן שפּראַך־עלעמענטן אין דער זעלבער פאַרבינדונג, ד. ה., אַז

טוביה זאָגט: רבות מחשבות בלב איש, און

טוביה זאָגט: דאָס בעסטע פערד דאַרף האָבן אַ בייטש

זענען קאָנסטרואירט אַלצאַיינס: אין ביידע פאַלן שפּילט די צ י ט י ר ט ע ר י י ד די ראָליע פון אַן אויסער־שפּראַכיקן קאָמפּלעקס, וואָס קומט אין אַ רייד־שטיק מיט די רעכט פון אַ בויגפאַל ביי „זאָגט" אדג"ל. אָט פאַרוואָס כ'האַלט פאַר נייטיק אָפּטראָגן די לערע וועגן ציטירטע רייד אַהער, אין קאַפּיטל וועגן אויסערשפּראַכיקע עלעמענטן אין רייד.

870. מ'קען אַלזאָ קאָנסטאַטירן:

ביי די ווערטער „זאָגן, דערציילן, אויסשרייען, פרעגן, ענטפערן" אדג"ל קענען קומען וועלכע נישט איז קלאַנגען־קאָמפּלעקסן, סיי שפּראַכלעכע (אָנהייבנדיק פון איין מאָרפעמע און אויסלאָזנדיק מיט אַן אומבאַגרענעצטער צאָל באַזונדערע פראַזעס), סיי פרעמדשפּראַכיקע און אויסערשפּראַכיקע, וועלכע דאַרפן פּינקטלעך איבערגעבן דאָס, וואָס ווערט „געזאָגט, דערציילט, אויסגעשריגן" אאַז"וו. די פאַרבינדונג פון אַזאַ **ציטירטער** (אָדער **דירעקטער**) **רייד** מיטן איבעריקן קאָנטעקסט (וועלכער הייסט אין דעם פאַל **דעם אויטאָרס רייד**)

קומט פאָר מיט דער הילף פון אינטאָנאַציע און ווערטער-סדר.

ציטירטע רייד קען קומען אַלס אַפּאָזיציע ביי די ווערטער „וואָרט, פראַגע, טעזיס״ אדג״ל: דער אויסדריק „סטאַטוס קוואָ״ ווערט אָפּט באַנוצט; דער טעזיס „יעדערן זיינס״ קען פאַרשטאַנען ווערן פאַרשידן.

871. ציטירטע רייד קען קומען אַלס סובסטאַנטיווירטער ווערטער-באַהעפט: ... לאָזט אַרויס אַ טיפן-טיפן „אוי רבונו-של-עולם-מאַמע-זיסע-האַרציקע-געטרייע!״ (ש״ע).

872. אַהער געהערן אויך אַזעלכע פראַזעס, וואָס קומען, אמת, פאָר נישט אַזוי אין לעבן, ווי אין גראַמאַטיק-ביכער: „ווייס״ איז אַן אַדווערב (=דאָס וואָרט „ווייס״ איז אַן אַדווערב; פרגל׳ „ווייס איז שניי״, ווו „ווייס״ איז נישט ציטירט); „אָפּזאָגן״ שרייבט זיך מיט אַ פּ; „טעלעפאָן״ הייסט אַזאַ אַפּאַראַט, וואָס דינט צו רעדן אויף אַ ווייטן מהלך (פרגל׳: „אַ טעלעפאָן איז אַזאַ אַפּאַראַט...״, ווו קיין ציטירונג איז נישטאָ); „פאַרוואָס הייסט אַ חזיר ,חזיר׳?״; דער ערשטער „חזיר״ איז דאָ, ווי ס׳איז נאָרמאַל אין דער שפּראַך, אַ נאָמען פון אַ זאַך און שטעלט קיינע באַזונדערהייטן נישט פאָר, דער צווייטער „חזיר״ טרעט דאָ אַרויס, אַזוי צו זאָגן, אַלס נאָמען פון דעם נאָמען, נישט אַלס פאַרטרעטער פון א פאָרשטעלונג, נאָר אַלס פאַרטרעטער פון זיין אייגענעם קלאַנגלעכן באַשטאַנד.

873. צו ציטירטע רייד געהערט אויך נעמען פון ווערק א״א. דאָ דאַרף מען אָבער אונטערשיידן ווערטער, וואָס האָבן זיך שוין אויף אַזוי פיל איינגעבירגערט אין דער שפּראַך, אַז זיי פילן זיך שוין לחלוטין נישט פאַר קיין פרעמדע עלעמענטן. פרגל׳: ער לייענט „מאָטל פייסי דעם חזנס״, ער לערנט גמרא.

874. נאָך א קאַטעגאָריע, וואָס שטייט אויפן גרענעץ צווישן ציטירונג און אָרגאַנישן שפּראַך-באַנוץ, איז דער באַנוץ פון ווערטער, וואָס דינען נישט פאַר קיין אייגן-נעמען, ביים וואָרט „הייסן״, אויף אַזאַ שטייגער: אָט דאָס הייסט געזונגען! (אָט דער געזאַנג איז אמתער געזאַנג); אָט דאָס הייסט ביי דיר באַלד?

איך באַטראַכט עס פאַר א גרענעץ-דערשיינונג, וואָרים דאָ האָבן מיר אין זינען נישט נאָר די קלאַנגלעכע זייט פון ציטירטן וואָרט; פאַר-בייטן דאָ דאָס יידישע וואָרט אויף א פרעמדן אָדער אויף אויסער-שפּראַכיקע קלאַנגען קען מען נישט, און דאָך איז קיין „אָרגאַנישע״

פאַרבינדונג פון ציטירטן וואָרט מיט „הייסט" נישטאָ; פּרגל' „דאָס הייסט ביי דיר באַלד?" און „דאָס וועט פאַרטיק ווערן באַלד?".

875. ציטירטע רייד שטעלט זיך געוויינלעך בשכנות מיט דער ווערטערגרופּע, וואָס דינט צום איינשליסן זי אין רייד. אויב די ציטירטע רייד קומט נאָכן אויטאָרס רייד, קומט אַ כאַראַקטעריסטישע אינטאָנאַציע פון צווייפּונקט; אויב פאַרן אויטאָרס רייד—קומט אַ קאָמפּלי- צירטערע אינטאָנאַציע: די אינטאָנאַציע פון דער ציטירטער רייד ווערט אָפטמאָל אַריבערגעטראָגן אויפן אויטאָרס רייד. צ.ב.:

דו האָסט שוין געגעסן וואַרמעס? ט'ער זי געפרעגט—אַזוי שרייבט זיך, אָבער זאָגן זאָגט זיך עס אַזוי:

דו האָסט שוין געגעסן וואַרמעס, ט'ער זי געפרעגט?

876. ווען די ציטירטע רייד קומט פאַרן אויטאָרס, רעכנט זי זיך פאַר אַן „אָרט" אין אויטאָרס רייד אין הינזיכט פון ווערטער-סדר, ד.ה. דעם אויטאָרס רייד הייבט זיך אָן מיטן פערזאָנוואָרט.

877. אַן אַנדער סאָרט פרעמדשפּראַכיקער עלעמענט אין יידיש איז דער באַנוץ פון אַ פרעמדן (אַמאָפטסטן העברעישן) טעקסט, נישט אַלס ציטירטן, נאָר פאַראַלעל מיט זיין יידישן פאַרטייטש: אָמר מענדעלע מוכר-ספרים, זאָגט מענדעלע מוכר-ספרים (אַבר.); הודו לה' כי טוב— ווי אַזוי גאָט פירט, אַזוי איז גוט (ש"ע). פאַרשטייט זיך, אַז פון יידיש-שפּראַכלעכן שטאַנדפּונקט קען דער פרעמדשפּראַכיקער טעקסט נישט אַנאַליזירט ווערן; מע דאַרף נאָר קאָנסטאַטירן, אַז אין דער און דער פראַזע איז אַ טייל פאַרנומען מיט אַ פרעמדשפּראַכיקן אויסדריק, וועלכער האָט אַזאַ און אַזאַ אינטאָנאַציע.

878. אינטעריעקציעס דאַרף מען דאָס רוב האַלטן פאַר אַן אָרגאַ- נישן טייל פון רייד, לכל-הפחות ווען זיי ווערן אַרויסגעבראַכט באַוווּסט- זיניק, נישט נישט-ווילנדיק. מע דאַרף אָבער נישט פּלאָנטערן, ווי די אַלטע גראַמאַטיק, אינטעריעקציעס און קלאַנג-נאָכמאַכונגען. די לעצטע בילדן אַן אויסערשפּראַכיקן עלעמענט, כאָטש זיי קענען זיך אַריינרייסן אין רייד, אָפטמאָל „מיט די רעכט" פון אַן אַדווערב אָדער אינוואַ- ריאַנט:... איבערגעגעבן איינער דעם אַנדערן דאָס פלעשל און געבולבעט בול-בול-בול פונעם העלזל גלייך אין מויל אַריין (ש"ע); און אַ רעגן פערלריין טריפּ-טראָפּ טריפּ-טראָפּ הייבט-אָן גיין (מאַני לייב).

# ראָשי-פּרקים פון פאָנעטיק און אָרטאָ-גראַפישע אָנמערקונגען

## 1. פאָנעטישע ריידגלידערונג, גלידערונג פון שריפטלעכן טעקסט

879. מיר האָבן געזען די גראַמאַטישע גלידערונג פון רייד: פּראַזע—באַהעפט—וואָרט—מאָרפעמע. פאָנעטיש גלידערט זיך די רייד אַנדערש. פּראַזע געהערט צו פאָנעטיק אויך (ריטמיש-מעלאָדישע גאַנצהייט), אָבער אַ פּראַזע גלידערט זיך אויף „שטיקער" (פון אַ קאָמע-אינטאָנאַציע אדג"ל ביז אַ קאָמע-אינטאָנאַציע אדג"ל); אַ שטיק אויף „טאַקטן" (גרופירט אַרום איין אַקצענט), אַ טאַקט אויף טראַפן (אַרויסגערעדט פאַר איין אויסאָטעמונג), אַ טראַף אויף קלאַנגען (פאָנעטישער עלעמענט פון רייד).

ביישפּ.: „דער מוח — אָנגעזעצט מיט פינקלען" — צוויי שטיקער. די צווייטע באַשטייט פון צוויי טאַקטן: אָנגעזעצט—מיט פינקלען. דער ערשטער טאַקט—פון דריי טראַפן: אָנ—גי (לויט מיין דיאַלעקט)—זעט, און פון 7 קלאַנגען.

880. נאָך אַנדערש גלידערט זיך אַ שריפטלעכער (געדרוקטער) טעקסט. ערשטנס, זענען דאָ פאַראַן נאָך העכערע סטאַדיעס ווי פּראַזע (אָפּזאַץ, קאַפּיטל אדג"ל). אַ פּראַזע באַשטייט פון „ווערטער", אַ וואָרט באַשטייט פון אותיות. אַן אָרטאָגראַפיש וואָרט (ד.ה. אַזאַ טייל טעקסט, ווו אַלע אותיות זענען צווישן זיך נאָענט און וואָס איז אָפּגעזונדערט פון די אַרומיקע טיילן טעקסט, אָדער, ווי מע רופט עס, „וואָס שרייבט זיך באַזונדער") פאַלט אָפּט צוזאַמען מיט גראַמאַטישן, צ.ב. שטייט אויף איר אַלע ווער ווי שקלאַפן...

דאָ איז אַזוי פיל געשריבענע „ווערטער", וויפל ווערטער פון שפּראַכלעכן שטאַנדפּונקט („אויף" איז אַ באַזונדער וואָרט, „ווי" איז אַ באַזונדער וואָרט אאַז"וו). פאַראַן אָבער פאַלן, ווען די שריפט צעגייט זיך מיט דער שפּראַך:

איין וואָרט ווערט געשריבן אַלס באַזונדערע: „עס טאָגט, דריי-הונדערט פופציק אַכט". אַמאָל שרייבט מען: „אין אָוונט, אָקטאָבער רעוואָלוציע, עונג שבת, גוטע פריינט"; בעסער אָבער: „איגאָוונט, אָקטאָבער-רעוואָלוציע, עונג-שבת, גוטעפריינט".

881. מע שרייבט „מאַכסטו, ווסטו" אדג"ל; נאָר ווען אויף „דו" איז אַן אַקצענט, שרייבט מען „מאַכסט דו".

882. ווען מע קעמפט אין שול קעגן דעם אָפטן גרייז צו שרייבן „אַ נייזן, אַ נאַרבעט", אָדער פאַרקערט „אַן אומער, אַן עסט", דאַרף מען אַפּעלירן נישט צום געהער (ס'הערט זיך נישט „אַ נייזן", נישט „אַן אייזן", נאָר „אַנײַזן"), נאָר צו דער גראַמאַטישער אָדער לעקסישער נאַטור פון וואָרט (נישטאָ „דער נייזן, די נאַרבעט. דער אומער").

883. די שריפט האָט נאָך אַ רעסורס, וואָס די לעבעדיקע שפּראַך פאַרמאָגט נישט—בינדשטריכל (=) צווישן ווערטער אָדער ווערטערטיילן. מע דאַרף רעקאָמענדירן צו שרייבן יעדן צונויפגעזעצטן וואָרט, אויב נישט צוזאַמען (אַמאָל איז עס נישט באַקוועם, צ.ב. צו לאַנג און שווער צום לייענען), איז מיט אַ בינדשטריכל: „אָקטאָבער-רעוואָלוציע", חשוון-טעג" („חשוונטעג" וואָלט אפשר פאַרשווערט ביים לייענען, ווייל ס'איז אַ זעלטענער צונויפזאַץ).

884. אויב מע העט אָננעמען נישט שרייבן קיין טאָפּעלע קאָנסאָנאַנטן אפילו ביי צונויפזאצן (915), וועט מען מוזן נעמען ברייטער אָנווענדן דאָס בינדשטריכל: „שטאָט-טייל" (בעסער „שטאָטטייל", אָבער „שטאָטייל" וואָלט געווען נישט פאַרשטאנדיק), „קויף-פעיק" אדג"ל. בינדשטריך הערט אָנגעווענדט ביי טאָפּעלע פערזאָן-נעמען: פייגע-לאה, בינד-שטריך ווערט אָנגעווענדט ביי סובסטאַנטיווירונג פון ווערטער-באַהעפטן (ער קען אַמאָל פאַרביטן ווערן אויף לאַפּקעס): ער לעבט פון אַ פאָלג-מיך-אַ-גאַנג, אָדער ער לעבט פון אַ „פאָלג מיך אַ גאַנג". בינדשטריך ווערט אָנגעווענדט, צוליב ריין גראַפישע אומשטאַנדן, אין „גראָז-שיבט" (אַנישט וואָלט עס געמאַכט грожихт), „גלאָז-שויב" אדג"ל.

885. ווייטער ווערט נאָך באַנוצט אַן אַפּאָסטראָף ('), אין אַזעלכע פאַלן, ווען אַ וואָרט ווערט פאַרקירצט און שליסט זיך אָן צום

ווייטערדיקן וואָרט: כ׳גיי, ס׳איז, ט׳ער נעמען. מע שרייבט אָבער „אויפן" (אויף דעם), „מע האָטן געכאַפּט" (האָט אים) — דאָ איז פאַרקירצט דאָס צווייטע וואָרט. מע וואָלט געמעגט אָפּוואַרפן דעם אַפּאָסטראָף, אַחוץ אין פאַלן, ווו אָן אים קען זיין נישט פאַרשטאַנדיק: „כגיי" (אַזוי שרייבן שוין אייניקע אין פוילן).

886. אַ קינסטלעכע גלידערונג פון טעקסט קומט פאָר ביים אַריבערטראָגן אַ וואָרט פון איין שורה אויף דער צווייטער. דערביי דאַרפן קיינע באַגרענעץ-כּללים נישט זיין, אַחוץ איינעם: אַריבערטראָגן אַזוי, אַז ס׳זאָל נישט פאַרשווריקן דאָס לייענען (ריכטיקער — ס׳זאָל מינימאַל פאַרשווריקן, ווארים יעדע אַריבערטראָגונג פאַרשווריקט אַביסל). קלאָר איז, אַז מע טאָר נישט אַריבערטראָגן: אַו-ועק, מי-ינען, סטעז-שקעס; מע מעג אָבער (און פאַקטיש טראָגט מען אַריבער): א-וועק, זאָל-סט, טר-עפט (שוין אָפּגערעדט וועגן מאָ-לן, טי-של, ווו די טראַפּן-טיילונג איז אויסגעהאַלטן).

אנטקעגן דער פאָדערונג אריבערצוטראָגן דווקא גאנצע טראפן קען מען, אחוץ פרינציפּיעלע טענות (נישט באַלעסטיקן זיך אליין מיט נישט-נייטיקע שווריקייטן), נאָך אָנווייזן, אז אפילו אזא אריבערטראָגונג פארשווריקט אָפטמאָל דאָס לייענען. אָט איז א ביישפּיל פון א געדרוקטן טעקסט: „פּאר-ביקן". זייענדיק אין סוף שורה „פאר-", נעמען מיר עס אָן פאר א פּרעפיקס און לייענען אָן אן אקצענט, דערזעענדיק דערנאָך „ביקן", ווייסן מיר נישט, וואָס דאָס איז, און מוזן זיך אומקערן צום אָנהייב און איבערלייענען אנדערש. בעסער וואָלט שוין געווען אריבערטראָגן דאָ לויט מאָרפעמען — „פאַרב-יקן". נאָך א ביישפּיל פון „בשרער" אריבערטראָגונג, וואָס פארשווריקט פונדעסטוועגן ביים לייענען: „סאַבמע-טערדיקע". היינט קען מען אָנווייזן, אז לאָזן אויף איין שורה א פּרעפּאָזיציע און „אריבערטראָגן" אויף דער אנדערער שורה דעם בויגפאַל פארוועדט דאָך אוודאי קיינער נישט, און דאָך פארשווריקט עס אויך אָפטמאָל דאָס לייענען. אלזאָ, דאַרפן אחוץ דעם אויבן פאָרמולירטן כּלל קיינע אריבערטראָג-כּללים נישט עקזיסטירן (די סאָוועטישע אָרטאָגראַפיע אנטהאלט אַ פונקט וועגן פרייהייט פון איבערטראָגן).

887. בנוגע צו שריפט דאַרף מען אפשר, אין קעגנזאץ צו לעבעדיקער רייד, רעדן נישט וועגן „גלידערונג", נאָר וועגן „סינטעז" (פון בוכשטאַבן ביז אָפּזאַצן).

## 2. אינטאָנאַציע, אַקצענט

888. די אינטאָנאַציע ווערט אין דער שריפט זייער אָרעם פאָרגעשטעלט. קיין כּללים פון פּונקטואַציע (באַנוץ פון אָפּשטעל־צייכנס) אין יידיש זענען, אויף וויפל מיר איז באַוווסט, נאָך נישט אויסגעאַרבעט. פּאַקטיש פירט מען זיך אָן, אין ראַטנפאַרבאַנד, מיט דער רוסישער פּונקטואַציע. די דאָזיקע איז געגרינדעט איינצייטיק אויף צוויי פּרינציפּן: פאָנעטישן (אָפּשפּיגלען די אינטאָנאַציע) און גראַמאַטישן (באַצייכענען די ציונג פון די ווערטער און דער עיקר פון זאַצן און באַהעפטן).

889. דער לאָגישער אַקצענט ווערט נאָרמאַל נישט באַצייכנט. פאַר נויט באַצייכנט מען אים מיט אַן אַקצענט־צייכן (׳) אָדער מיט „אונטערשטרייכונג" (אַ ליניע אונטערן וואָרט, גרעבערע שריפט, צעוואָר־פענע אותיות).

איבעריקנס, מע באַנוצט אונטערשטרייכונג פאַר אַ סימן פון חיב־טיקייט אפילו דעמאָלט, ווען אין דער לעבעדיקער רייד באַקומט די חיבטיקייט נישט קיין אויסדריק אין לאָגישן אַקצענט.

דאָס, וואָס דער לאָגישער אַקצענט ווערט שריפטלעך נישט באַ־צייכנט, פירט אַמאָל צו צווייטייטיקייטן. בײַשפּ.: „צופיל ערד ווערט אָפּגענומען" („עמעס", אַ קעפּל פון אַ נאָטיץ). ס'איז נאַטירלעך צו לייענען מיטן אַקצענט אויף „ערד", דעמאָלט הייסט עס, אַז מע נעמט אָפּ צופיל, מע דאַרף אָפּנעמען ווייניקער; דער אויטאָר האָט אָבער געמיינט דעם אַקצענט אויף „אָפּגענומען", וועלנדיק זאָגן, אַז בײַ די בעלי־גופים, וואָס האָבן צופיל ערד, נעמט מען אַ טייל אָפּ.

890. אייניקע געזעצן פון יידישן אַקצענט:

אין אַן איינפאַכן באַטייטיקן וואָרט קומט דער אַקצענט אויפן וואָרצל (געגנויער—אויף איינעם פון די וואָרצלטראַפן; איבעריקנס, דאָס רוב איז דער וואָרצל איינטראַפיק).

אַמאָל קומט דער זעלביקער וואָרצל (אַ מערטראַפּיקער) מיט צווייערליי אַקצענטירונג: גזלן־גזלנים, סטאָליער־סטאָליאַרעס (איבער־אַקצענטירונג).

די דאָזיקע סופיקסן זענען שטענדיק אַקצענטירט:—אַל (טעאַטראַל, פּאָרמאַל), —אַנט (קורסאַנט), —ור (סטרוקטור), —יזם (קאָמוניזם), —יי (בעקעריי), —יסט (מאַשיניסט),—יר (רעקאָמענדירן), —ענט (אינטעליגענט)

און אייניקע אַנדערע, אויך אַ גרויסער טייל פון די פּאַראַכּט-סופיקסן.

ווען אין איין וואָרט קומען צוויי פון די אַקצענטירטע סופיקסן, קומט דער אַקצענט אויפן אַנדערן: נאַציאָנאַל—נאַציאָנאַליזירן.

די דאָזיקע פּרעפיקסן ווערן אַקצענטירט: אום—, אור—, וויצע—, עלטער—, שטיפ— א״אַ. זיי שטייען אויפן גרענעץ פון צונויפזאַצן.

אין זעלטענע פאַלן האָט איין וואָרט צוויי גלייך שטאַרקע אַקצענטן: ווערטער מיטן סופיקס —ערהייט (געזונטערהייט), פּאַרטיציפּן א״אַ. מיטן פּרעפיקס אום— (אומגעוואַשן, אוממעגלעך) א״אַ.

אין אַ צונויפגעזעצטן וואָרט קומט דער אַקצענט דאָס רובֿ אויפן באַשטימטייל.

די וויכטיקסטע אויסנאַמען: 1) אינטערנאַציאָנאַלע צונויפזאַצן: טעלעגראַף (=„ווייטשרייבער״), פיזיאָלאָגיע (=„קערפּער-וויסנשאַפט״) אדג״ל; 2) קאָמבינירטע אַברעוויאַציעס: יידסעקציע אדג״ל.

וועןביידע באַשטאַנדטיילן זענען הויפּט-טיילן, קומט דער אַקצענט אויפן צווייטן (טאַטע-מאַמע) אָדער אויף ביידע (כּלבֿ-שבכּלבים).

דער ווערבאַלער צוגאָב האָט אויף זיך שטענדיק דעם אַקצענט.

891. באַהילפיקע ווערטער האָבן דאָס רובֿ גאָר קיין אַקצענט נישט. זיי שליסן זיך ריטמיש אָן צו די פריערדיקע אָדער צו די ווייטערדיקע ווערטער (דעריבער פאַלן נישט צוזאַמען „טאַקט״ און „וואָרט״).

892. דער אַקצענט פון וואָרט ווערט שריפטלעך נישט באַצייכנט. דאָס איז דאָס רובֿ קיין אומגליק נישט, וואָרים דער יידישער אַקצענט האָט, ווי מיר האָבן נאָר-וואָס געזען, גאַנץ פעסטע געזעצן, און ס'קומט כּמעט קיינמאָל נישט פאָר, מע זאָל קענען לייענען איין אָנשריפט מיט פאַרשידענע אַקצענטן.

קינסטלעך קען מען קעגנשטעלן אַזעלכע ווערטער ווי קולטורע״לע (אַדיעקטיוו) און קולטור'רעלע (פּאַרקלענערנאָמען).

893. דער אייינציקער פאַל, דוכט זיך, ווו די נישט-באַצייכענונג פון אַקצענט פירט אָפּטמאָל צו צווייטייטיקייטן אָדער יעדנפאַלס פאַרשווערט דאָס לייענען, איז דער פאַל, ווען אַ ווערבאַלער צוגאָב איז פאָנעטיש ענלעך צו אַ פּרעפּאָזיציע („אונטער, מיט״ א״אַ). אַזאַ פראַזע, ווי „דער קאַפּיטאַליזם וואַקסט איבער זיינע גרענעצן״ („שטערן״) קען מען לייענען צווייערלייִק:

1) דער קאַפּיטאַליזם | וואַקסט | איבער זיינע | גרענעצן („איבער"— פּרעפּאָזיציע).

2) דער קאַפּיטאַליזם | וואַקסטיבער | זיינע גרענעצן („איבער" — ווערבאַלער צוגאָב).

אויסמיידן די דאָזיקע צווייטייטיקייט קען מען אמאָל דורך דעם, וואָס מע זאָל דעם ווערבאַלן צוגאָב פאַרבינדן מיטן שכנישן ווערב דורך א בינדשטריך („דער קאפּיטאַליזם וואַקסט-איבער"). אַזוי איז מען זיך נוהג אין פּוילן. אָבער דאָס גילט נאָר, ווען דער ווערבאַלער צוגאָב שטייט בשכנות מיטן ווערב. דער ראַציאָנאַלסטער מיטל וואָלט, פאַרשטייט זיך, געווען באַצייכענען אין אַזעלכע פאַלן דעם אַקצענט.

## 3. קלאַנג, בוכשטאַב

894. פאָנעטישער עלעמענט פון רייד איז קלאַנג; גראַפיש אַנטשפּרעכט אים בוכשטאַב.

895. שפּראַך-קלאַנגען טיילט מען אויף וואָקאַלן און קאָנסאָנאַנטן: די ערשטע ווערן אַרויסגערעדט מיט אַ געעפנטן מויל, די צווייטע מיט אַ האַלב-געעפנטן אָדער פאַרמאַכטן מויל. די קאָנסאָנאַנטן קלאַסיפיצירט מען נאָך אַזוי:

| | | ליפּנדיקע | | צונג-גומען-קלאַנגען | | | קיילקלאַנגען (געגאָרגלטע) | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | ביידע-ליפּנדיקע | ליפּנ-צאָניקע | צאָניקע | | צונגרוקן-קלאַנגען | | |
| I מאָמענטקלאַנגען | אויפּרייסיקע | פּ | | ט | | ק | | דומפּע |
| | | ב | | ד | | ג | | הילכיקע |
| | אַפריקאַטן (צונויפגע-זעצטע) | | | צ | טש | | | דומפּע |
| | | | | דז | דזש | | | הילכיקע |
| דויערקלאַנגען | רייביקע | | פֿ | ס | ש | | כ | דומפּע |
| | | | וו | ז | זש | י (j) | ה | הילכיקע |
| | סאָנאַנטן | מ | | נ | | | | |
| | | | | ל | | | ר | |

896. פאַראַן נאָך ווייכע (פּאַלאַטאַליזירטע) קאָנסאָנאַנטן, ווי אין „ליאַלקע", „גאָטעניו".

דער קלאַנג j (ים, יאָר, מאַי, בוי) הייסט יאָט.

897. צווישן וואָקאַלן דאַרף מען דערמאָנען „אומבאַשטימטע וואָקאַלן", ד. ה. נישט אַ, אָ, ע, י, ו; זיי קומען פאָר אָפט (שטענדיק נישט אַקצענטירט), אָבער ווערן באַצייכנט מיט איינער פון די אותיות פאַר „באַשטימטע" וואָקאַלן, דאָס רוב מיט ע.

898. די קלאַנגען-גרופּעס יי (עי), יי (אַי), וי (אָי) רופט מען דיפטאָנגען.

899. די קלאַנגען פון דער שפראך זענען פיל פארשידנארטיקער איידער די פאר צענדליק אותיות פון אלף-בית. באצייכנען פינקטלעך די קלאנגען איז אין דער געוויינלעכער שריפט אוממעגלעך. אַחוץ דעם איז אוממעגלעך צו אנאליזירן די רייד (סיי אייגענע, סיי עמעצנס) אָן ספּעציעלע אפאראטן. דאָס איז די ערשטע סיבה, פארוואָס ס'קען נישט זיין קיין פולשטענדיק פאָנעטישע שריפט (שרייבן ווי מע רעדט).

900. די יידישע שפראַך שטעלט-פאָר, ווי אַנדערע שפראַכן, פאַר שידענע דיאַלעקטן. די דיאַלעקטן שיידן זיך אונטער סיי אין פאָנעטיק, סיי אין לעקסיק, סיי אין גראַמאַטיק (אויב נישט רעכענען יענע פאַר שידנקייטן, וואָס שטאַמען פון פאָנעטישע פאַרשידנקייטן, איז דער אונטערשייד אין גראַמאַטיק אפשר דער סאַמע קלענסטער).

901. די שריפט איז פרינציפּיעל (איגנאָרירנדיק פאַקטישע אָפּנייגונגען) איינע פאַר אַלע דיאַלעקטן („אונטערדיאַלעקטישער פרינציפּ פון שריפט"). אויף וויפל מיר ווילן נישט, ס'זאָל זיין אַזוי פיל באַזונדערע אויסלייגן, וויפל דיאַלעקטן — איז דאָס איינע פון די סיבות, פאַרוואָס ס'קען נישט זיין קיין פאָנעטישע שריפט.

902. מע קען רעדן וועגן א פיקטיווער „איינהייטלעכער ליטעראַרישער אויססראַך", אנגעמאָסטן לויט דער שריפט. דהיינו, די „אַנטשפּרעכונגען-סיסטעם" ליטוו. o — אוקר. u — פּויליש u קען מען קאָנווענציאָנעל רופן „ליטעראַרישער o" (ווייל זי ווערט באַצייכנט אין אונזער היינטיקער שריפט „אָ"); די אַנטשפּרעכונגען-סיסטעם „ליטוויש ej—אוקר. oj — פּויל. oj" קען מען רופן „ליטעראַרישער oj" (אָרטאָגר. „וי"). א אז"וו. אויף דעם וועג האָב איך זיך געשטעלט אין דער גראַמאַטיק, רעדנדיק אַשטייגער וועגן וואָקאַלישן איבערבייט אין „ברודער—ברידער"

ארג"ל. אנישט האַלטן מיר געמוזט בויען פּאַראַלעל גראַמאַטיקעס פון פאַרשידענע דיאַלעקטן.

903. אין יעדן טראַף קומט געוויינלעך פּאָר אַ וואָקאַל. פאַראַן אָבער טראַפן אָן וואָקאַלן—דאָס זענען טראַפן, וואָס אַנטהאַלטן ל, נ (זעלטענער מ, ר), וואָס זענען אַליין בכוח צו בילדן אַ טראַף, צ.ב. „פוי—גל, ווי—סן, האָ—במ" (שרייבט זיך „האָבן"). אַזאַ ל, נ הייסט טראַפּיקער.

ביישפּילן פון טראַפּיקע קאָנסאָנאַנטן: לאַכן, שפּילן; לאַכנדיק, שפּילנדיק; געטראָפן, געשוויגן; טישן, מענטשן; אַברהם-בערן, ראַבי-נאָוויטשן; דעם גוטן; זילבערן געפעס; פופצן; רעכן; חזן;

בענקל, געסל; איידל, שליסל; וואָלקנדל, געגנטן, באַרעכנטן.

904. טראַפּיקע קאָנסאָנאַנטן קומען-פּאָר אָפטער טראַף-אויס (אין סוף טראַף), אָבער אויך טראַף-אין (אין מיטן טראַף): „גערעכנט, דעם מענטשנס, דעם גוטנס".

905. פּאַר אַ וואָקאַל איז ל, נ קיינמאָל נישט טראַפּיק.

אויסנאַמען: צונויפזאַצן („אייגן-אַרטיק", „שטערן-נאַכט", רייענט זיך. „שטערן-אַכט"), באַגעגעניש פון ווערטער („לויפן אהין", „לויפן נאָך אים").

דעריבער איז, ווען צו אַ וואָרט מיט טראַפּיקע ל, נ קומט צו אַ סופיקס, וואָס הייבט זיך אָן מיט אַ וואָקאַל, פאַרלירן ל, נ זייער טראַפּיקייט (האַנדל — האַנדלען, זילבערן געפעס — זילבערנער גאָפּל). אָפטמאָל קומט אין אַזאַ פאַל פאַרן ל, נ דער קלאַנג ע, וועלכן מע קען רופן „קאָמפּענסיר־עין", צ.ב.:

1) אינפיניטיוו, ערשטע—דריטע פּערזאָן מערצאָל, גערונדיום, ביי טראַפּיקן נ: רעכן—רעכענען, מיר רעכענען, זיי רעכענען (אויסנאַמען: דאַווגען, לערנען); אָבער ביי טראַפּיקן ל קומט דער קאָמפּענסיר-ע נישט: האַנדל—האַנדלען, מיר האַנדלען, האַנדלענדיק (נישט „האַנדעלען, האַנדעלענדיק").

2) אַדיעקטיוו-דעקלינאַציע און בילדונג פון קאָמפּאַראַטיוו, ביי טראַפּיקע נ, ל: געראָטן — אַ געראָטענער, אַ געראָטענעם, ער איז געראָטענער פון דיר, איידל—אַן איידעלער, אַן איידעלע, נאָך איידעלער. אויסנאַם — אייניקע אַדיעקטיוון מיטן סופיקס —נ פון שטאָפנעמען: זילבערן — אַ זילבערנער, נישט „זילבערענער", אָבער „זיידענער", נישט „זיידנער".

3) פאַרקלענער-נעמען פון סובסטאַנטיוון מיט —ל: שליסל—שליסעלע, בענקל—בענקעלע.

4) סובסטאַנטיוון מיט — ונג, געבילדעט פון אַ טעמע מיט טראַפּיקן נ: רעכן—רעכענונג, אָרדן—אָרדענונג, אָבער האַנדל—האַנדלונג.

5) דרייצן—דרייצענער אאז"וו.

א אינטערעסאַנטער פאַל פון אָפּוועזנהייט פון קאָמפּענסיר-ע איז „גוטנאָוונט" (נאָרמאַל וואָלט געווען „גוטן-אָוונט" אָדער ווי „אייגן-אַרטיק" אָדער „גוטענאָוונט" ווי „רעכענען").

906. פאַר גראַמאַטיק זענען וויכטיק די כּללים וועגן טראַפּיקייט פון נ, ד.ה. ווען איז נ דווקא טראַפּיק און ווען דווקא נישט-טראַפּיק (קאָנסאָנאַנטיש). דאָס איז וויכטיק דערפאַר, וואָס טראַפּיקער נ קומט אָפט אַלס סופיקס, און ווען ער קען נישט זיין טראַפּיק, ווערט ער פאַרביטן אויף —ען, —ן (קאָנסאָנאַנטישן), —עם.

907. די דאָזיקע טאַבעלע ווייזט, ווען ווי עס ווערט פאַרביטן דער סופיקס טראַפּיקער נ:

| | 1 | 2 | 3 |
|---|---|---|---|
| נאָך אַקצענטירטן וואָקאַל | ען | ען | ען |
| נאָך יאָט, נ | ען | עם | ען |
| נאָך מ, טראַפּיקן ל | ען | ן | ען |
| נאָך נג, נק | ען | ן | ן |
| נאָך נישט-אַקצענטירטן וואָקאַל | ן | ן (?) | ן |

די ציפערן 1, 2, 3 באַטייטן:

1) טראַפּיקער נ אַלס אינפיניטיוו-סופיקס, אַלס סופיקס פון ערשטער-דריטער פּערזאָן מערצאָל, אַלס פּאַרטיציפּ-סופיקס (אויך —נדיק אַלס גערונדיום-סופיקס), אַלס מערצאָל-סופיקס ביי סובסטאַנטיוון, אַלס וואָרטבילדונג-סופיקס ביי אַדיעקטיוון פון שטאָפנעמען.

2) טראַפּיקער נ אַלס אַקוזאַטיוו-דאַטיוו-סופיקס אין ערשטן מין און דאַטיוו-סופיקס אין דריטן מין פון אַדיעקטיוון.

3) טראַפּיקער נ אַלס אַקוזאַטיוו-דאַטיוו-סופיקס ביי דעקלינירלעכע סובסטאַנטיוון.

טראַפּיקער נ, אַלס סופיקס פון ווייבלעכע נעמען, קומט, דאַכט זיך, קיינמאָל נישט אין אַזעלכע ווערטער, וווּ ער וואָלט נישט געקענט זיין טראַפּיק.

908. ביישפילן:

1) נאָך אַן אַקצענטירטן וואָקאַל: בלי — בליען, רו — רוען, ביורא—ביוראָען.

נאָך יאָט (דיפטאָנג): בוי—בויען, גיי—גייען, (אויסנאַם — אינפיניטיוון „גיין, זיין"), אַרמיי—אַרמייען.

נאָך נ (קאָנסאָנאַנטישן): מאַן—מאָנען, זון—זונען, צין—צינענער.

נאָך טראַפּיקן נ (דערביי קומט אַ קאָמפּענסיר ·ע): רעכן—רעכענען.

נאָך מ: קום—קומען, ים—ימען.

נאָך טראַפּיקן ל (קיין קאָמפּענסיר ·ע קומט נישט): האַנדל — האַנדלען, הימל—הימלען.

נאָך נג, נק: טרינק—טרינקען, קלאַנג—קלאַנגען.

נאָך טראַפּיקן ר—בלויז אין די נישט-יידישלעכע מערצאָל-פאָרמעס „טעאַטרען, צענטרען" אדג"ל (פון „טעאַטר" אדג"ל): יידישלעכער—איינצאָל „טעאַטער", מיט נישט-טראַפּיקן ר, מערצאָל שוין ממילא „טעאַטערס".

נאָך נישט-אַקצענטירטן וואָקאַל: האָרעווע—האָרעווען, האָרעוועדיק; עכאָן (אַלס אינפיניטיוו—ביי נאַדירן).

2) גראָ — דעם גראָען (?); דעם נייעם, שיינעם, גאָלדענעם, קרומען, איידעלן, יונגן, קראַנקן, כיטרען (?).

3) רוסאָ—רוסאָען, טאָלסטוי—טאָלסטויען, האָפּשטיינען, אַהרנען, מנחמען, בערלען, שעלינגן, מאַשאַן.

די דריטע גרופּע (דעקלינאַציע פון סובסטאַנטיוון) איז אין אַלץ ענלעך צו דער ערשטער, אַחוץ דעם פאַל מיט נג, נק, וווּ זי איז ענלעך צו דער צווייטער, ד.ה., ווו ס'בלייבט טראַפּיקער נ: „צו יונגן" (פון אַ פּערזאָן-נאָמען „יונג"), „וועגן שעלינגן".

טראַפּיקער ן נאָך אַ נישט-אַקצענטירטן וואָקאַל ווערט פאַרביטן אויף ן (קאָנסאָנאַנטישן). דאָס קומט פאָר, ווען די ווערב-טעמע אָדער דער פּערזאָן-נאָמען לאָזן זיך אויס מיט ע (זעלטן אַן אַנדער וואָקאַל).

909. אין די ווערטער „פירען, פינפען..." איז דער ן נישט טראַפּיק.

910. טראַפּיקער ם קומט פאָר 1) אַלס פּראָדוקט פון אַסימילאַציע

פון טראַפיקן ן: האָבם, באַפּם, 2) אין פרעמדשפּראַכיקע סופיקסן: קאָמוניזם (ווערט אָפּט אַרויסגערעדט פאַרייִדישט „קאָמוניזעם, קאָמוניזום"). מע באַנוצט אָפּטמאָל „פאָרם" (מערצ. „פאָרמען"), יידישלעכער: פאָרמע— פאָרמעס.

טראַפיקער ר קומט פאָר אין נישט פאַרייִדישטע פרעמדווערטער: „גלאָזפראָפּאָבר" (ווערט אָפּט אַרויסגערעדט פאַריידישט „גלאָזפּראָפּאָבער"); אָבער אָנשטאָט „טעאַטר, מעטר, צענטר" אדג"ל בעסער — „טעאַטער, מ ע ט ער צענטער".

## 4. געגנזייטיקע ווירקונג פון קאָנסאָנאַנטן

911. ווען ס'קומען בשכנות אַ הילכיקער און אַ דומפּער קאָנסאָנאַנט, ווערט דער הילכיקער אויך דומפּ, אָדער, פאַרקערט, דער דומפּער ווערט הילכיק. אַזאַ ווירקונג פון איין קלאַנג אויפן צווייטן הייסט אַסימילאַציע (פאַרענלעכונג). דאָס רוב ווירקט דער צווייטער קאָנסאָנאַנט אויפן ערשטן, זעלטענער פאַרקערט. ביישפּ.: זאָג+ט=zokt· זאָג+שוין= zokśojn·

פאַר וו, ווי אויך פאַר י, ל, מ, נ, ר, קומט קיין אַסימילאַציע נישט פאָר: אַנטוואָפענען, נישט andvofenen.

912. אַחוץ דער דאָזיקער טיילווייזער אַסימילאַציע עקזיסטירט נאָך אַ פולע אַסימילאַציע. ווען ס'טרעפן זיך אַ דומפּער און אַ הילכיקער קאָנסאָנאַנט פונעם זעלביקן סאָרט (ד.ה. וואָס שיידן זיך אונטער טאַקע נאָר מיט דער הילכיקייט, צ.ב. ד+ט, פּ+ב אדג"ל), דעמאָלט גיסן זיך ביידע קלאַנגען צונויף אין איינעם: רעד+ט= ret, אָפּ+בעטן = obetn.

פון אַסימילאַציע דאַרף מען אָפּשיידן פּשוטן צונויפגוס פון אַלצאיינע קאָנסאָנאַנטן: דער+רייכער=derajxer, טראַכט+ט=traxt.

מע דאַרף נאָך אָנמערקן אַ צונויפגוס פון ט+ס (אָדער ד+ס), ט+צ (ד+צ), צ+ס (צ+ז) אין צ *).

913. פאַראַן נאָך אַסימילאַציע פון ס מיט ש (פולע), נ מיט מ (פולע), נ מיט ב, פּ (טיילווייזע — דער נ ווערט מ).

914. קלאַסיפיצירן די פאַרשידענע פאַלן דאַרף מען אין צוויי

---

*) כ'שטעל זיך נישט אָפּ אויף אַנאַלאָגישע דערשיינונגען מיט ć—dź, ווייל זיי שטעלן קיין אָרטאָגראַפישן אינטערעס נישט פאָר.

ריכֿטונגען: לויט דעם, וואָס עס אַסימילירט זיך, און לויט דעם, ווי עס אַסימילירט זיך (צווישן ווערטער, צווישן אַפיקס און וואָרצל, א״אַ). אַזוי באַקומט זיך אַ טאַבעלע. (ז׳ זייט 296 — 299) (ווערטער מיטן צייכֿן * באַטייטן נישט-אָנגענומענע אויסלייגן).

915. אין שריפט איז אָנגענומען דער מאָרפאָלאָגישער פּרינציפּ. ער באַשטייט אין דעם, וואָס קלאַנגען-אַסימיליאַציע (און קלאַנגען-צונויפזאַץ) ווערן אין דער שריפט נישט אָפּגעשפּיגלט. מע שרייבט: דער רבי, וואָס זאָגסטו, באַנקקרייזן, באָדצימער, עסשיסל, אויסזאָגן, געלעבט אַז״וו (מאָרפאָלאָגיש), נישט (ווי ס׳וואָלט געווען פאָנעטיש): דע רבּי, וואָ זאָקסטו, באַנקרייזן, באָצימער, עשיסל, אויזאָגן, געלעפּט אאַז״וו.

916. אויסנאַמען:

1) די רובריקעס E1 שרייבט מען פאָנעטיש; אָבער נעאָלאָגיזמען (ווי „אידעאַללאָז״) וועט מען גיכֿער שרייבן מאָרפאָלאָגיש.

2) די רובריקעס C1 און D1 שרייבט מען אין ראַטן-פאַרבאַנד פאָנעטיש, אין אויסלאַנד—מאָרפאָלאָגיש.

3) אין דער רובריק E3 שרייבט מען: דו בלאָזט, ברויזט, ווייזט, לאָזט, מוזט אאַז״וו (ס׳איז נישט מאָרפאָלאָגיש, נישט פאָנעטיש).

917. אייניקע ווערבן מיט —ט פאַרלירן דעם ט אין צווייטער פערזאָן געגנוואַרט: דו אַבסט (איך אַכֿט), האַלסט(?), וואָלסט, טראַכֿסט, כֿאָלסטו (כֿיי וואָלסטו, האָלסטו), פלעכֿסט(?), ריכֿסט-אָפּ א״אַ, אָבער: דו בייטסט, בעטסט, גלעטסט, א״אַ אויסלייג פאָנעטיש.

די זעלביקע דערשיינונג קומט-פאָר אָפט אין סופּערלאַטיוו: דער פאַרביטערסטער (מאָרפ. „פאַרביטערטסטער״), דער געשיקסטער (מאָרפ. „געשיקטסטער״), געבענטשסטער. ביידע דערשיינונגען זענען אינדיווידועל.

חען איינער שרייבט „פארביטערטסטער״, איז א זייטיקן שווער צו זאָגן, צי איז עס אויסגעלייגט פאָנעטיש, צי מאָרפאָלאָגיש, ווייל מע ווייסט נישט, צי דער שרייבער רעדט-ארויס „פארביטערסטער״ צי „פארביטערצטער״.

918. ביי דער באַגעגעניש פון —סט מיט —סט אין צווייטער פערזאָן געגנוואַרט ווערט איין —סט פאַרלאָרן: דו גלוסט, הוסט, מעסט, פאַסט, קאָסט.

צי קומט-פאָר דאָס אייגענע ביים סופערלאטיוו? מע שרייבט: „דער

באַווּסטסטער, דער ערנסטסטער"—ווי זאָגט מען עס? אין דער לעבעדיקער שפּראַך ווערן אַזעלכע פאָרמעס ווייזט-אויס גאָר אויסגעמיטן.

919. קורציזיכטיק (פאָנ. „קורזיכטיק"), נישקשה (מאָרפ. „נישטקשה"), דורכגעפירט (פאָנ. אָפּט דורגעפירט).

קלענסטער (פאָנ. אָפּטמאָל „קלענצטער").

איך וויל, אַז דו זאָלסט... (פאָנ. אָפּטמאָל „אדוזאָלסט").

920. אַמאָל קומט צווישן קאָנסאָנאַנטן, וואָס וואָלטן זיך אַסימילירט, אַן ע, וועלכע מאַכט די אַסימילאַציע אוממעגלעך: „ער בילדעט, דו בילדעסט" (איבעריקנס, אויך „איך בילדע"), ער לאַדעט איין, ער גרינדעט, ער פאַרוואַלטעט א"אַ, געבילדעט, געגרינדעט; דער קירצעסטער וועג, דער מינדעסטער. אַזעלכע פאָרמעס זענען דאָס רוב נישט יידישלעך און פאַרשווינדן מיט דער צייט. נאָר יענע פון זיי, וואָס דינען צום אונטערשיידן פון האָמאָנימען („ער בילדעט — ער בילט, ער גרינדעט—ער גרינט") האָבן שאַנסן צו פאַרבלייבן אין דער שפּראַך.

דער ע איז דאָ נישט אַ „מיטל קעגן אסימילאציע פון קלאנגען", נאָר אַ ווירקונג פון דייטש.

921. עטלעכע צווייטייטיקייטן (האָמאָנימען און האָמאָנימישע פאָרמעס), וואָס שטאַמען פון קלאַנגען-אַסימילאַציע:

1) דו עסט—ער עסט, דו זיצט—ער זיצט, דו לאָזט—ער לאָזט, דו vašt—ער וואַשט, איך טראַכט—ער טראַכט, איך מעסט—דו מעסט—ער מעסט.

2) דו גיסט (פון „גיסן" און „געבן"), דו היצט זיך — היטסט זיך, דו זיצט—זידסט, דו פליסט (פון „פליסן" און „פליען"), דו שאַצט—שאַטסט, דו שפייסט—שפייזט, ער ליידט—לייט, ער נייט (פון „נייטן" און „נייען").

פאָלקסשפּאַס: „גאַנץ גוט. — גאַנדז גוט, קאַטשקע נאָך בעסער".

922. גאָר אַן אַנדער קאַטעגאָריע דערשיינונגען זענען אַזעלכע, ווי „שנייד—שניט, געשניטן" (אַנטשפּרעכונג פון ד—ט), זיץ—געזעסן, שלאָג—שלאַכט, שרייב—שריפט, גרונט—גרינדן, פריינט — באַפריינדן, פאָלק (פאָנ. „פאָלג")—פעלקער. דאָס איז „אינווייניקסטע בייגונג".

דער אויסלייג איז אַ פאָנעטישער. „פאָלק" שרייבט מען נישט-פאָנעטיש.

| 3 פולע אַסימי־ליאַציע לויט הילכיקייט | 2 צונויפגוס: ט+ס, ד+ס, צ+ס, ט+צ | 1 צונויפגוס פון אַלצאיינע קאָנסאָנאַנטן | | |
|---|---|---|---|---|
| וואָס זאָגסטו, מיט דיר | מיט ציינער, אחוץ סימן, מיט סימן, זעט זיך | דער רבי, לאָז זיין, מירן נעמען | צווישן ווערטער | A |
| איניציאַטיוו־פול, אַלט־דייטש, טרינק־געלט, ליידיק־גייער (פאַרגעסענע צונויפזאַצן: גייסטו, נישטאָ) | באָדצימער, ברויטצינז, הויפטסימן | באַנקקרייזן, גראָזזייוונג, הויפטטייל, זומעררעגן (פאַרגעסענע צונויפזאַצן: אוירינגל, אָרימאַן) | צווישן באַשטאַנדטייל פון אַ צונויפזאַץ | B |
| אויסזאָגן | מיטציען | אָנעמען (*אָננעמען), אויפאָרן זיך, אָפּטרן | צווישן ווערבאַלן צוגאָב און טעמע | C |
| אָנטדעקן | | דערעדן זיך, פאַרעבענען | צווישן פּרעפיקס און טעמע | D |
| ער רעדט, גערעדט, דו בלאָזט (*בלאָזסט) | דו זיצסט, דו בעטסט | דו עסט (*עססט) ער טראַכט (*טראַכטט) | ווערב | E צווישן טעמע און סופיקס |

| 4<br>אסימיליאַציע<br>ס+ש, ש+ס | 5<br>אסימיליאַציע<br>נ+מ | 6<br>טיילווייזע אסי-<br>מיליאַציע לויט<br>הילכיקייט | 7<br>אסימיליאַציע<br>נ+ב, פּ,<br>ב, פּ+נ |
|---|---|---|---|
| וואָס שבת איז,<br>וואָס זשע | איין מינוט<br>(אין מיין<br>דיאַלעקט<br>(ej minut | זאָג טאַקע, אַז<br>קיין באַריכט,<br>הונדערט זעקס | אין באָן,<br>און פּאָטער |
| עסשיסל | | אלף-בית,<br>אַלצדינג,<br>פעסטגע-<br>שטעלט (אין<br>מיין דיאַלעקט<br>(fezgiśtelt | באַנבאַמטער |
| אויסשעפּן | אָנמערקן (אין<br>מיין דיאַלעקט<br>(omerkn | אויסגיין,<br>אַנטזאָגן | איינבעטן (אין<br>מיין דיאַלעקט<br>,(ajmbetn<br>אָנבאַלאַנגען |
| | | | |
| דו וואַשסט,<br>דו פּאַטשסט | | ער לעבט,<br>געלעבט | שרייבן,<br>געשריבן |

| | | 1<br>צונויפגוס פון אלצאיינע קאָנסאָנאַנטן | 2<br>צונויפגוס: ט+ס, ד+ס, צ+ס, ט+צ | 3<br>פולע אסימי־ליאַציע לויט הילכיקייט |
|---|---|---|---|---|
| E צווישן טעמע און סופיקס | אַדיעקטיוו | דער ווייס־טער, א קליידל א ווייס | דער שטאָלצ־סטער, דער עלטסטער, א קינד א שטאָלצס, א גוטס | דער בייז־סטער, א קינד א בייזס |
| | פּאָסעסיוו | דעם בעל־נס' (*בעל־נסס) מארקס' און ענגעלסעם | קאצס, גאָטס | קרעזס, דער מויזס |
| | אַנדערע | הייליקייט (*הייליקקייט) אידעאַללאָז | | גרינגקייט, אָונטדיק |
| F צווישן טעמע און פאַרבינדקלאַנג | | | אינהאלטסרייך | |
| G באַגעגעניש פון קאָנ־סאָנאַנטן ביי אַרויס־פאַל פון וואָקאַל | | | | |

| 4<br>אסימיליאציע<br>ס+ש, ש+ס | 5<br>אסימיליאציע<br>נ+מ | 6<br>טיילווייזע אסי־<br>מיליאציע לויט<br>הילביקייט | 7<br>אסימיליאַציע<br>נ+ב, פ,<br>ב, פ+נ |
|---|---|---|---|
| דער נאריש־<br>סטער, אַ קינד<br>אַ נארישס | | דער קליג־<br>סטער, אַ קינד<br>אַ קלוגס | |
| אשס,<br>אילייטשס | | ליטוואקאָווס | |
| | | אויפמערקזאַם,<br>חווקע | לאָמפּן |
| | | צוגרייטונגס־<br>קורס | לייענבאר |
| | | זקנים, שדכן,<br>וצדקתך,<br>זכיה (פרגל'<br>זקן, שירוך,<br>צדיק, זוכה) | |

## 5. באַזונדערהייטן אין וואָקאַליזם

923. איינער פון די מיטלען פון פאָרמע-בילדונג איז אינווייניקסטע בייגונג, ד.ה. ווען דער זעלביקער וואָרצל קומט אין איין וואָרט מיט איין קלאַנג, אין אַ צווייטן — מיט אַן אַנדערן. דהיינו אין „שנייד—שניט" האָבן מיר אַנטשפּרעכונג צווישן יי און י, און אויך צווישן ד און ט. אינווייניקסטע בייגונג קומט פאַר אָפטער בנוגע וואָקאַלן (כּמעט שטענדיק אַקצענטירטע), זי איז גאַנץ פאַרשידנאַרטיק, צ.ב.:

יי—י: שנייד-שניט.

י—ו: זינגען-געזונגען, בּיכער-בוך.

אָ—ע: באַרג-בערג.

א"אַ.

924. פון די אַלע פאַרשידנאַרטיקע פאַלן דאַרף מען אָנמערקן באַזונדער איין גרופּע, וואָס איז עטלעכע מאָל דערמאָנט געוואָרן אין גרונטקורס — דאָס איז וואָקאַלישער איבערבייט („אומלויט"), וואָס באַשטייט אין די דאָזיקע אַנטשפּרעכונגען:

אַ—ע

אָ—ע

ו—י

וי—יי (ווען דער וי איז אין ליטווישן דיאַלעקט ej)

וי—ײַ (ווען דער וי איז אין ליטווישן דיאַלעקט oj)

ס'קומען פאָר אויך אַנדערע איבערבייטן, צ.ב. צאָן-ציין.

925. וואָקאַלישער איבערבייט קומט פאָר ביי בילדונג פון אייניקע סובסטאַנטיוון, אַדיעקטיוון, ווערבן, ביי בילדונג פון מערצאָל, פון פאַרקלענער-נעמען, פון קאָמפּאַראַטיוון און סופּערלאַטיוון.

926. ס'קומט אויס אַמאָל צו הערן אַ פאָרמולירונג: „אַ נישט-אַקצענטירטער וואָקאַל ווערט פאַרטונקלט". ס'איז נישט גענוי — אויב אויפנעמען דאָס, אַשטייגער, ווי דעם כּלל „אַ הילכיקער קאָנסאָנאַנט פאַר אַ דומפן ווערט דומפּ". דער פּרינציפּיעלער אונטערשייד צווישן די צוויי כּללים איז, וואָס די „פאַרוואַנדלונג" (פאַרבייט) פון אַ הילכיקן אין אַ דומפן קענען מיר שטענדיק זען, ווען מיר ווילן נאָר: אָט איז „שרייב"— מיט b, און אָט איז „שרייפּט"—מיט p, ביידע פאָרמעס לעבן אין דער שפּראַך איינצייטיק. דאָס אייגענע איז שייך צו דער ווירקונג פון אַקצענט

אויפן האָקאַל—אין רוסיש, װו דער אַקצענט איז פריי: אָט איז окно אוןאָט איז бкна. אין יידיש אָבער האָט דער אַקצענט גאַנץ פעסטע געזעצן: אויב אין „באַקומען" איז „באַ-" אָן אַן אַקצענט. איז נישטאָ קיין אייןאַנדער װאָרט, װו „באַ-" זאָל זיין אַקצענטירט; אויב אין „פיסלעך" איז „-עך" אָן אַן אַקצענט, איז עס אין אַלע װערטער אָן אַן אַקצענט. װוזשע איז דאָ פאַרטונקלונג פון װאָקאַל אונטערן װירקונג פון אַקצענט־לאָזיקייט? זי קען זיך אַרויסװייזן נאָר ביי געשיכטלעך־פאַרגליי־כיקער דערלערנונג פון דער שפּראַך, און נישט ביי דערלערנונג פון היינטיקן יידיש אָן פאַרגלייך מיט קרובהשע שפּראַכן. דעריבער דאַרפן אין אַן עלעמענטאַרן קורס (און בפרט אין דער שול) די פּרעפיקסן אַנט-, באַ-, פאַר- אאַז"װ, די סופיקסן -עך א"אַ פון שטאַנד־פונקט פון װאָקאַל־פאַרטונקלונג נישט באַטראַכט װערן. זיי קענען דער־לערנט װערן נאָר אין אָרטאָגראַפישן אַספּעקט, און באַטראַכט װערן אַלס „ספקדיקע" אותיות. אָבער דעמאָלט איז נישטאָ קיין פּרינציפּיעלער חילוק צװישן ספקדיקע נישט־אַקצענטירטע און ספקדיקע אַקצענטירטע װאָקאַלן: אויב איינער ספקט זיך צו שרייבן „פיסלעך" אָדער „פיסלאַך" (װייל זיין אייגענער אויסשפּראַך איז נעענטער צו דער אָדער יענער פאָרמע), איז עס די זעלביקע דערשיינונג (אָרטאָגראַפיש), װי אַז מע ספקט זיך „זאָגן" אָדער „זוגן", „נעמען" צי „ניימען". אַנדערש גערעדט, דער אויסלייג „פיסלעך" (נישט „פיסלאַך") דאַרף באַטראַכט װערן אַלס אַרויסװייז פונעם אונטערדיאַלעקטישן פּרינציפּ פון אויסלייג.

927. אָט איז אַ צעטל באַהילפיקע מאָרפעמעס (פּרעפיקסן, סופיקסן, הילפװערטער), װאָס אַנטהאַלטן אַ נישט־אַקצענטירטן װאָקאַל און װאָס פאַרשװעריקן אַמאָל אין אויסלייג:

**פּרעפיקסן:**

אַ- (אַהיים, אַמאָל)
אָ(ט)- (אָט דער=אָ-דער)
אַנט- (אַנטלויפן)
באַ- (928)
ב- (928)
גע- (גענומען, געזאַנג, געביידע)
דע-, דעז- (דענאַציאָנאַליזירט, דעזינפיצירן)
ז- (דוד המלך, אַ שיכור הגדול)
- (ששון ושמחה) —

ל· (למשל, לכּבוד)
מ· (מצד, מכּוח)
צע· (929)
רע· (רעאָרגאַניזירן)
שב· (כּלב שבכּלבים)

### סופיקסן:

·אַטאָר (קאָאָפּעראַטאָר, מע שרייבט אַמאָל ·אַטער)
·דיק (רעגנדיק, פייערדיק)
·הייט (מערהייט)
·ונג (קליידונג)
·וואַרג (אַלטוואַרג)
·ווייז (מחנותווייז)
·טע (חברטע)
·טשיק (פיינטשיק)
·יטשקער (פייניטשקער)
·ים אַלס מערצאָל·סימן (שבתים, מלמדים)
·ינק (שיינינקער, שלאָפינקען)
·יק (קרעפּטיק, ענדיקן, לאָגיק)
·יש (יידיש)
·לעך (גליקלעך)
·ניק (ישובניק)
·סטו (גייסטו, וועסטו גיין)
·עוואַטע (תמעוואַטע)
·עוודיק (שעמעוודיק)
·עיש (אייראָפּעיש, נערוועיש, אָדער אייראָפּעא׳ש, נערוועאיש)
·עך (טישלעך)
·עכץ (טועכץ)
·עלע (טישעלע)
·ען (צווייען, פירען)
·עניו (טאַטעניו)
·(ע)ניש (באַגעגעניש, פינצטערניש)
·עשי (זיידעשי)
·קייט (רייכקייט)
·שאַפט (קלוגשאַפט)

## הילפווערטער:

אַ (אַ מענטש)
אַן (אַן עפּל)
אַף=אויף, אַפן=אויפן
באַ=ביי (928)
בעת
זיך (זיך וואַשן, עס רעדט זיך)
ני(ש)ט
על-פּי (על-פּי שכל)
פאַ(פו)נאַנדער
צו (929)
צי (929)

928. ווערבאַלער פּרעפיקס איז באַ- (נעמען, באַנומען), פּרעפּאָזיציע איז באַ אָדער ביי (באַ מיר, ביי מיר, באַם טיש,ביים טיש, ביין טיש). די פּרעפּאָזיציע קומט אַמאָל אַלס טייל פון אַן אינוואַריאַנט: באַטאָג-בייטאָג, באַנאַכט-ביינאַכט. דער העבר. פּרעפיקס ב (=„מיט, אין" אדג"ל) קומט קיינמאָל נישט אַלס באַזונדער וואָרט („במקום, בשלום, בנאַטור").

929. וועגן „צו, צע, צי" הערשט אַ שטיקל פּלאָנטער. פאַראַן:

1) „צו" אַלס ווערבאַלער צוגאָב („צו'נעמען, צו'געגומען, נעמסט-צו', נעם-צו', האָט מורא צו'צונעמען"; „צו'פּלוס — נישט קיין ווערב, אָבער פון ווערב צו'פּליסן"). דער „צו" ווערט שטענדיק אַקצענטירט און קען קיינע אָרטאָגראַפישע ספקות נישט אַרויסרופן.

2) „צע"—אַלס ווערבאַלער פּרעפיקס: „צענעמען, צענומען, האָט מורא צו צענעמען"; „צעשטערונג" — נישט קיין ווערב, אָבער פון ווערב „צעשטערן". ווערט אַרויסגערעדט פאַרשידן (מע זאָגט „צונע'מען, צונו'מען" אדג"ל). שרייבט זיך „צע" — קען כמעט שטענדיק פאַרביטן ווערן אויף „פונאַנדער", — באַטייט אַ באַוועגונג אין פאַרשידענע ריכטונגען, אַנטשפּרעכט אָפּט מיט רוסישן ·pas—דאָס אַליין קען דינען פאַר אַן אָרטאָגראַפישן סימן.

3) „צו" אַלס פּאַרטיקל ביים אינפיניטיוו: „האָט מורא צו גיין, הייבט אָן צו לייענען". שרייבט זיך „צו". ווען דער אינפיניטיוו האָט אַ ווערבאַלן צוגאָב, קומט דער פּאַרטיקל צווישן צוגאָב און

אינפיניטיוו: „האָט מורא אַוועקצוגיין, הייבט אָן נאָכצולייענען". נישטאָ קיין גרונט צו שרייבן אין אַזאַ פאַל דעם פּאַרטיקל אַנדערש ווי־ אַלעמאָל. אין „האָט מורא צוצוגיין" איז דער ערשטער „צו" (אַקצענטירט) דער ווערבאַלער צוגאָב, דער צווייטער—דער אינפיניטיווישער פּאַרטיקל.

דער פּאַרטיקל קומט פאָר אויך אין די אויסדריקן „קומען צו גיין" אדג"ל.

4) „צו" אַלס פּרעפּאָזיציע: „ב'גיי צו אים, שרייבן צו שרייבן איז נישט גלייך, צו דריי צולייגן צוויי". שרייבט זיך „צו". די פּרעפּאָזיציע קען, ווי אַנדערע פּרעפּאָזיציעס, בילדן אַ טייל פון אַ צונויפזאַץ: „צולהכעיס, צוליב, צולעצט, צוערשט, צופוסנס, צופרידן, צוקאָפּנס, שבת-צו-נאַכטס" אאַז"וו. נישטאָ קיין גרונט צו ענדערן דאָ דעם אויסלייג פון דער פּרעפּאָזיציע (גרינג אונטערצושיידן די ווערטער „צוקאָפּנס" אדג"ל פון „צענעמען" אדג"ל: יענע זענען שטענדיק ווערבן אָדער ווערבאַלע ווערטער, און צע — באַטייט דאָרטן „פונאַנדער", די—שטאַמען פון סובסטאַנטיוון א"אַ און „צו"—באַטייט דאָ „צו").

5) „צו" אַלס פּאַרטיקל ביי צאָלווערטער: „צו דריי אויף אַ חלק"; אַהער געהער אויך: צוביסלעך.

6) „צי" אַלס פּרעג-פּאַרטיקל און אַלס בינדוואָרט: „צי איז ער דאָ? צי דען האָט ער עס געזאָגט? ער צי זי? קום היינט צי מאָרגן— ווען דו ווילסט".

„ער ווענדט זיך צו מיר מיט אַ פּראַגע, ווי צו שרייבן: צו'נעמען צי צענעמען". דאָ האָבן מיר (כסדר) פּרעפּאָזיציע „צו", אינפיניטיווישן פּאַרטיקל „צו", ווערבאַלן צוגאָב „צו". בינדוואָרט „צי", ווערבאַלן פּרעפיקס „צע".

930. דער איינציקער פאַל, ווען ס'מערקט זיך אין היינטיקן יידיש אַ ווירקונג פון אַקצענטלאָזיקייט אויפן וואָקאַל, דאָס איז ביי איבער־ אַקצענטירונג (דאָס רוב אין מערצאָלבילדונג): סטאָליער—סטאָליאַרעס, מיניסטער—מיניסטאָרן.

דאָ קען מען פאָרמולירן אַ כלל:

אין פאַל פון איבעראַקצענטירונג (אין מערצאָל) ווירקט נישט דער אַקצענטירטער וואָקאַל פונעם מערצאָל אויפן נישט-אַקצענטירטן וואָקאַל פון איינצאָל (ס'האַנדלט זיך וועגן אָרטאָגראַפישער ווירקונג): מיניסטער—מיניסטאָרן, דאָקטאָר—דאָקטוירים, סטאָליער—סטאָליאַרעס.

## 6. פֿאַרייִדישונג פֿון פרעמדע קלאַנגען

931. ווען אין דער שפּראַך קומען אַריין פרעמדע ווערטער ווערן זיי מיט דער צייט פֿאַרייִדישט אין אויסשפּראַך, ד.ה. די קלאַנגען, וואָס זענען אין יידיש נישטאָ, אָדער אפילו פאַראַן, נאָר אין אַן אַנדער פאָנעטישער לאַגע, ווערן פֿאַרביטן אויף אַנטשפּרעכיקע אַנדערע קלאַנגען: אָנשט. Волынь זאָגן מיר „וואָלין", אָנשט. Харьков — „כאַרקעוו" (דער קלאַנג אָ איז אין יידיש פֿאַראַן, אָבער אין לעצטן טראַף, ווען ער איז נישט אַקצענטירט, „ליידט" נישט יידיש קיין אַנדער קלאַנג אַחוץ ע), אָנשט. Троцкий — „טראָצקע", אָנשט. Москва — „מאָסקעווע".

די שריפט פֿאַרהאַלט אָפטמאָל די פֿאַריידישונג: מע שרייבט טראָצקי, טראָצקין, כאַרקאָוו. מאָסקווע (אמת, נישט „מאָסקוואַ").

932. פֿון דער אַנדערער זייט, מערקן זיך אַמאָל טענדענצן צו פֿאַרגיכערן באַוווסטזיניק די פֿאַריידישונג פֿון ווערטער. דהיינו, מע פֿאַרבייט דעם דייטשישן פּרעפיקס er— אומעטום אויף דער—(דערלויבעניש, דערפאָלג, דערשיינונג). דאָס איז, בלי-ספק, אַ פֿאַריידישונג (אַ ראַיה פֿון די אַלטגעזעסענע ווערטער „דערציילן, דערשרעקן" א"אַ), אָבער זי ווערט אין דער ליטעראַטור דורכגעפירט מיט אַ גיכערן טעמפּ, ווי אין דער לעבעדיקער רייד (און דאָס גופא פֿאַרגיכערט שוין די פֿאַריידישונג אין דער לעבעדיקער רייד).

933. פֿון לינגוואָטעכנישן שטאַנדפּונקט דאַרף מען רעקאָמענדירן זיך האַלטן אין אויסשפּראַך ביי די פֿאַריידישטע פֿאָרמעס (כאַרקעוו, מאָסקעווע, דערשיינונג), אויף וויפֿל ס'איז נישט פֿאַרבונדן מיט קיין שפּראַכלעכן גוואַלדטאַט איבער זיך אַליין (אַ שפּראַכלעכער זעלבסצוואַנג איז — בכלל — נישט געוווּנטשן, וואָרים ער ווענדט דעם רעדערס אויפֿמערקזאַמקייט טיילווייז אויפֿן **פּראָצעס** פֿון רעדן, בעת ס'איז געוווּנטשן, אַז די גאַנצע אויפֿמערקזאַמקייט זאָל געווענדט זיין אויפֿן אינהאַלט פֿון רעדן).

אין שריפט אָבער דאַרף מען אָפּט מאַכן אַן אויסנאַם פֿאַר פערזאָן-נעמען, הייל זיי שפּילן אין אַ געזעיסער מאָס אַ ראָלע פֿון פרעמדע עלעמענטן, פֿון אידעאָגראַפֿישע צייכנס. ברייטער זיך אָפּשטעלן אויף דער אָרטאָגראַפֿישער פֿראַגע קען איך דאָ נישט.

## 7. שריפט און שפּראַך

934. די שריפט איז נישט קיין קאָפּיע פון דער גערעדטער שפּראַך. ערשטנס, איז זי נישט פאָנעטיש. צווייטנס, האָט זי נישט די רייכקייט פון דער לעבעדיקער אינטאָנאַציע (פּונקטואַציע איז נאָר אַ בלאַסער אָפּשיין פון דער ריטמיש-מעלאָדישער זייט פון רייד). דריטנס, האָט זי נישט די הילף-מיטלען פון זשעסטיקולאַציע, ווי אויך די אַרומשטעלונג פון דער לעבעדיקער רייד.

די שריפט קען נישט זיין קיין קאָפּיע פון דער גערעדטער שפּראַך. זי האָט מער פאַראַנטוואָרטלעכע פונקציעס, ווי די גערעדטע שפּראַך. „קלאַנג פאַרשווינדט, געשריבנס בלייבט". שריפט האָט אַ ברייטערן אָנווענד, אַן אומבאַגרענעצט ברייטערע „אוידיטאָריע", ווי גערעדטע שפּראַך.

די שריפט דאַרף גאָרנישט, וויל גאָרנישט זיין קיין קאָפּיע פון דער גערעדטער שפּראַך, עס לוינט איר נישט. זי האָט גאָר אַנדערע רעסורסן, מעכטיקערע אויסדריק-אופנים, ווי די גערעדטע שפּראַך.

ס'איז אַ שפּראַך פאַר זיך, אַ שפּראַך, וואָס איז אַנטשטאַנען, ווי ס'ווייזט אויס, זעלבשטענדיק פון דער גערעדטער שפּראַך, דערנאָך זיך דערנענטערט צו איר, געוואָרן כמעט אירס אַן אָפּשפּיגלונג, און ערשט דערווייטערט זי זיך ווידער פון איר, באַפרייט זיך, רייסט זיך אַרויס פון די ענגע רעמלעך פון דער גערעדטער שפּראַך.

935. די גערעדטע שפּראַך פאַרמאָגט נישט דאָס, וואָס די שריפט דערגרייכט אָפטמאָל מיט איר פּונקטואַציע (דאָרטן ווו זי שפּיגלט נישט אָפּ קיין אינטאָנאַציע, דהיינו אין לאַפּקעס אַלס ציטיר-צייכן). די גערעדטע שפּראַך מוז אָנקומען צו סוראָגאַטן (פון שטאַנדפּונקט פון שריפטשפּראַך), כדי אונטערצושיידן דאָס, וואָס די שריפט שיידט נאַטירלעך אונטער (צ.ב. „דו היצט זיך" און „דו היטסט זיך"). די גערעדטע שפּראַך פאַרבייט אויף סוראָגאַטן די טיילונג פון אַ טעקסט אויף אָפּזאַצן, די „לאָגישע" (נישט אינטאָנאַציאָנעלע) אונטערשטרייכונג.

דאָ מעגן דערמאָנט ווערן אויך גרויסהאַנטיקע אותיות. אין יידיש זענען זיי נישטאָ—קיין אומגליק נישט. אָבער ווו זיי זענען פאַראַן, זענען זיי א רעסורס, וואָס די גערעדטע שפּראַך פאַרמאָגט נישט.

936. די שריפט, וואָס איז באַשטימט צו לייענען מיט די אויגן, האָט קיין מורא נישט פאַר פאָנעטיש-שווערע ווערטער, זי האָט קיין

מוראָ נישט פאַר אַזעלכע אויסבילדונגען, ווי „צוקעררער, שוואַרצ-ציינערדיק“, וואָס ווערן אין גערעדטער שפּראַך זיין נישט פאַרשטאַנדיק אָדער שווער פאַרשטאַנדיק. זי פאַרמאָגט העכערע סינטאַקסישע פאָרמעס (קאָמפּליצירטע צונויפגעזעצטע באַהעפטן, קאָמפּליצירטע באַהעפטן-סיסטעמען).

אַזאַ קאָנסטרוקציע ווי: „די מאַטעריאַלן און באַשטעלונגען, וועלכע ווערן געשיקט ווערן אויף אַנדערע אַדרעסן, איז פאַר זיי די רעדאַקציע און קאָנטאָר נישט פאַראַנטוואָרטלעך“ („עמעס“) — איז אין דער לעבעדיקער רייד צו דערליידן (839). די לעבעדיקע רייד קען נישט באַהערשן קיין העכערע סינטאַקסישע פאָרמעס. די שריפט ליידט נישט אַזאַ נישט-קאָרעקטן זאַצבוי (אמת, דער ביישפּיל איז גענומען דווקא פון אַ געדרוקטן טעקסט, אָבער גראָד די צייטונג-שפּראַך לאָזט זיך אָפּטמאָל אַראָפּ צו דער גערעדטער שפּראַך אויפן חשבון פון דער סינטאַקסישער ריכטיקייט פון בוי).

די שריפט, וואָס האָט נישט דעם רעסורס פון „איבערפרעגן“, דאַרף זיין זאָרגזאַמער, ווי די גערעדטע שפּראַך, אין דער ריינקייט און ריכטיקייט פון אירע קאָנסטרוקציעס.

937. די שריפט האָט אידעאָגראַפישע טענדענצן, ד.ה. טענדענצן אויסצודריקן נישט קלאַנגען, וואָס גיבן איבער געוויסע באַטייטן, נאָר אויסצודריקן אוממיטלבאַר באַטייטן.

אין דער זעלביקער צייט פאַרלירט זי נישט די פעיקייט צו באַצייכענען קלאַנגען אַליין (אַפילו קלאַנגען אָן באַטייטן).

938. די שריפט האָט אַרויסגעבראַכט אַ נייעם מיטל צו פאַרשפּאָרן שפּראַך-ענערגיע—ווערטער-פאַרקירצונג. די אַלע היינטיקע „ראַטפּאָלקאָם“, קאָמפּאַרטיי, צעקאַ“ אדג"ל שטאַמען — היסטאָריש — פון דער ווערטער-קירצונג אין טעלעגראַמעס און טעלעגראַמע-אַדרעסן.

אויך דער שוין טויטער קירצונג-טיפּ י"ש (=ין-שרף) אדג"ל שטאַמט פון דער שריפט.

אמת, די גערעדטע שפּראַך האָט זעלבשטענדיק אויסגעאַרבעט אַן אַנדער סאָרט קירצונג: „דוסט נעמען, עסט נעמען, סטנעמען (דו וועסט נעמען), מירן זען (=מיר וועלן זען)“ אדג"ל. אויב אין דער שריפט מיידט מען אויס אַזעלכע פאָרמעס, איז עס נאָר צו באַדויערן. קירצונג פון שפּראַכפאָרמעס איז פּראָגרעסיוו. אין דעם פּרט איז דעריבער געווונטשן, אַז יעדערע פון די דאָזיקעביידע שפּראַכן (די גערעדטע

און די געשריבענע) זאָל אויסנוצן די דערגרייכונגען, צו וועלכע די אַנדערע איז שוין דערגאַנגען. די פּאַרקירצטע פאָרמעס פון דער לעבעדיקער שפּראַך דאַרפן לעגאַליזירט ווערן אין דער שריפט.

939. די שריפט איז אַ שפּראַך. זי אַרבעט אויס אין אַ געוויסער מאָס אַן אייגענע גראַמאַטיק, וועלכע איז אָפטמאָל רעגלמעסיקער, ווי די גראַמאַטיק פון דער גערעדטער שפּראַך. אין דער גערעדטער שפּראַך איז אין „פאַרנעמעןְ״ דער פּרעפּיקס „פאַר״. און אין farixtn— „פאַ״. אין דער שריפט איז איןביידע פאַלן („פאַרנעמען—פאַרריכטן״) דער פּרעפּיקס „פאַר״.

מע קען רעכענען, אז די שריפט גייט אויפן וועג אויסצואַרבעטן אַפילו נייע מאָרפאָלאָגישע פאָרמעס. א ביישפּיל איז די מערצאָל־בילדונג דורך פאַרטאָפּלונג: ח׳ = חבר, ח״ח = חברים, וואָס שטימט מיט דער אידעאָגראַפישער טענדענץ פון דער שריפט.

# אינהאַלט

זײט

